ב. עפשטיין

# די זון איז פאַרגאַנגען אין דרום




1968

ב. עפשטיין / די זון איז פאַרגאַנגען אין דרום

**B. EPSHTEIN**
**DI SUN IS FARGANGEN IN DOREM**


י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, אלנבי 31
I. L. Peretz Publishing House
31, Allenby St., Tel-Aviv, Israel

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון יידישן
ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל

הילע געצייכנט פון א ב ר ה ם  אַ מ אַ ר אַ נ ט (קיבוץ מזרע)





נ ד פ ס  ב י ש ר א ל
Printed in Israel 1968

דפוס „אורלי״, תל־אביב, טל. 32062

# אַריינפיר

דאָס דאָזיקע בוך איז דער לעצטער טייל פון דער טרילאָגיע, וואָס שילדערט אויף אַ קינסטלערישן אופן דעם גורל־וועג פון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. אין ערשטן באַנד, „זאַנגען אויפן ווינט", לייענען מיר די בראשית־פרשה פון די גרינדער פון ייִדישן דאָרף אין אַרגענטינע. זייער פּיאָנערישע מסירת־נפש אין די וויסטעניש פון דער פּאַמפּאַ איז געקומען צום אויסדרוק אין איינער פון די גרעסטע פאָלקס־עפּאָפּעעס און אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט בכלל.

אין צווייטן באַנד, „דורך דעם גרינעם טויער", האָבן מיר פון דער נאָענט געלערנט די פּראָבלעמען, אויף וועלכע דאָס דאָרף שטויסט זיך אָן, נאָך דעם ווי עס האָט זיך אויבערפלעכלעך עקאָנאָמיש פאַרפעסטיקט. די צעברעקלונג פון זיינע יסודות קומען איצט, נישט צוליב די שווערע קלי־מאַט און נאַטור, ווי אין די ערשטע יאָרן, נאָר צוליבן אינערלעכן גערענגל. אין אָט דעם געראַנגל שפּירט מען שוין די ערשטע טריט פון דער נאָענטער דעקאַדענץ.

און דאָ, אין דריטן באַנד, צעלייגט זיך דער שוואַרצער שאָטן פון צע־פאַלונג איבער די דערגרייכונגען פון מער ווי צוויי דורות. אויף אַ סימבאָ־לישן אופן — און דאָס סימבאָלישע איז דאָך דער עיקר אינעם בוך, וואָס איז אַ ראָמאַן אין זיין פאָרעם און דורך דעם רופט ער אַרויס מער אינטערעס ביים לייענער — ווייזן זיך די צייכנס פון אָט דער אַנטוויקלונג, פונעם גורל פון דעם גרינדער פון דאָרף, וואָס ענדיקט זיין „קאַריערע" אין מושב־זקנים.

דער לעבנסוועג פון זיין, ניאָמעס, זון איז נישט קיין איינהייטלעכער. ער איז אַ רעוואָלוציאָנער פון צאַרישן רוסלאַנד און היינט איז ער אַ מוסטער־פויער, וואָס קלאַמערט זיך מיט די נעגל אינעם באָדן. אָבער זיין שונא

קומט אויף אים דורך זיינע קרובים, וואָס זענען אַוועק אין שטאָט, און אין זיין פרוי, וואָס אויך זי חלומט וועגן גרויסשטאָטישן לעבן און באַמיט זיך אָפּצוווענדן אַהין דעם זון. דער איינציקער זון גיט נאָך דעם דרוק פון דער מוטער און איז גרייט צו פאַרלאָזן די קאָלאָניע, כדי זיך אַנצושליסן אין דער מחנה פון קינפטיקע „דאָקטוירים״, וואָס האָבן איבערגעלאָזן די ערד און אויסגעוויילט צו זיצן אין דער גרויסשטאָט.

און דאָ קומט דער „העפּי־ענד״, וואָס וועגן אים חלומט זיכער דער מחבר, ווייל צום סוף שליסט זיך דער יונגער בחור פון דאָרף נישט אָן צו דער דאָקטוירים־מחנה, נאָר אין אַ חלוצישער גרופּע, וואָס זוכט איר וועג קיין ארץ־ישראל. און ער ציט נאָך זיך דעם פאָטער און דער מוטער. אַזוי ווערט פאַרווירקלעכט דער איבערגאַנג פון יידישן דאָרף פון אַרגענטינע צו ערד־אַרבעט אין אייגן לאַנד. דאָס איז דער בכבודיקסטער אופן און אויסגאַנג אינעם קריזיס פון דער קאָלאָניע אין אַרגענטינע און אַ המשך פון דער אַמאָליקער שטרעבונג צו לעבן אויפן שויס פון דער נאַטור, דאָס מאָל — אין ארץ־ישראל.

אָבער דאָס איז נישט די איינציקע פאָרעם פון פאַרלאָזן דעם דאָרף און אויך נישט די וויכטיקסטע. אַרום דעם יונגן בחור פון דער חלוצישער באַוועגונג און אַרום זיין פאָטער און זיידן, גייט דורך אַ לאַנגע גאַלעריע פון טיפּן, וואָס זייער וועג האָט נישט געפירט דווקא פון דאָרף קיין ארץ־ישראל, נאָר צו דער גרויסשטאָט; זיי האָבן נישט געפירט מער דעם אַקעראייזן, נאָר די וואָג און די מאָס פון סוחרים אָדער די אינטערעסן פון דאָקטוירים. געווען זענען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט מלאכה, געקליבן סענט צו סענט, ביז זיי האָבן זיך אויך עקאָנאָמיש באַפעסטיקט; געווען זענען פריִע פּראָפעסיאָנאַלן, שרייבער, זשורנאַליסטן און אַנדערע. עס זענען געווען פאַלן, ווען דאָס אַנטלויפן פון דאָרף איז געמאַכט געוואָרן אָן שום וואַקלענישן; אין אַנדערע פאַלן איז עס באַגלייט געווען מיט געוויסנסביסן סיי ביי די מענער און סיי ביי די פרויען. די בענקענישן צום דאָרף פון וואַנען זיי זענען אַוועק, האָבן יאָרן־לאַנג גענאָגט די נשמות און גאָר אָפט האָט מען געוועבט פאַרשידענע פּלענער, ווי אַזוי צו העלפן דאָס דאָרף און ווי אַנצוהאַלטן די פאַרבינדונג מיט אים. אָבער דאָס געמיינזאַמע ביי אַלעמען איז דער פאַקט, אַז זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס דאָרף

אויף שטענדיק, אָן אַן אויסקוק אויף צוריקקערן זיך ווען עס איז אין אַרגענ־טינער דאָרף — טראָגן אַלע בענקענישן און טראָגן אַלע חלומות. עס זענען פּאַראַן פאַלן פון עליה קיין ארץ־ישראל, אייניקע וועלן אַפילו געפינען דעם וועג צום דאָרף, אָבער די פרשה פון פאַרבינדונג צווישן זיי און דער ערד אין אַרגענטינע געהער שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט — אין אַלע פאַלן.

דאָס איז דער רויטער פאָדעם, וואָס ציט זיך דורך דער טרילאָגיע פון ב. עפשטיין און וואָס פאַרענדיקט זיך אין אָט דעם דריטן באַנד. דאָס איז פאַקטיש די געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין דער וויטער אַרגענטינע, אין אַ קינסטלעריש־בעלעטריסטישער פאָרעם. עס פעלן נישט אין די ביכער די עיקרדיקע פרטים, אָנהייבנדיק פון דער פּיאָנערישער באַפליגלטקייט ביים אויפקום פון דער קאָלאָניזאַציע, וואָס האָט איר געגעבן כח בייצושטיין די האַרטקייט פון דעם קלימאַט און דער נאַטור, קעמפן קעגן דער אַסימילירטער ביוראָקראַטיע פון דער באַראָן־אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט אָפט סאַבאָטירט די אונטערנעמונג — און ביז צו דער שטילער שקיעה אין זיין טראַגישן אויסדרוק, וואָס האָט אָנגעהויבן צעפרעסן די יסודות צוליבן צוציִונגס־פּראָצעס פון דער שטאָט, וואָס קעגן דעם האָט מען נישט געקענט ביישטיין, ווי מען איז בייגעשטאַנען קעגן אַנדערע שטרויכלונגען. אַפילו דער „העפּי־ענד“, וועלכן מיר האָבן אויבן דערמאָנט, איז נישט נאָר די גייסטיקע פאַרשטעלונג פונעם מחבר אַליין; עס זענען פאַראַן אַ סך, וואָס טרוימען וועגן סוף פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, נישט נאָר דורכן אַריבערגיין פון אירע תושבים קיין בוענאָס־איירעס אָדער אַנדערע שטעט, נאָר דורכן אַריבערפירן זיי טיילווייז קיין ישראל און דאָרט זאָלן זיי פאָרזעצן די עפּאָפּעע פון יידישער ערדאַרבעט. אָט דער חלום האָט זוכה געווען, ווי עס ווייזט זיך איצט אויס, צו אַ גאָר וויכטיקער פאַרווירקלעכונג: צווישן די הונדערטער, און היינט טויזנטער, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַרגענטינע קיין ישראל, פעלן נישט פון די אַנשי הקאָלאָניעס, און אַזוי אַרום ווערט פאַרווירקלעכט דער טרוים פון איינעם פון די גרויסע נדיבים, אפשר דער גרעסטער פון אַלע דורות, נישט אויף אַרגענטינער ערד, — לויט זיין פּלאַן, — נאָר אויפן באָדן פון ארץ־ישראל.

פון דעם באַדאַרף מען נישט אַרויסדרינגען, אַז דאָס איז אַ ריין געשיכט־לעך ווערק, ווען אַפילו געשריבן אויף אַ קינסטלערישן אופן. אין דעם ווערק איז פאַראַן פיל מער; עס איז אין אים פאַראַן אַ טיפער צובונד צו

דער אַרגענטינער ערד, אַ פֿאַרבינדונג מיט דער לאַנד־נאַטור, מיט דער באַ־פעלקערונג, דער ייִדישער און אַלגעמיינער. דאָס בוך האָט געקענט געשריבן ווערן נאָר דורך איינעם, וואָס איז אַליין געבוירן אין דער אַרגענטינער ייִדישער קאָלאָניע, געקעמפט פאַר איר עקזיסטענץ, געחלומט איר חלום און דערצו — באַגאַבט מיט אַ סך קינסטלערישן טאַלאַנט.

מיט אַ סך יאָרן צוריק איז אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן אַ דאָרפֿט־קולטור אויף דער אַרגענטינער ייִדישער ערד, ווי אַ קרוין־שאַפונג פון דער קאָלאָניזיר־אונטערנעמונג. דאָס האָט געדאַרפט אויסדריקן די גייסטיקע דערהויבנקייט פונעם פאָלק אין זיין פאַרבינדונג מיט דער ערד, וואָס איז אויסגעלייזט געוואָרן פון איר פאַרלאָזנקייט דורך קרבנות פון די בעסטע קינדער פון פאָלק. אָט דער טרוים האָט נישט זוכה געווען צו אַ פּאַקטישער פאַרווירקלעכונג. מען האָט געמאַכט אַ סך פרווון: עס זענען פאַראַן אומ־צאָליקע דערציילונגען און לידער וועגן לעבן פון ייִדן אין אַרגענטינע בכלל און אין דאָרף בפרט; אָבער אין די מערסטע פון די שאַפונגען איז נישט פאַראַן דער גרויסער ליטעראַרישער פאַרמעסט, וואָס זאָל עפענען נייע וועגן, און אַוודאי איז נישט פאַראַן אין זיי די גרויסע און טיפע ליבע צום באָדן, וואָס נאָר פון איר קען אַרויסשפּראָצן אַ נייע קולטור. מיר זענען באַ־קאַנט צוויי פאַלן, וואָס אין אַ געוויסער מאָס דערנענטערן זיי זיך צו דער פאַרווירקלעכונג פון אָט דעם חלום: דאָס בוך פון אַלבערטאָ גערשונאָוו „די ייִדישע גאַוטשאָס", און די טרילאָגיע פון בן־ציון עפשטיין. איך וויל נישט מאַכן קיין פאַרגלייך צווישן די ביידע שאַפונגען על פי זייער קינסט־לערישער הויך; דאָס וועלן מאַכן מומחים אויפן געביט פון ליטעראַטור. אָבער אויב מען האָט אין זין די דינאַמישקייט פון די ענינים, וואָס האָבן אַן אָרט אין אָט דעם תחום, ווייזט מיר אויס, אַז דער בכורה־פּלאַץ קומט עפ־שטיינען. גערשונאָוו באַנוגנט זיך מיט שילדערן די עקזיסטירנדיקעווירק־לעכקייט, און אויף אַ זייער קינסטלערישן אופן. אָבער עפשטיין פרווט אַריינדרינגען און פאַרשטיין דעם לאָגישן גרונט אין דער געשיכטע פון אָט דער קאָלאָניזאַציע, איינע פון די וויכטיקסטע אין דער ייִדישער געשיכטע — אַפילו ווען אָט די לאָגיק פירט צו טראַגישער פאַרוועלקונג, אָדער איז אַן איבערגאַנג־שאַפונג, וואָס איז געשריבן געוואָרן אויף אַרגענטינער ערד, צו אַ צווייטער פרשה, וואָס זיין יסוד איז דער באָדן אין אייגענעם לאַנד.

דערפאַר איז גרויס די גענעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון אָט דער טרי־לאָגיע ווי אַ צוגאָב צו איר קינסטלערישן ווערט. אין מיין הקדמה צום ערשטן באַנד „זאַנגען אויפן ווינט", האָב איך אויסגעדריקט מיין האָפענונג, אַז ער וועט זוכה זיין צו אַ העברעיִשער איבערזעצונג, ווייל ער פאַרדינט געלייענט צו ווערן אין אונדזער לאַנד. די דאָזיקע האָפענונג האָט זיך טאַקע פאַרווירקלעכט. אויך דער צווייטער באַנד איז שוין אַרויס אין עברית, און מיין ווונטש איז, אַז אויך דער דאָזיקער זאָל איבערגעזעצט ווערן. דאָס איז איינער פון די יסודותדיקע ווערק פון דאָרפס־קולטור, ווי אַן אויסדרוק פון יידישן לעבן, און עס איז ראוי צו פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון יידישער שאַפונג.

**פּראָפ. אריה טאַרטאַקאָווער**

**ירושלים, ניסן תשכ"ז**

ערשטער קאַפּיטל

# אַ בלאַט אין פֿו־עמדן גאָרטן

חול־המועד־פּסח אין אַרגענטינער פעלד פּאַלט־אויס אין אַ נישט סטאַבילן האַרבסט־וועטער. דער פייכטער „פּאַמפּאַ"־ווינט פאַרמעסט זיך מיט זיין שמייסן איבער די אָפענע פעלדער, וואָס בייטן איצט זייערע קאָלירן; די מאַיס־פעלדער געלבן זיך אַנטקעגן דעם בלייכן זון־אָפּשיין — אַן אָנזאָג אויפן ווינטער און אויף איינזאַמלען די קאַטשענעס.

די שטחים פונעם ווינטער־פאַרזיי האָבן זיך שוין אונטערגעגעבן און זיי ליגן איצט אונטער אַ גרוי־ברוינלעכן צודעק. זיי זענען גלאַטיק אויס־געקעמט געוואָרן פון די בראָנעוועס, צעשטויבט און צעריבן זענען אַלע אויפגעריסענע גרודעס. דאָרט, ווו דער אַקער־אייזן האָט נישט באַוויזן איבערצוקערן די ערד־קאָרע, איז אויפגעגאַנגען אַ געדיכטע גרינע פּאַשע פון די תבואה־קערנער, וואָס זענען פון דער געריטעניש אויסגעשאָטן גע־וואָרן און אויסגעמיטן די ציינער פון דער דרעשמאַשין.

ביי די וועגן און סטעזשקעס הייבן אָן צו וויאַנען די קיילעכדיקע „קוריי"־קוסטעס, און אָט באַלד — מיטן אָנווייען פון די שטאַרקע ווינטן און פרעסט — וועלן זיי זיך אויסוואָרצלען און קייקלען זיך אָן אָפּהאַלט איבער די נאַקעטע אויסגעגלעטע פעלדער, ביז זיי וועלן אָנשלאָגן און פאַרטשעפּען זיך אָן די דראָטענע צוימען.

„די בערן קייקלען זיך שוין"! — שרייען אויס די קינדער מיט התפּעלות, אָבער אין זייערע הערצער שלאָגט אַ נישט קלאָרער פּחד פאַר די דערנער, וואָס באַקומען אין געלויף פאַנטאַסטישע געשטאַלטן. זיי לויפן און קענען נישט דערגרייכן איינס דאָס צווייטע, פונקט ווי לויפנדיקע דריי־ענדיקע רעדער אין וואָגן... דערווייל איז נאָך דאָס וועטער נאָכגיביק און

לעבלעך, די פּרעסט זענען זענען נאָך נישט געקומען, די „קוריי"־פּלאַנצן זענען נאָך צוגעקלאַמערט צום באָדן, און די מאַיס־פעלדער בייטן זייער געלב־קאָליר גאָר לאַנגזאַם.

אין דער קאָלאָניע איז איצט די פּאַסיקסטע צייט צו פאָרן שפּאַצירן און אָפּצושטאַטן באַזוכן ביי שכנים, נאָענטע און ווייטע. חול־המועד־פּסח אָדער סוכות איז די אויסגעבענקטע תקופה, ווען פריינד און גוטע־פריינד פון דער געגנט אָדער פון מער פאַרוואָרפענע געגנטן, שפּאַנען איין די סולקיס און לאָזן זיך אַראָפּ מיט אַ טייל פונעם הויז־געזינד, כדי אָפּצושטאַטן לאַנג צוגעזאָגטע באַזוכן.

איצט רוישט עס און הודזשעט אין די קאָלאָניסטישע הייזער. נישט געקוקט, וואָס מען האָט זיך געמוזט אַ ביסל איינשרומפּן און זיך קוועלן צוליבן אָנלויף פון די געסט, האָט דאָך אַ היימלעכקייט פאַרפלייצט די צעשפּרייטע און צעוואָרפענע קאָלאָניע־שטיבער. דאָס איז יענע היימלעכ־קייט, וואָס פאַרגיטיקט אין די קורצאָטעמדיקע טעג פאַר לאַנגע חדשים און יאָרן פון שווערער אַרבעט און פון איינזאַמקייט.

אויך ביי ניאָמע ליפּמאַן האָט אין אָט די טעג גערוישט און געברויזט. אָפּגעשאַרט, ווי דורך אַ וווּנדער, איז געוואָרן די איינטאָניקייט פון פאַר־גליווערטן לעבן. אַפילו באַשקע, וואָס האָט אַזוי אָפט זיך פאַרנורעט צווישן די פּוכיקע פּערענעס און קרעכצנדיק פאַרזונקען דאָרט איר בינטל ביי־נער — אויך זי האָט איצט כמעט ווי פאַרגעסן אָן אירע נאָגנדיקע ווייטיקן. עס האָט אויסגעזען ווי איר רעוומאַטיזם, האַרצשלאַפקייט און אַנדערע מי־חושן, זאָלן האָבן איינגעשטילט צוליב די אָנקומענדיקע געסט. זי האָט זיך באַמיט צו האַלטן פּאַסאָן, אפשר כדי נישט צו דערוועקן אין זייערע אויגן אַ רחמנות־בליק צו איר נעבעכדיקן צושטאַנד — אָדער זיי זאָלן, חס ושלום, נישט פילן זיך אומבאַקוועם. זי האָט געשמייכלט צו די אָנגע־קומענע מיט יענעם ווייכן שמייכל, מיט וועלכן מען נעמט אויף אַ לאַנג דערוואַרטן גאַסט.

געקומען איז די שטומע שנור מיט די דריי קליינע קינדערלעך, וואָס האָבן געלויכטן ווי קליינע פּרינצן, אָבער מיט שטומע צינגער. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אומפאַרשטענדלעכע קולות, געפאָכעט מיט די הענט און דערביי האָבן זייערע פּנימלעך זיך מאָדנע געקרימט, ווי צו בעטן פון עמעצן הילף. באַשקעס האַרץ איז צעשניטן געוואָרן אויף שטיקער, און כאָטש

נישט ווייניק יאָרן זעט זי דאָס זעלבע, שרייט עס אין איר שטענדיק פון דאָס ניי.

מאיר איז נישט געקומען מיט דער משפחה. ער איז אָנגערירט גע־וואָרן פון אַ לונגען־קראַנקייט און די דאָקטוירים האָבן אים געראָטן צו פאָרן קורירן זיך אין די טרוקענע קאָרדאָבער בערג. היות ווי עס האָט אויסגעזען, אַז ער וועט דאָרט דאַרפן פאַרבלייבן אַ לענגערע צייט און מעגלעך זוכן דערוויילל אַ באַשעפטיקונג, האָבן דערוויילל רייזל מיט די קינדער אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביי שווער און שוויגער מיטן אויסקוק, אַז אויך זיי וועלן בקרוב אָפּפאָרן אין די ווייטע בערג און עס וועט נעמען אַ לאַנגע צייט ביז זיי וועלן זיך ווידער זען.

אויפגעהייטערטע און אויפגעלייזטע אין דער נייער סביבה, אין וועל־כער זיי זענען אַריינגעפאַלן, האָבן די דריי קינדער געפונען אַ ברייטן שטח זיך צו פאַרווילן און נישט צו פלאָנטערן זיך צווישן די פיס פון דערוואַק־סענע. זיי האָבן אָנגעפילט דעם הויף מיט זייערע אומפאַרשטענדלעכע קולות, וואָס נאָר זיי אַליין האָבן פאַרשטאַנען זייער באַדייטונג. באַשקע האָט נישט איין מאָל פון דער ווייטנס געכאַפּט אַ בליק און נאָכגעקוקט זייי־ערע באַוועגונגען. צייטנווייז האָט זי ווי אַוועקגעטראָגן זיך אויף יאָרן צוריק צום קליינעם שטעטל, ווען אירע קינדער זענען נאָך אַלע געווען אונטער איר השגחה און זי האָט נאָך געשפינט די גאָלדענע חלומות פון יעדער מאַמע — און איצט ?...

און נאָך געסט זענען אָנגעקומען — אַזעלכע, וואָס האָבן מיט זייער באַווייזן זיך אַרויסגעטריבן ווי דורך אַ ווונדער די איינגעביסענע סומנע־קייט, וואָס איז געלעגן אויפן געמיט פון דער משפחה, ווי דער גרינער מאָך פון אַ לאַנגן ווינטער. מענדל מיט זיין פרוי הינדע האָבן זיך אַהער אַראָפּ־געיאָוועט פון דער קאָלאָניע פון די „ליטוואַקעס". מענדלס שפּרודלדיקע גוטמוטיקייט האָט איבערגעגאָסן אַלע ווינקעלעך און אַרויסגערופן אַ שמייכל אויף אַלעמענס ליפּן. די שטוב פון ניאָמע ליפּמאַן איז איצט פול געוואָרן מיט מונטערע פאַרבן און קלאַנגען, ווי אין יענע טעג, ווען די קינדער זענען נאָך קליין געווען ; די בויט האָט טאָקע געגריזשעט דאָס אָרעמע לעבן, אָבער דער יונגער טומל האָט פאַרגיטיקט.

ניאָמע איז אין גאַנצן גראָ געוואָרן צו זיינע זיבעציק יאָר. זיין קורץ בערדל איז געווען ווי אויסגעשאָטן מיט אַ בלאַנקן ווייכן פּוך און די איינ־

צלנע שיטערע ציין זענען געשטאַנען אין זיין מויל, ווי סלופּעס, וואָס האַלטן אונטער דעם דאַך פון אַ חורבה...

מיט אַ פאַרלוירענעם שמייכל האָט ער אויפגענומען די געסט. ער האָט גענומען מיט פלינקע באַוועגונגען אויסשפּאַנען די פערד פון פאַר־שטויבטן פעדער־וועגעלע און זיי באַזאָרגט מיט נאַכטיקער קאָרמע. מענדל האָט זיך געלאָזט באַדינען און געפילט, אַז דורך דעם פאַרלויפן דעם וועג וויל דער אַלטער קרוב אים אָפּצאָלן פאַרלעגענע חובות פון ווייטע באַזוכן אין יענע אימיגראַנטישע יאָרן. אויסער דעם האָט ניאָמע אַזוי פלינק עס געטאָן, אַז דאָס אַריינמישן זיך וואָלט אים פּשוט באַליידיקט. האָט ער זיך באַגנוגנט מיט נאָכגיין אים און דערציילן נייע וויצן פון וועלכע ניאָמע האָט גוטמוטיק געלאַכט.

דערנאָך האָבן זיי זיך אַריינגעשטעלט זאַלבעדריט אין דער אָפענער טיר פון דער ברייטער קיך. עס האָט געשלאָגן אַ פייכטע וואַרעמקייט פון דער אָנגעהיצטער פּליטע, אויף וועלכער דער טשייניק האָט געזאָטן אַן אויפהער.

ניאָמע האָט זיך געאײַלט זיי אַריינצופירן אין שטוב און האַסטיק אַ פרעג געטאָן:

— און דער „פעטער"? ווי פילט זיך דער טאַטע דײַנער, הינדע?

פאַר אים איז דער אַלטער מאַן, מיטן היטל אין קורצן לעדערנעם דאַשעק אויף זיין ווייסן קאָפּ, וואָס ער האָט יאָרן נישט אויסגעטאָן, געווען דער אויסדרוק פון ווידערשטאַנד קעגן דער פּאָליטיק פון דער „געזעל־שאַפט". זינט ער האָט דורכגעפירט די מרידה און אָפּגעריסן די גרופּע פון די „ליטוואַקעס", וואָס איז אַוועק אויף אייגענער קעסט, איז די טעמע וועגן דער „געזעלשאַפט" נישט אַראָפּ פון זיינע פּולע און באַוואַקסענע ליפּן. מען האָט געקענט אַרויסטייטשן, אַז דער אַלטער איז נאָך נישט זיכער, צי יענער אימפּולסיווער שריט קעגן דער קאָלאָניזיר־קערפּערשאַפט איז טאַקע געווען אַ ריכטיקער...

— נו, איז וואָס מאַכט ער, דער פעטער? — האָט ניאָמע נישט אָפּ־געלאָזן — צי האָט ער שוין אויפגעהערט צו רעדן וועגן שטאַרבן אין ארץ־הקודש?

הינדע איז געשטאַנען נעבן דער אויסגעבעטעטער סאָפקע, וואָס איז נאָר וואָס פאַרלאָזן געוואָרן פון דער שוואַכער באַשקע. פונעם ווייסן געלעגער

האָט נאָך געשלאָגן דער ריח פון קערפּער און קאַנפער. הינדעס אויגן האָבן געלויכטן מיט פולן יוגנטלעכן גלאַנץ און איר געזיכט האָט נאָך געהאַט אַלע סימנים פון איר פּוכיקן נאַקן און איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן. די באַוועגונגען אירע האָבן דערציילט פון אַמאָליקע איינגענומענע וועלטן דורך איר, דער קראַסאַוויצע...

— דער טאַטע? ער איז איצט אין מושב זקנים... אַ טייל פון אָפּגע־שפּאָרטע פּעזעס האָט ער אָפּגעשיקט צו מאיר בעל הנס און דאָס איבע־ריקע — אָפּגעגעבן אין מושב־זקנים... מיר האָבן זיך נישט איין מאָל געבעטן: טאַטע, זיץ דאָ ביי אונדז, אין דיין פעסטונג... דו וועסט האָבן אַ רויִקע עלטער. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ס׳זענען אים נישט געווען צום האַרצן די נייע פּירונגען, דאָס פּוצן זיך און דאָס לויפן נאָך „ראָס־קאָש" — נישט פאַר ערד־אַרבעטער אַזעלכע זאַכן — פלעגט ער טענהן. ער איז געווען פאַרביטערט, דער טאַטע, וואָס די אייגענע פּירונגען צעברעקלען דאָס, וואָס די „געזעלשאַפט" האָט נישט געקענט צעשטערן.

— איצט איז ער אַ פינף און אַכציקער און זיצט אין מושב־זקנים — האָט הינדע פאַרענדיקט.

ניאָמע האָט אָפּגעווענדט זיין פּנים מיט אַ כיוון, אַז מען זאָל נישט זען זיין ביטערע גרימאַסע. דורך דער אָפענער טיר האָט ער דערזען אַ לאַנגן פּאַס פון גרין־געלע פּאַשע־פעלדער, וואָס האָבן זיך אַריינגעשניטן ביז צו די בלוילעכע בערג. זיי האָבן זיך שוין אויסגעבעט אין זייערע פאַרנאַכ־טיקע נעפּלען. ער האָט ווידער געאָטעמט מיט פולע לונגען.

און צופרידן איז ער געווען, וואָס באַשקע האָט פאַרלאָזן איר געלעגער און וואָס מענדל האָט אַליין זיך גענומען צוגרייטן די ביטערע מאַטע.

— איז וואָס, באַשינקע — האָט מענדל זיך געוויצלט — אַראָפּגעפאַלן ווי יוונים אין סוכה — מיר וועלן זיין ביי אייך נאָר שבת־צו נאַכטס אַ גאַנצן טאָג... און אַ זויערן קוגל קען איך נאָך אַליין צושטעלן אין דער רובע... מיין הינדעלע וועט לייגן אַ פּירקאַנטיק אייעלע און אַ פּרעזשע־ניצע וועט שוין נישט פעלן...

נישט געקוקט, וואָס די שטוב איז פול געוואָרן מיט געסט און מיט טומל, האָט זיך די ענגשאַפט נישט געשפּירט. גרויסע ענדערונגען זענען פאַרגעקומען אין די קאָלאָניסטישע הייזער אין די לעצטע פאַר צענדליק יאָר

און מען האָט כמעט נישט דערקענט יענע ערשטע אויפגעשטעלטע צימערן, וואָס האָבן פאַרביטן די קליינע איינגעהויקערטע ראַנטשאָס. איצט זענען אויפגעשטעלט שלאָפצימערן און אַ גרעסער צימער, וואָס דינט פאַר אַן עסזאַל און פאַר אויפנעמען געסט. וואָס אמת, ביז היינט זיצט מען נאָך די מיינסטע צייט אין דער רחבותדיקער קיך, ווו מען עסט, מען לייענט אין די אָוונטן, און דער טשייניק זידט זינגענדיק און היימיש.

צוואָלגערט איז שוין די ערדענע פּליטע, ווו יאָרן לאַנג האָט מען גע־הייצט מיט טרוקענע קוריי־גראָז און קו־קיזיק. איצט האָט יעדער קאָלאָ־ניסט אַן אייזערנע קיך, וואָס מען רופט דאָ מיטן נאָמען „קאָסינאַ עקאָנאָ־מיקאָ" (עקאָנאָמישע קיך) מען הייצט זי איך מיט שיין־געהאַקטע רעפּטעלעך האָלץ, און זי האָט אַ באַזונדער באַקאייוועלע. דער אַלטער אויסגעפּרוווטער אויוון קוקט אַריין אין קיך, און דורך די ווינטערנעכט פּייפט דער ווינט אין זיין קוימען. סיי ווי באַקט מען שוין קיין נישט קיין היימיש ברויט; דאָס ברויט ברענגט מען צוויי מאָל אין וואָך פונעם שטעטל. בלויז פּרייטיק שטעלט מען אַריין אינעם אייזערנעם בעקן פון דער נייער קיך עטלעכע טאָוועלעך מיט קיכלעך און טייגעכץ, אָנגעפּילטע מיט צימערינג און וואַ־רעניע. פון דעם קען באַשקע זיך נישט אָפּגעווינען, כאָטש זי איז מערסטנס צוגעבונדן צום בעט.

דער קליינער פאַררויכערטער נאַפטלאָמפּ איז אויך פאַרביטן געוואָרן דורכן מילכיק־ווייסן „פּעטראָמאַקס", וואָס צעגיסט זיין שפּעדיק ליכט אי־בער די צימערן.

דער גרויסער עסזאַל איז מערסטנס געווען צוגעשפּאַרט פון די לאַ־דנס, אָדער פאַרהאַנגען מיט אַ שווערן פאָרהאַנג. דעריבער איז דאָרט שטענדיק געווען טונקל און אַ טוכלעקייט האָט געזעצט אין נאָז. נאָר ווען אַ גאַסט פלעגט אַראָפּקומען, האָט מען אים דאָרט אויסגעבעט אַ בלאַנק געלעגער. אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט זיך צונויפקומען יוגנט און שכנים. מען האָט געקנאַקט סיעמעשקעס, געשפּילט אין פאַנטן אָדער אָנגע־שטעלט דעם גראַמאָפאָן, צו הערן די לידער פון מאַלי פּיקאָן אָדער אַ רעציטאַציע פון מאָריס שוואַרץ. אַ מאָל פלעגט מען זיך לאָזן אין אַ טאַנץ אונטער די קלאַנגען פון אַ וואַלץ, אַ טאַנגאָ אָדער גאָר פון אַ היימישן שערעלע...

אָבער די צייט האָט דאָ ווידער אַ מאָל געמאַכט אַ שאַרפן קווערשניט.

און ווידער אַ מאָל האָבן ענדערונגען זיך דורכגעטראָגן איבער די קאָלאָ־ניסטישע היימען. די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן. ווער עס איז אַוועק אין שטאָט, און ווער — נאָך דער חתונה — אין אַנדערע דערפער. די „געזעלשאַפט" האָט איר רעזערוו־באָדן ביי די קאָלאָניעס נישט באַשטימט פאַר יונגע פאָרלעך, נאָר פאַרדונגען אים צו גויים. דאָס האָט דערוויטערט און צעריסן די משפחות. ביים דערווייטערן זיך פון טאַטע־מאַמע נאָך דער חתונה, האָבן נישט אַלע דווקא אויסגעקליבן צו לעבן אויף ערד ערגעץ אין אַ ווייטן עק. אַנדערע, ווי הערשל מיט רבקהלען האָבן עס געטאָן, האָבן אויסגעבויט זייער נייע וווינונג עטלעכע צענדליק מעטער ווייטער פון די אַלטע־לייט און דאָס „רייבן זיך אַ פּלייצע אָן אַ פּלייצע" איז אויסגעמיטן געוואָרן.

דער נייער מצב האָט אַריינגעבראַכט אַ פּוסטקייט אין די צימערן, וואָס מ'האָט אַ מאָל מיט אַזוי פיל אייפער געבויט און אַזוי פיל קינדער־פרייד האָבן זיי אין זיך איינגעזאַפּט. די יונגע פריידיקע קולות זענען פאַרביי און געבליבן איז די רחבותדיקע שטילקייט פון אַ פאַרלאָזענער נעסט. אין די טוכלע צימערן האָט געפעלט דער מענטשלעכער אָטעם. דער נאַכטיקער קרעכץ פון שלאָף אַרויס און דער געערוך פון צעהיצטע געזונטע לייבער, וואָס האָט פון שטענדיק אָן צוגעזאָגט דעם געגאַרטן המשך.

צייטנווייז קומען אַהער אַראָפּ די אויסגעגעבענע קינדער אויף די זומער־וואַקאַציעס, און די אייניקלעך פילן ווידער אָן די ווינקעלעך מיט פרייד. אָבער מיט זייער אָפּפאָרן קערט זיך אום די סומנעקייט פון גרויען האַרבסט. די קילע צימערן מיט די ערדענע אויסגעגלעטע פאָדלאָגעס פאַר־זינקען ווידער אין די שאָטנס.

אין אָט די שטילע, געוויינלעכע טעג, איז די גרויסע קיך געוואָרן דאָס זיצאָרט נישט בלויז פאַר די שטוביקע, נאָר אויך פאַר שכנים, וואָס פלעגן אַ מאָל זיך אַראָפּכאַפּן, דורכן טאָג אָדער אין אָן אָוונט, צו פירן אַ שמועס ביי אַ ביטערער מאַטע, וואָס איז אומגעגאַנגען פון מויל צו מויל. נישט נאָר האָט מען דאָ געגעסן און געלייענט אין די אָוונטן, ביז דער שלאָף האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די מידע אויגן — אַפילו די קראַנקע באַשקע האָט אויס־געבעט איר געלעגער אין קיך, אַבי נישט צו זיין אַליין אין דער אָפּגעלייג־טער שלאָפשטוב. די וואַרעמע היימלעכקייט און די ריחות פון געקעכץ האָבן איצט געדינט ווי אָן אומבייט פאַר די יוגנטלעכע לוסטיקע קולות. די אילו־

זיע פּאָר צוריקגעקערטע טעג און איבערלעבונגען האָט דאָ זיך אויסגע־וואַרעמט...

איז מען געזעסן אינעם שפּעטן נאָכמיטאָג פון פריען האַרבסט און געפּריט אַ רויִקן געשפּרעך. אויף דער געשפּרענקלטער צעראַטע, וואָס האָט צוגעדעקט דעם טיש איז געשטאַנען אַ גרויסע וואַזע, אַ פולע מיט היימישן פּסח־געבעקס, קרישלדיקע און ווייך־פּוכיקע, וואָס באַשקע האָט, קוים שטייענדיק אויף אירע שוואַכע פיס, באַוויזן אָפּצובאַקן, איידער זי איז געפאַלן אויפן קראַנקנבעט. די שוימיקע מאַטע איז געגאַנגען אַהין און צוריק.

— יאָ, וועגן פּעטער? אין איינעם אַ טאָג וועט איר זיך וווּנדערן: ער וועט נאָך מאַכן אַ רעוואָלוציע אין מושב־זקנים. אַ מענטש, וואָס קען נישט איינשטימען מיטן סדר־העולם! ער איז ווי אַ בלאַט, וואָס וויל נישט זיצן רויִק אויף דער צווייג... — מענדל האָט געוואָלט וויזן ווי גוט ער קען זיין שווער.

— נישט אין גאַנצן ווי דו זאָגסט, מענדל — האָט הינדע זיך גע־איילט צו פאַרריכטן — ער איז ווי אַן אָפּגעריסענער בלאַט, וואָס וואַל־גערט זיך אין פרעמדן גאָרטן. קיינער קען אים נישט און וויל אים נישט פאַרשטיין.

ניאָמע האָט אָפּגעווענדט דעם שמועס אויף זייטיקע וועגן. אָבער זיין מוח איז פול געווען מיט די געדאַנקען, וואָס לאָזן אים נישט צו רו. דערפאַר האָט ער טאַקע אַזוי נאָכגעפרעגט וועגן גורל פון יענעם רעבע־לירנדיקן ווידערשפּעניקן זקן. צי איז דאָס דער לעצטער קאַפּיטל פון אַ קעמפערישן דור, צו וועלכן אויך ער, ניאָמע, האָט עפּעס בייגעטראָגן? וווּהין וועט ער אַוועקגעטראָגן ווערן דורך די ווינטן פון דער נייער צייט? נאָר נישט אין מושב־זקנים... נאָר נישט אַהין...

אָפּגעבויגן זיך ווי אַ פאַרפאַלגטער פון די זלידנע געדאַנקען — האָט ער באַטראַכט דאָס אַלבאָמער־געזיכט פון דעם פּעטערס טאָכטער. מיט איר ווייסן קאָפּ האָר און מיט אירע העלע גוטע אויגן, האָט זי איצט מער אויסגעזען ענלעך צו איר פאָטער, ווי ווען עס איז. פאַר אים איז דער פּעטער נישט בלויז געווען דער געשוווירענער קעמפער קעגן דער „מומען" (אַזוי האָט מען מיט חוזק באַצייכנט די „געזעלשאַפט"), נאָר דער ביישפּיל פון אַ מענטש, וואָס קען יעדן שריט זיינעם און איז גרייט

צו יעדער געפֿאַר. זיין ווייסע לאַנגע באָרד איז געווען צעפּלאָשעט אויף צוויי און די אַראָפּגעהאָנגענע וואָנצעס האָבן אים צוגעגעבן אַן אָנבליק פֿון עקשנות. אָבער אין די ווייך־העלע אויגן פֿון דער טאָכטער איז נישט געווען קיין סימן פֿון אויסדויער און האַרטקייט.

אין דער אָפֿענער טיר האָט זיך אַריינגעשטעלט די ברייטע געשטאַלט פֿון הערשלען, זיין זון, וואָס איז געזעסן אין דער אויסגעבויטער דירה אַ פּאָר צענדליק מעטער פֿון דאַנען. מיט זיינע פֿאַרקאָשערטע אַרבל און אָפֿענער צעכראַסטעטער ברוסט, האָט זיין עטוואָס צעוואָקסענע דיקלעכקייט אים געמאַכט עלטער און אויך נידעריקער. פֿון זיין אַמאָליקן יוגנט־לעכן עלעגאַנטן גוף האָבן זיך אַרויסגעזען נאָר שוואַכע שפּורן.

צווייטער קאַפּיטל

## ביי אונדז איז אָרעם — אָבער וואַרעם...

דעם וועג צווישן זייך וווינונג און דער שטוב פון די עלטערן פלעגט הערשל דורכמאַכן עטלעכע מאָל אין טאָג. אַפילו אין די געוויינלעכע אַרבעטסטעג האָט ער נישט אויסגעמיטן זייער הויז. דעמאָלט האָט ער, אָדער רבקהלע, זיך אַריבערגעכאַפּט אין אַ פרייער מינוט, געוווּיר צו ווערן, וואָס די מאַמע מאַכט און דערביי זאָרגן פאַר אַ לעפל וואַרעם געקעכץ.

זייער וווינונג איז געווען גענוג אָפּגעשיידט, אַז רבקהלע זאָל זיך פילן אין גאַנצן זעלבשטענדיק אין איר הויזפירונג, און דערביי זיך געפונען גענוג נאָענט, אַז די פאַרבינדונג, אין אַ נויט און אין אַ פרייד, זאָל זיין אַ שנעלע און אַ שטענדיקע.

באַזונדערס האָבן זיי זיך באַמיט נישט איבערצולאָזן אַליין דאָס אַלטע פּאָרפאָלק אין די אָוונטן, ווען די פינצטערניש האָט זיך אַראָפּגעלאָזן ווי אַן אימהדיקער פאָרהאַנג איבער די פעלדער און אין שוואַרצן אָרום האָט געשטאָכן מיט איינצלנע ציטערדיקע אויגן־פאַקלען פון די ווייט־צעזייטע הייזער. נאָכן איינשלעפן דעם קליינעם דודן, האָבן זיי זיך דורכגעשלייכט צווישן די שיטערע טאַמאַריסקן־ביימער און מיטן שמאָלן שטעגעלע — דורכגעקרייצט ביידע הייף. דער טאַטנס שטוב איז געשטאַנען אין סאַמע מיט פונעם בערגל, ווו במשך יאָרן־לאַנג, אין יענער בראשית־תקופה פון זייער אָנקומען אַהער, האָבן זיי געוווינט אין דער איינגעהויקערטער „ראַנטשאָ״, וואָס איז מער ווי האַלב געווען איינגעגראָבן אינעם באָדן. ווינטער האָט זיך דאָרט געפילט אַ פריקרע וואַרעמע טוכלעקייט און זומער איז זי געווען ווי אַ מקלט קעגן דער היץ. איצט שטייט די שטוב, וואָס די משפחה האָט אויסגעבויט מיט די אייגענע הענט, געקנאַטן דאָס

ליים מיט די פיס, צוגעשאָטן שטרוי און גנוי און געגאָסן עס אין גרויסע הילצערנע פאַרמען. די „לאַמפּאַטשן" האָט מען נישט געברענט, נאָר אויס־געטריקנט אויף דער זון. געבויט האָבן זיי מיט דער הילף און מיט די פלינקע הענט פון זשאַמע קוריס, דער איינזאַמער מאַן, וואָס איז געקומען צו זיי ווי אַ וווּנדער, געזונגען זיינע יידישע און קאָזאַצקע לידער און לסוף דערשטאָכן געוואָרן דורך דער האַנט פון אַ באַנדיט, דעם איידעם פון דאָן קאַסטראָ.

איצט איז די „שעקעטורע" (אָן אויסגעגלעטע שיכט פון ליים אויף די ווענט) אַ ביסל אָפּגעריבן און דער קאַלך — אָפּגעשפּרונגען. נישטאָ קיין צייט און קיין שטימונג זיך אַרומצוקוקן און באַטראַכטן, וואָס עס פעלט צו דער אויסערלעכער שיינקייט פונעם הויף.

היינט האָט הערשל דורכגעמאַכט דעם וועג צום טאַטנס שטוב מיט אַ ביסל אַ קלאַפּענדיק האַרץ. רבקהלע האָט זיך אָנגעהאַנגען אָן זיין פעסטן אָרעם און עטוואָס באַשווערט זיין גאַנג. איר קערנדיקער פולער קערפּער האָט זיך ווי געטוליעט צו אים און צייטנווייז האָט איר צעוויגטער צאָפּ אים אַ שמיץ געטאָן אין געזיכט.

ער איז געווען אָנגעשטרענגט און ווייט פון צו שענקען אויפמערק־זאַמקייט איר נאָענטקייט. ער האָט זיך געפילט, ווי פאַר אַ לאַנג־דער־וואַרטער באַגעגעניש, וועמענס אויסגאַנג ער האָט אָבער נישט פאָרויס־געזען און איגנאָרירט.

נישט פון היינט פילט ער אַ נאָענטע צוגעבונדנקייט צו זיין שטומער שוועגערין רייזל. עס קען זיין, אַז אָט דאָס געפיל איז תחילת געבוירן געוואָרן אויפן גרונט פון רחמנות — נאָך פון יענע ערשטע יאָרן, ווען ער פלעגט אָפּשטאַטן קורצע וויזיטן אין דער קאָלאָניע פון די ליטוואַקעס און פאַרברענגען אַ פּאָר טעג אין זייער דירה, וואָס האָט זיך געטונקען אין גרינס פון די פאַרצווייגטע בוימער; נאָך דעמאָלט האָט ער געליטן פון איר אָנשטרענגונג צו פאַרשטענדיקן זיך מיט די שטוביקע און מיט די געסט. ער האָט אויפגעכאַפּט די גרימאַסן ביי אירע מויל־ווינקלען און דאָס רחמנות־געפיל איז ווי געשווומען אין אַן אַטמאָספער פון וואַרעמקייט. ער האָט אַפילו מיט זיך אַליין אָפּגעמאַכט, ווי אין געהיים, אַז ער, און נאָר ער, הערשל, קען פאַרשטיין איר לאַגע, און אויך זי, די שטומע, פילט זיין נאָ־ענטקייט און ווייזט אים אַרויס אַ באַזונדערע שמייכלדיקייט.

דעמאָלט איז ער נאָך געווען אַ בחור, און זיין דמיון האָט נישט איין מאָל זיך אָנגעצונדן מיט זעונגען, וואָס האָבן צוגענומען די רו. אירע שוואַרצע לאָקן האָט ער זיך פאָרגעשטעלט ווי וואָלקנס איבער די בערג. זיי זענען געפאַלן איבער אירע קיילעכדיקע שולטערן און זיך געטרייסלט ביי איר רייצנדיקן טראָט. איר פולע בריסט, פון וועלכער ער האָט געזען זויגן איר ערשט קינד, האָט אים פאַרכאַפּט מיט איר מילך־ווייסקייט. איר אויסער־לעכע שיינקייט האָט אָפּגעווישט דעם רושם פון איר שטומקייט און איר ווייבלעך דערשיינען האָבן אים איינגענומען ביי יעדער טרעפונג.

אַזאַ ציטערדיקער באַגלייט־געפיל האָט אים באַהערשט יעדעס מאָל, ווען ער האָט זי באַגעגנט. און געטראָפן האָבן זיי זיך נאָר איין מאָל אין יאָר — אין די חול־המועד־טעג, בשעת איר באַזוך ביי זיינע עלטערן.

און היינט — מער ווי שטענדיק — קלאַפּט דאָס האַרץ פאַר דער באַ־געגעניש מיט רייזלען. מיט אַ ביסל אַן איינגעהאַלטענעם פּחד האָט ער גע־פּרוּווט וואַרפן אַ בליק דורך אַ שמאָלער שפּאַרונע אין די טיפענישן פון זיין געמיט־צושטאַנד.

דער וועג צו די עלטערן איז געווען אַ קורצער. בלויז אַ פּאָר הונדערט מעטער האָבן אָפּגעטיילט ביז צום פּאַטערס שטוב, אָבער אינעם שווערן גאַנג, בעת רבקהלע האָט זיך אָנגעהאַנגען אָן זיין פעסטן אָרעם כמעט ביזקל ווי טאָן, האָט ער געפּרוּווט דורכוואַרפן אין געדאַנק די מאָטיוון, וואָס האָבן אין אים אויפגעוועקט אָט דעם מאָדנעם ציטער פאַר דער גע־ווינלעכער באַגעגעניש מיט דער שטומער שוועגערין. געזוכט האָט ער אַן אָנהאַלט צו באַרעכטיקן די שפּאַנונג.

די סיבה דערפון האָט ער דווקא געוואָלט זען אין איר, אין רבקהלען, וועמענס קערפּערלעכע וואַרעמקייט ער פילט אין זייער גאַנג דורך דער נאַכט־פינצטערניש, אַ וואַרעמקייט, וואָס האָט אים שטענדיק אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט און צעבערעקלט זיין מענלעכע פעסטקייט.

ער האָט באַשיינפּערלעך געפילט, אַז לעצטנס איז רבקהלע פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער „שטאָט־פּסיכאָזע", וואָס האָט ווי אַ מגיפה אָנגעהויבן אַריינ־צודרינגען אין די קאָלאָניסטישע הייזער. דווקא אָט די אַ מאָל דענקענדיקע פריילין, וואָס האָט געחלומט, צוזאַמען מיט אַנדערע, צו פאַרמירן אַ קאָמונע אין ארץ־ישראל, דאָס מיידל מיט אַנאַרכיסטישע נייגונגען, וואָס האָט יאָרן־

לאַנג גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די קולטור־אונטערנעמונגען אין דאָרף, — אַט די רבקהלע איז ווי מיטגעריסן געוואָרן פון די נייע ווינטן.

— וואָס איז? — האָט זי נישט איין מאָל אַרויסגעשטעלט אירע קלאָרע פרעגנדיקע אויגן — צי איז דען אַ קאָלאָניסט דער איינציקער טרעגער פון אידעאַלן? צי איז בכלל נייטיק, אַז אַ קליינער שיכט זאָל אויסטראָגן די לאַסט און געבן אַ שיינעם נאָמען די, וואָס זיצן אין שטאָט? אפשר זאָלן מיר זיך בייטן מיט די ראָלן?

אויף וויפל אירע רייד זענען געווען ניי און אים ווי געטאָן, האָט דאָס אים נישט זייער איבערראַשט. עס איז נישט געווען קיין שטוב אין דער קאָלאָניע, ווו עמעצער, אַ מאָל מער ווי איינער, זאָל נישט האָבן פאַרלאָזן די קאָלאָניע און זיך באַזעצט אין שטאָט אָדער אין נאָענטן שטעטל. ווער עס איז אַוועק לערנען צוליב אַ קאַריערע, ווער עס איז געוואָרן אַ פשוטער אָנגעשטעלטער אין אַ קלייט, ווער עס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ שטאָטישן און ווער עס האָט בכלל — פאַרביטערט צוליב דעם, וואָס די „געזעלשאַפט" האָט נישט געגעבן פון אירע רעזערוון קיין באַדן פאַר יונגע פאַרלעך אין דער קאָלאָניע, — זיך צעזעגנט אויף אייביק מיט דעם שטייגער לעבן, וואָס דער פריערדיקער דור האָט אויסגעקליבן, און געמיינט — אַז אויף לאַנגע דורות. עס האָבן אָנגעהויבן פעלן יוגנטלעכע טוערס, און די ליטעראַרישע שבת־נאָכמיטאָגן, וואָס האָבן אויסגעפילט אַ טייל פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, זענען שוין פאַרגעקומען אין ווייטע צייט־אָפּשניטן. די סטעזשקע צו דער ביבליאָטעק איז געוואָרן באַוואַקסן מיט גראָז. עס האָט זיך געפאָדערט אַ שטאַרקן אָנהאַלט אינעם באָדן, כדי נישט צו לאָזן אַרויסרייסן זיך פון אים.

הערשל האָט געוואָלט אויסמיידן, אַז רבקהלעס אָנצוהערענישן זאָלן אַריינברענגען קריגערייען און צעשטערן זייער צוזאַמענלעבן. האָט ער אויסגעמיטן צו פאַרפירן צוגעשפיצטע דיסקוסיעס. דוד, זייער בן־יחיד איז געוואַקסן ווי אַ רויִקער אָבער פיינער בוים, אָן רוישנדיקע פּרעטענזיעס. שטיל און איינגעהאַלטן איז ער געווען אין זיינע גענג, ווי דער פאָטער, און בולטע שפּורן פון זיידנס עקשנות האָבן זיך ביי אים אַרויסגעטיילט ביי אָפּטע געלעגנהייטן.

דער פאַקט, וואָס מער קיין קינדער זענען ביי זיי דערווייל נישט געבוירן געוואָרן, האָט אַריינגעבראַכט, אין זייער היים, אַ נאָטע פון שטילער

און נאַגנדיקער בענקשאַפט. וואָס אַן אמת, איז דאַן געווען אַ צייט פון איינהאַלטן דאָס קינדלען; לויט דער מאָדע, האָט מען מער ווי איין אָדער צוויי קינדער נישט געבראַכט אויף דער וועלט. דער עקאָנאָמישער קריזיס מיט זיינע שרעקן, אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן, איז נאָך געהאָנגען, ווי אַ קאָשמאַר, איבער די נישט פאַרמעגלעכע היימען און דאָס נישט קינדלען איז געווען, ווי אַ שטילער פּראָטעסט קעגן דער נויט, און נישט ווייניק — צוליב דער שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

אָבער אין שטוב איז געווען צו שטיל און מאָנאָטאָן. הערשל איז געווען געוואוינט פון זיין קינדערישער וועלט, אַז אין שטוב האָבן זיך אַרומגעדרייט קינדער פון פאַרשידענעם עלטער. עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ מין ציטערדיקע השגחה איבערן בן־יחיד: אָט איז ער פאַרקילט, אָט איז ער אַוועק אין שולע און מען וואַרט מיט אומגעדולד אויף זיין צוריקקערן זיך.

און דערצו נאָך האָט רבקהלע זיך געלאָזט מיטרייסן מיטן שטראָם און מקנא געווען די יעניקע, וואָס האָבן געצויגן אין שטאָט אַריין. שוין מיט איר זיפצנדיקן בענקען האָט זי אים אויפגערייצט. ער האָט נישט געוואָלט רעאַגירן; ער האָט געוווּסט, אַז דאָס וועט סוף כל סוף ברענגען צו קריגערייען און דער זון וועט מער פון אַלעמען גייסטיק פון דעם ליידן.

דאָס האָט איבערגעלאָזן אַ ליידיק אָרט אין זיין טראַכטן און פילן — אַ ליידיק אָרט, אין וועלכן אַנדערע, נישט געוויינלעכע מחשבות האָבן זיך באַזעצט און גענאָגט, ווי דאָס זאָל האָבן געוואָרן אַ מין פרייי אומפאַרצוימט פעלד, אין וועלכן ווינטן האָבן זיך צוזאַמענגענומען און זיי דרייען זיך אָן אַן אויסגאַנג. זיין אָפּהאַלטן זיך פון אָפּצושלאָגן רבקהלעס טענות האָבן דורכגעבראָכן אַ שפּ[illegible]לט צו אַן אַנדער נשמה־אויסגוס.

דערפאַר האָט ער זיך דערנענטערט מיט געשפּאַנטער דערוואַרטונג צום טאָטנס שטוב. דאָרט, האָט ער געווּסט, געפינט זיך זינט עטלעכע שעה די שטומע שווער מיט אירע דריי שטומע קינדער. ער האָט זיך אײנערלעך געשעמט און געפילט זיך ווי אַ פּופּצן־יאָריקער בחורל, וואָס דאַרף צום ערשטן מאָל זיך באַגעגענען מיט דער אויסגעוויילטער פון זיינע חלומות...

דער אָוונט איז אַדורך אין אַ לעבעדיקן שמועס איבער וועלטזאַכן און וועגן די קאַלאָניסטישע צרות. פון יענער זייט פאַרהאַנג אין דער אָפּגעלייגטער שלאָפשטוב האָט זיך געהערט דאָס רוישן און פּילדערן פון די

דריי שטומע קינדערלעך, וואָס האָבן אויף זייער לשון זיך פאַרווילט. צייַ־טנווייז איז רייזל פאַרשווונדן אונטערן ווינגדיקן געשטיקטן פאָרהאַנג אײַנ־צושטילן די קינדער, וואָס האָבן שוין געדאַרפט גיין שלאָפן, דעמאָלט האָט הערשל איינגעהאַלטן דעם אָטעם און נאָכגעקוקט אירע באַוועגונגען, אירע טריט. ער האָט מיט קורצע בליקן אָפּגעמאָסטן איר קערפּער, וואָס איז איינגעוויקלט געווען אין אַ געבלימטער קימאָנע, אירע לאַנגע האָר איבערן ווייסן נאַקן.

מענדל האָט נישט איין מאָל, פון היימישקייט וועגן, גוטמוטיק גע־פּאַטשט רייזלען איבער אירע אַקסלען און געקנייפּט אירע דורכזיכטיקע באַקן. זי האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ לייכטן אַרויסמאַכן זיך, געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַ ביסל פאַרלעגן געשמייכלט צו הערשלען, אַ שמייכל, וואָס איז געווען, ווי אַ פאַרענטפערונג.

ביז שפּעט אין אָוונט האָט זיך דער שמועס געצויגן; מען האָט גע־קנאַקט קירבעס־קערלעך, געגעסן די אייער־קיכלעך, וואָס באַשקע האָט באַוויזן אָפּצובאַקן, און דעם טרוקענעם קאָמיש־ברויט, וואָס מענדלס פרוי האָט געבאַקן אויף מצה־מעל און אַהערגעבראַכט צווישן אַנדערע פּעקלעך, סלאָיען וואַרעניע און אייגענע אויסגעאַרבעטע טרוקענע קעזלעך. די מאַטע איז אומגעגאַנגען פון מויל צו מויל און אַריינגעבראַכט אַ היימישע נאָטע אין דער אָפּט צערייצטער און טרויער־אָנשלאָגנדיקער דיסקוסיע. באַזונ־דערס האָט זיך צעפלאַקערט דער וויכוח, ווען מ׳איז אַרויפגעקומען אויף דער טעמע וועגן די זין און טעכטער, וואָס פאַרלאָזן אָן אויפהער די קאָלאָניעס.

— איך פאַרשטיי נישט פּאַר וואָס מיר האָבן אַזעלכע שאַרפע טענות צו דער יוגנט, וואָס ציט זיך גייסטיק און פיזיש אין שטאָט אַריין, ווען די בכבודיקע בעלי־בתים פון אונדזערע קאָלאָניעס פלאָסטערן אַליין אויס דעם וועג אַהין — האָט ניאָמע מיט אַ הויכן טאָן געוואָרפן אַ לאַנג אויסגעכאַ־וועטע טענה.

— דווקא די חשובע בעלי־בתים? — האָט ווער אַ פרעג געטאָן.

— דווקא אונדזערע פאַרזאָרגער — האָט ניאָמע מיט מער שטאַר־קייט באַשטעטיקט — און איך וויל דאָ ברענגען צווייביישפּילן און נאָך דעם וועט איר קענען אָפּוואַרפן מיינע טענות: ערשטנס, אַ מאָל האָט מען די קאָנגרעסן פון די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון דורכגעפירט נאָר אין די

קאַלאָניעס אָדער אין די שטעטלעך אַרום די קאָלאָניעס. דאָס האָט געשאַפן שטימונג; דאָס האָט דערפירט, אַז דורך דער צייט פון די קאָנגרעסן זאָלן די קאָלאָניסטן פון דער געגנט זיך פילן יום־טובדיק, זעען פון דער נאָענט די פירער פון די וויטסטע קאָלאָניעס און קענען אַליין בייזיין די זיצונגען. דאָס האָט אויך געבראַכט אין די קאָלאָניעס געסט און זשורנאַליסטן פון דער גרויסער שטאָט און די־אָ לייט האָבן זיך באַקענט פון דער נאָענט מיט אונדזערע אויפטוען און מיט אונדזערע צרות. און וואָס געשעט איצט? מען האָט די קאָנגרעסן אַריבערגעפירט אין דער גרויסער שטאָט אַריין. אונ־דזערע דעלעגאַטן דרייען זיך דאָרט אַרום מיט שניפּסן, ווי אויף פרעמדע חתונות. די אַרומיקע סביבה איז אַ קילע. די קאָלאָניסטן אויף די פּלעצער פילן נישט מער דעם דופק פון די פאַרהאַנדלונגען און זיי מוזן זיך באַגנו־גענען מיט לייענען באַריכטן אין די צייטונגען...

— נו, און דער צווייטער ביישפּיל? — האָט מען נישט נאָכגעלאָזן.

— די שפּראַך. ביסלעכווייז שלאָגט מען אַרויס די שפּחה יידיש פון די אַרויסטריטן און מען רעדט שפּאַניש, אַפילו אַ צעבראָכענעם שפּאַניש, אָבער דאָס ברענגט אַריין אַ קילע שטימונג אין אונדזערע פאַרהאַנדלונגען. אויף יידיש קען מען זיך ריכטיק אַראָפּרעדן פון האַרץ און אפשר בעסער זיך פאַרשטיין. דאָס שפּאַניש־רעדן פאַרפּליכטעט אונדז כלפּי חוץ... איך האָב ערגעץ געלייענט אַ רעדע פון אַ דעלעגאַט פון אַן אָרעמער קאָלאָניע, וואָס האָט אויסגערופן: „ביי אונדז איז אָרעם — אָבער וואַרעם!" דאָס האָט ער געמיינט אינעווייניק און מיט אונדזער לשון...

„ביי אונדז איז אָרעם — אָבער וואַרעם" — הערשל האָט זיך פאַרטראַכט. ערגעץ האָט ער שוין געהערט אַזאַ פראַזע, וואָס טרייסט און דערמוטיקט. ער האָט נישט געדאַרפט צו פיל אָנשטרענגען זיין זכרון. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר טעג צוריק בעת דעם צוזאַמענקום אין דער קאָלאָניע גינזבורג, ווו מען האָט אָפּגעריכט פאַר דער יוגנט אַ „דריטן סדר". אַהין איז מען זיך צוזאַמענגעפאָרן פון די נאָענטע און ווייטע גרופּעס, און דער איינדרוק וואָס די פייערונג האָט איבערגעלאָזן אויף אַלעמען, האָט פאַרזיכערט זכרו־נות אויף לאַנגע יאָרן. עמעצער האָט אַפילו מיט אַ ציטער זיך אַרויסגע־כאַפּט: „עס איז געווען אַזוי פרעכטיק, אַז איך מיין: דאָס איז דאָס שוואַ־נען־ליד פון אונדזער קולטור־אַרבעט אין דער קאָלאָניע"...

*

דאָס צוזאַמענפאָרן זיך גופא, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ בילד, וואָס ביז איצט האָט מען עס זעלטן געזען. אין די לעצטע יאָרן איז אָפּגע־בליאַקעט געוואָרן דער גלאַנץ פון יוגנטלעכע פייערונגען אין די קאָלאָניעס. בלויז ווען עס איז אַראָפּגעקומען אַ טעאַטער־טרופּע פון דער גרויסער שטאָט, איז פאָרגעקומען אַן אויפוואַכונג. קינד און קייט, דורשטיק נאָך אַ וויץ און אַ ליד, האָבן אָנגעפילט דעם בלעכענעם שייער. די אַמאָליקע ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס האָבן געצויגן צוהערער פון אַלע שיכטן, זענען איצט געוואָרן אַ זעלטנקייט.

אַנטקעגן אָוונט זענען די וועגן ביים אַריינפאָר פון דער קאָלאָניע געוואָרן אָנגעפּראָפּט מיט פורלעך. צווירעדערדיקע סולקיס, רייטפערד, אַפילו געציילטע אויטאָמאָבילן פון איינגעלאַדענע געסט פון די שטעטלעך האָבן איבערגעלאָזט אין דער פאַרנאַכטיקער קילער לופט פריקרע ריחות פון גומי און געברענטן פעטראָל.

שוין לאַנג ווי דער ברייטער פּלאַץ פאַר די שולעס, שילעכל און בלע־כענעם זאַל, האָט נישט געזען אַזאַ באַוועגונג און נישט איינגעזאַפּט אַזוי פיל פון פאַרבן און קולות, עפּעס ווי אַ תחית־המתים פון נישט לאַנג פאַר־געסענע יאָרן.

דער זאַל איז געווען אויסגעפּוצט און צוגערוימט. דער ערדענער באָדן, אויסגעגלייכט און באַשאָטן מיט זאַמד, האָט נאָכן איינפּרעסן אים מיט אַ וואַסער־שפּריץ, געקיצלט אין די נאָזלעכער, ווי דער ריח פון דער ערד, וואָס זאַפּט־איין די ערשטע רעגנטראָפּנס. די ווענט זענען געווען באַהאָנגען מיט ראָגאָזשעס און מיט בילדער פון יידישע שרייבער און אַרטיסטן. עס איז קענטיק געווען, אַז די הענט פון יונגע פרויען און מיידלעך האָט גע־זאָרגט צו דערקוויקן דאָס אויג און דאָס האַרץ. לאַנגע ברעטער־טישן מיט צוגעדעקטע ווייסע טישטעכער האָבן זיך געבראָכן אונטער דער שפע פון מאַכלים און געטראַנקען. עטלעכע טעג פאַר דער פייערונג פון „דריטן סדר" זענען פאָרלעך אַרומגעפאָרן מיט סולקיס איבער די הייזער פון די אַרומיקע נאָענטע און ווייטע גרופּעס און איינגעזאַמלט עופות, פלעשער וויין, קיכלעך און טאָרטן, אויסגעבאַקענע פון דעם מצה־מעל, וואָס מ'האָט אַליין אויסגעשטויסן אויף די הילצערנע סטופּקעס נאָך פון דער אַלטער היים, און איבערגעזיפּט דורך קיילעכדיקע זיפּעלעך. מ'האָט אויך איינגע־

זאַמלט געשיר און טישטעכער, בלומען־וואַזאַנעס און אַלץ, וואָס האָט גע־
קענט באַשיינען און באַפּוצן דעם זאַל.

אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט זיך באַשעפטיקט מיט צוגרייטן דעם
פּראָגראַם. מען האָט געפּלאַנט אַ מאָדערנע הגדה, און פאַר דעם האָט מען
מאָביליזירט די עטלעכע לערער, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אין די פאַרשי־
דענע גרופּעס. מען האָט אַרויסגעקלייבט אויף די עטלעכע טאַלאַנטירטע
זינגער און דעקלאַמאַטאָרינס אויסצופירן די פאַרשידענע טיילן אין דער
הגדה. אַפילו די אָפּגעריבענע פּיאַנע, וואָס איז שוין געשטאַנען אין אַ
ווינקל, האָט מען אָפּגעשטויבט און צוגעגרייט צום שפּילן. מ׳האָט גע־
שמועסט, אַז אַ פּריילין, אַ גאַסט פון שטאָט, האָט צוגעזאָגט אָנטייל צו
נעמען אין פּראָגראַם און געבן עטלעכע פּיאַנע־נומערן.

מען האָט זיך פאַרזאַמלט אין זאַל. די ליכט־גיסנדיקע „פּעטראָמאַקס״־
לאָמפּן האָבן שטיל און מאָנאָטאָן געזשומעט. פון די וויטע גרופּעס זענען
אָנגעפאָרן יוגנטלעכע, אָבער פון דער קאָלאָניע גינזבורג גופא זענען אויך
געקומען מענטשן פון עלטערן דור, וואָס זענען געווען דורשטיק נאָך אַ
יידישן אויפטריט. דאָס געררויש איז שטאַרקער געוואָרן מיטן אָנקומען פון
נייע גרופּעס, און טראָץ דעם, וואָס אַלע האָבן געקענט אויסגעצייכנט יידיש,
האָט מען שוין געהערט אַ סך שפּאַניש. די צייט ווען מ׳האָט גערעדט אין
די קאָלאָניעס בלויז יידיש איז שוין פאַרביי. גוייִשע שכנים האָבן זיך באַ־
זעצט אין דער סביבה, די יידישע קינדער האָבן געלערנט צוזאַמען מיט
זייערע, און אין דער אָנווזנדיקייט פון נישט־יידן האָט מען אַפילו זיך
צוגעשעמט צו רעדן יידיש. די צונג האָט זיך, וואָס אַן אמת, געלייגט צו
יידיש, און דער שפּאַניש איז אַרויס פון זייער מויל פּערקע און נישט גע־
שליפן. אָבער מען האָט זיך באַמיט נישט אָפּצושטיין.

דער אָנפירער איז געווען דער לערער קהלת. קיינער האָט נישט גע־
וווסט, צי דאָס איז געווען זייער אמתער נאָמען, אָדער אַ ביבלישער צונאָמען
צוליב זיינע גלייכוווערטלעך און זיין בקיאות אין פילאָזאָפיע. אָבער דאָ
קען מען אים זינט עטלעכע יאָר מיט דעם נאָמען, און ווי עס זעט אויס,
האָט ער מיט אים זיך געפּילט באַקוועם. ער איז געווען עלעגאַנט און געהאַט
אַ גרינלעך פאַרמעט־געזיכט, וואָס האָט זיך געפּאַסט צום גלאַנץ פון זיינע
העל־גרינלעכע אויגן, זיין אויסשפּראַך, אַן אינטעליגענט־וואָלינישע, האָט
געווירקט אויפן עולם.

הא לחמא — אונדזער ברויט איז אָרעם,
כל דכפין — אָבער ביי אונדז איז וואָרעם...

ער האָט געעפנט די מסיבה מיט אַ ברכה אין פערזן, וואָס האָט גע־קלונגען אין גייסט פון דער הגדה. יעדער, וואָס איז אויפגעטראָטן, האָט זיך באַמיט צו זיין נאָענט און געטריי צום טעקסט. מ'האָט זיך באַמיט זיך אָפּ־צורעכענען מיט נישט אָנגענעמע דערשיינונגען אין דאָרף און אין יידישן לעבן און גענומען אויפן צימבל די פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס.

אש ודם — און עס איז נאָך נישט פול דער ים
ותמרות עשן — צו פאַרשטעלן די אויגן מן הסתם,
און נישט זען די רשעות פון דער וועלט,
וואָס צעוואָלגערט יעקבס געצעלט...

עס איז נאָך געווען אין פולן גאַנג דער ברודער־קאַמף צווישן „לינקע" און „רעכטע" און מ'האָט כמעט זיך נישט צוזאַמענגענומען פאַר בשותפות־דיקע אַרבעטן. דאָ האָט מען געמאַכט אַ שטיקל קאָמפּראָמיס. אויך אַ טייל פון די לינקע האָבן זיך באַדענקט, נישט געקענטביישטיין דעם נסיון און איינגעוויליקט אָנטייל צו נעמען אינעם פייערלעכן סדר. עס זענען געווען אַזעלכע צווישן די באַזוכער, וואָס האָבן געקוקט קרום אויף דעם נייעם ראָמאַן מיט די, וואָס האָבן אין זיינער צייט צעשפּאָלטן די קולטור־כוחות דורך זייער אַריינדרינגען און צעוואַלגערן די ביבליאָטעק פון אינעווייניק; געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אין זיי געזען „מרגלים", וואָס ווילן אָנשמעקן, ווי עס האַלט מיט די כוחות פון די „רעכטע".

און אַזוי ווי די „פּראָגרעסיווע" זענען געקומען ווי איינגעלאַדענע און נישט ווי גלייכע, אָדער ווי זיי זענען שטענדיק געווען געוווינט, ווי די פּאַרזאָגער, האָבן זיי זיך נישט געפילט באַקוועם מיטן גאַנג און מיטן כאַ־ראַקטער פונעם אָוונט. וואָס אַן אמת, האָט מען זיי געגעבן צו לייענען אַ פּאָר שאַפונגען, וואָס זענען פריער דורכגעקוקט געוואָרן דורך דער רע־דאַקציע־קאָמיסיע. די „לינקע" האָבן דאָס מאָל געמוזט, קעגן זייער איינגע־שטעלטער גאווה און זעלבסטזיכערקייט, זיך האַלטן אין די ראָמען פון געסט.

עבדים היינו — אין אַלע פרעמדע לאַגערן ביז שפּאָט,
והוציאינו — נישט דער בלאָף פון איינגערעדטן גאָט —

והתנחלו — צווישן פעלקער, וואָס זיצן פריי
ביים טייך אמור — זיך איבערגיסן פון דאָס ניי..
און דאָרט —
באַגלייט פון יידיש קלאַנג און וואָרט — — — —

עס האָט אַ ביסל געקלונגען ווי אַ פּאַרמעסט. טייל האָבן אַריינגעוועבט אַ שטיל געבעט צו די טויערן פון ציון און טייל האָבן געזאָגט הלל דעם אויפבוי פון אויטאָנאָמען געביט פון ביראָ־בידזשאַן.

נישט איין מאָל האָט מען געפילט אַ פונק פון אַ נערוועזן אויפציטער, וואָס איז דורכגעגאַנגען אין פולן זאַל. אַ האָר האָט געפעלט, אַז די פייער־לעכקייט זאָל צעפּיצלט ווערן און אַ באַנייטער קריג זאָל אויסברעכן צווישן די לאַגערן. אָבער די אָרגאַניזירער האָבן אויך דאָס פאָרויסגעזען און איינ־געהאַלטן די געמיטער. ווען עס האָט זיך דערנענטערט אַ קריטישער מאָ־מענט, האָט מען פאַרצויגן אַ ליד, און דער גאַנצער עולם האָט געמוזט זיך איינשליסן אין געזאַנג.

שוין יאָרן ווי הערשל האָט זיך נישט באַטייליקט אין אַ מסיבה, וואָס האָט אַזוי מיטגעשלעפּט די געסט און זיי אַריינגעפירט אין אַ שטימונג פון לאַנג פאַרגאַנגענע טעג. הערשל האָט לאַנג געשמועסט שטילערהייט מיט רבקהלען. ער האָט איצט געזען אַ שעת הכושר אַרויסצופירן זי פון יענע באַגריפן, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך די געפאַר פון צעברעקלונג.

— געדענקסטו, רבקהלע, אונדזערע שמועסן צוריק מיט יאָרן? דע־מאָלט האָבן מיר צווישן זיך אָפּגעמאַכט אַז ווען מיר וועלן ענדלעך דער־גרייכן צו אַן אייגענער און אייגנאַרטיקער קולטור, אַן אַרויסגעוואַקסענער פון אָט דעם באָדן, וועלן מיר געפינען דעם וועג צו זיך. ווען איז דאָס געוועזן? האַ? מיר דאַכט, אַז ווען מיר האָבן ערשט אָנגעהויבן...

דאָ איז ער געבליבן שטיל און זיך אַ ביסל פאַרטראַכט. ווען „זיי האָבן ערשט אָנגעהויבן" איז צווישן זיי געשטאַנען אַ דריטער — שלום, זיין יינגערער ברודער, וואָס האָט שפּעטער — נאָך זיינע דורכפאַלן אין די צפון־קאָלאָניעס ווו מ'האָט קולטיווירט וואַטע און נאָך דעם ווי זייער קליינע קאָמונע איז זיך צעפאַלן — זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט פון די יידישע קאָמוניסטן, געקערט וועלטן, זיך איבערגעגעבן מיטן גאַנצן ברען און פאַרביטערונג צו פאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדע און געוועזן פון די ערשטע

זיך אַנצושליסן אין דער קאַלאַניע־גרופּע, וואָס איז אַוועק צו די ברעגן פונעם טייך אַמור, אויפצובויען דעם אויטאָנאָמען יידישן ראַיאָן אין ביראָ־בידזשאַן. זינט אַ פּאָר יאָר הערט מען כמעט נישט פון אים. פון צייט צו צייט שרייבט ער אַ קאַרטל צו דער „רויטער מאַניע“, דער „רביצין“ פון די לינקע און זי זאָרגט שוין, אַז זיינע פּאָר שורות זאָלן באַקומען דעם ריכטיקן פּירוש און אָפּגעדרוקט ווערן אין דער רויטער פּרעסע.

עס איז אויפגעגאַנגען אַן אַסאָציאַציע צווישן זיין ברודער, וואָס זיצט אין אָט דער שעה צענדליקער טויזנטער קילאָמעטער ווייט פון דאַנען, אין עק וועלט, און אים אַליין, וואָס געפינט זיך לעבן זיין אַמאָליקער אויסגע־בענקטער מיידל. ער, הערשל, דער אַמאָליקער רעוואָלוציאָנער און טעראָ־ריסט, איז זיך איינגעוואַקסן ווי אַ שטילער און יוסטער פויער אינעם באָדן פון דער שטילער אַרגענטינע, און זיין ברודער, וואָס איז כמעט ווי אַרויס־געוואַקסן פון אָט דעם באָדן, איז מיטגעגאַנגען מיטן שטראָם פון אידע־אַליסטן אינעם וויטן מזרח פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד. ווער וועט בלייבן גערעכט?

ביז שפּעט אין אָוונט האָט זיך פאַרצויגן דאָס לייענען די מאָדערנע הגדה און דאָס זינגען די לידער — סאַטירישע, חסידישע און אַרבעטער־לידער. ווען מ׳האָט געהאַלטן אין שליסן די אָפיציעלע הגדה, איז הערשל איבערראַשט געוואָרן, אַז דער לערער קהלת האָט אים מכבד געווען מיט דער מצווה פון „חסל סידור פּסח“.

איבערראַשט, אָבער נישט צעמישט. אַ רגע האָט ער נאָכגעטראַכט און געזען ווי אויגן וואַרטן און אויערן זענען אָנגעשפּיצט. ער האָט געוווּסט, אַז נישט שטענדיק וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט, און אפשר איז דאָס די לעצטע, אַז ער זאָל אַרויסברענגען פאַרן יוגנטלעכן ציבור אין דער קאָלאָ־ניע זיינע מחשבות אין דער שטימונג פון יום־טוב, נאָכן עסן צו דער זעט און טרינקען ביז האָפּערדיקייט.

ער האָט געוואָרפן אַ שנעלן בליק צו רבקהלען, וואָס איז געזעסן לעבן אים. אירע העל־ברוינע אויגן האָבן געשמייכלט. זי אַליין איז אויך געווען אַ ביסל אָנגעצויגן צו הערן, וואָס הערשל וועט אַרויסברענגען.

— אַ דאַנק, פריינד, פאַרן צוגעטיילטן כבוד. דאָס איז אפשר נאָך שווערער, ווי צו עפענען די פייערונג. „חסל סידור פּסח“ — דאָס קען זיין אַן אויספיר נישט נאָר ביי אָט דער געלעגנהייט. איך האַלט, אַז אין אונדזערע

באַדינגונגען איז אַט די מסיבה אַ גרויסע דערגרייכונג, און דערפאַר איז די זאָרג ביי מיר אַ דאָפּלטע. אויב ביי אונדז געפינען זיך די כוחות, וואָס זענען פעיִק צו אַזעלכע דערגרייכונגען — פאַר וואָס דרימלען זיי אין די מערסטע טעג פון יאָר, ווען מיר זענען אויסגעשטעלט צו גייסטיקער ירידה? צי מיינט עמעצער, אַז מיר ווען קענען לאַנג אויסהאַלטן אַן אַ גייסטיק אויסלעבן זיך? צי זענען פאַראַן צווישן אונדז אַזעלכע נאַראַנים?

די פראַגע איז געוואָרפן געוואָרן מיט אימפּעט און אין אַ הויכן טאָן. אַ שטילקייט איז געווען אין זאַל און יעדער באַריר מיט אַ גאָפּל אָדער מעסער האָט אָפּגעהילכט ווי אַן אַרויסרוף. פון שטענדיק אַן האָבן אַלע אין דער קאָלאָניע זיך באַצויגן צו הערשלען מיט אַ באַזונדערן רעספּעקט. ער איז נישט געווען קיין גרויסער רעדנער, אָבער ווען ער האָט גענומען דאָס וואָרט, האָט מען געוואַרט אויף עפּעס נייס, פרישס. אַפילו אין די ציַיטן פון פאַרשאַרפטן קאַמף צווישן „רעכטע" און „לינקע" אין דער קאָ־לאָניע, ווען מ׳האָט געבראָכן מעבל און געלייגט דריי שלעסער אויף דער טיר פון דער ביבליאָטעק, איז ער געווען סעקרעטאַר פונעם צענטער און ער האָט זיך באַמיט אָנצוהאַלטן די גלייכגעוויכט אַלס אַן אומפּאַרטייִישער טוער. אויך אין די קרייזן פון קאָאָפּעראַטיוו האָט מען געזוכט אים אַרי־בערצוציען, יעדער אויף זיין צד. ער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין זיין אייגענער וועלט און זיך נישט געלאָזט מיטשלעפּן. איצט, בעת ער האָט אָנגעשלאָגן אַ פּראַקטישע נאָטע אין דער פייערלעכער מסיבה, האָט מען געשלונגען זיינע רייד און געוואָלט אַריינטייטשן אין זיי באַזונדערע כוונות.

— מען האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט די אויפגאַבע: „חסל סידור פסח". דאָס האַרץ איז נישט דערביי. יעדער פון אונדז וואָלט וועלן, אַז אַט דעם „סדר" פון גייסטיקער דערהויבונג זאָל זיך ציִען אָן אַ סוף. אַרויס־לאָזן דעם עק פונעם שטריק, דאָס מיינט אַרויסלאָזן פון האַנט די גרויסקייט פון אַ תקופה — און ווער וויל, אַז אַט די גרויסע אונטערנעמונג, אין וועלכער מיר, די יידישע קאָלאָניסטן, זענען אַריינגעוואַקסן, זאָל פאַר־שווינדן? פאַרשווינדן לאַנגזאַם, אַז מיר זאָלן אַפילו נישט שפּירן, ווי מיר אַליין שטופּן זי צום תהום?... מיר לעבן נישט, כדי צו געבן ביישפּילן און באַשיינען דעם טיש פון די שטאָטישע יידן, יענע זאָלן קענען מאַכן אַלע לייכטע אָדער שווערע לופט־געשעפטן און קענען טייטלען מיטן פינגער צו די קאָלאָניעס אויף איבערצוציִיגן די גויִים — „אָט, אויך מיר האָבן פּראָ־

דוקטיווע שיכטן — אַט, מיר עסן דאָס ברויט, וואָס אונדזערע ברידער אין דאָרף באַשאַפן מיטן שוויס פון זייער פּנים"... ניין! נישט אין עמעצנס זכות לעבן מיר דאָ, און אויב מיר ווילן ריכטיק אַזאַ לעבן, דאַרפן מיר ווענדן אונדזער בליק אין דער טיף. דאָרט וועלן מיר אויך געפינען די גייסטיקע וואָרצלען און וועלן מיט דער צייט שאַפן אונדזערע פייערטעג, אונדזערע טענץ און אונדזער אופן פון באַנעמען זאַכן. דאָס איז אָבער גע־ווענדעט אין אונדז — נאָר אין אונדז אַליין. געפינען זיך אַליין, סיי אין די טעג פון יום־טוב און סיי אין דער גרויער ווירקלעכקייט פון אַ גאַנץ יאָר, אָבער זיין גאַנץ מיט זיך אַליין. עמעצער האָט דאָ געזאָגט אַ פּשוט וואָרט, אָבער מיר קענען עס נעמען פאַר אַ מאָטאָ אין אונדזער קאַמף מיטן אָרום:

„אונדזער ברויט איז אָרעם —

אָבער ביי אונדז איז וואָרעם"...

— קעגן דער אויפגאַבע, וואָס מען האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט, רעוואָלטיר איך, און ווי דער רבי אין פּרצעס „גאָלדענע קייט" שריי איך אַרויס מיין און אייער אַלעמענס געשריי: נישט ליקווידירן דעם יום־טובדיקן שטראָם אין אונדזער לעבן, אים ציִען ווייטער און ווייטער און אַריינ־פירן אים ווייט אין אונדזער וואָכעדיקייט. דערפאַר שטיי איך פאַר אייך ווי אַן עניו און דערקלער: נישט מחסל זיין דעם חג, נאָר אים אַריינפירן אין דער וואָכעדיקייט...

מען האָט אים לאַנג אַפּלאָדירט און באַגריסט. געווען אַזעלכע, וואָס זענען נאָך דעם צוגעגאַנגען צו אים, געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס און אָפּ־שלאָגן זיינע אויספירן. ער איז אָבער געווען ווי אויסגעשעפּט און נישט גערן פאַר דיסקוסיעס. דער דרויסן איז געוואָרן אָנגעלאָדן מיט שטיקנדיקע וואָלקנס און עס האָט געשמעקט מיטן נאָענטן אויסברוך פון אַ שטאַרקן האַרבסט־רעגן. אַ דונער האָט אַ קנאַל געטאָן אין דער ווייטקייט און זיך צעקאָלערט איבער די ברייטע הימלען. די נאָענטע שכנים האָבן אָנגע־הויבן אַרויסקוקן, געאיילט אַהיים, און איינגעלאָדן די ווייטע געסט צו זיך אויף איבערנעכטיקן. גרויסע טראָפּנס האָבן געקלאַפּט איבער די בלעכענע דאַך און ווענט. דער גערוך פון טרוקענער ערד און רעגן־טראָפּנס האָט פאַרשיכורט די חושים און אָנגעזאָגט אַ לאַנגן נאַסן האַרבסט.

מען האָט אויסגעלאָשן די רוישנדיקע פּעטראָמאַקס־לאָמפּן און די נאַכט האָט איינגעשלונגען דעם גערויש פון קלאַפּנדיקע קאַפּיטעס און

רעדער איבער די איינגעוויקטע וועגן. הינט האָבן זיך צעבילט און צע־
ריסן דאָס הענער־קרייען פון די ווייטסטע פונקטן.

הערשל און רבקהלע זענען פאַרבעטן געוואָרן איבערצונעכטיקן אין
הויז פון אַ פּאָרל קאָלאָניסטן, געקומענע מיט יאָרן צוריק פון דער
קאָלאָניע מאָנטיעל, וואָס האָט נישט געקענט אין אירע זאַמדן דערנערן אַלע
איינוווינער. דאָס זענען געווען יוגנט־שכנים, און רבקהלע האָט מיט פרייד
אויפגענומען זייער אָנבאָט. מען האָט אויסגעשפּאַנט דאָס פערד, אים צוגע־
וואָרפן אַ טאָרבע האָבער און אויסגענעצטע איז מען אַריין אין הויז.

זיי זענען נישט געווען אַליין: נאָך אַ פּאָר ווייטע קאָלאָניסטישע יו־
גנטלעכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן, און נאָכן שליסן באַקאַנטשאַפט, האָט מען
איינגעהייצט די אייזערנע קיך. די מאַטע איז ווידער געגאַנגען פון מויל צו
מויל. די אויגן האָבן געלויכטן און דער שלאָף איז אָפּגעשאַרט געוואָרן פון
די אויגן. מען האָט אַרויפגעבראַכט זכרונות פון נאָענטע און ווייטע טעג,
און ווען דאָס וואַסער אין טשייניק איז אויסגעגאַנגען, האָט מען פונעם בלע־
כענעם עמער צוגעגאָסן אַ פּאָר קענדלעך.

נאָענט צו די פאַרטאָג־שעהען האָט מען איינגעדרימלט אויף די נישט
אויסגעבעטע געלעגערס. מען האָט נאָר אַראָפּגעצויגן די אייבערשטע איינ־
גענעצטע קליידער, וואָס האָבן זיך שוין סיי ווי האַלב אויסגעטריקנט אין
דער איינגעהייצטער קיך.

מיט אויפשיינען פון דער פרימאָרגנדיקער זון האָט מען זיך געלאָזן
צוריק אַהיים אויף די וועגן, וואָס האָבן איינגעזאַפּט די רעגנטראָפּנס. אַ
לייכטע פּאַרע איז אויפגעגאַנגען פון די אויפגעוואַכטע פעלדער.

ד ר י ט ע ר   ק אַ פּ י ט ל

# די שוואַלב מיטן צילינדער

אין דער קאָלאָניע האָט מען שוין זינט אַ לענגערער צייט געשמועסט וועגן דעם נאָענטן אָנקומען פון דער דייטש־יידישער פאַמיליע. מען האָט אָבער עפּעס נישט געוואָלט גלויבן, אַז די זאַך איז טאַקע אַזוי ווי מען דערציילט. אַהער זענען אָנגעקומען, מיטן שטראָם פון דער נייער אימיגראַציע, יידן פון די פאַרשידנסטע לענדער: פון בעסאַראַביע ביז די קאַרפּאַטן, פון פּוילן און טראַנסילוואַניע, און נאָך. אָבער דייטשע יידן אויף ערד? דאָס איז געווען ווייט פון צו גלויבן. וואַלטער ברוק, דער אויסגעדינטער פאַרוואַלטער פון דער „געזעלשאַפט", כאָטש דערצויגן אויף דער דייטשער קולטור, איז ער דאָך געווען פון גאַליציש אָפּשטאַם און מ׳האָט אים פאַררעכנט דאָ, נאָך דעם, ווי ער האָט זיך באַזעצט אין זיין פיין איינגעאָרדנטער ווירטשאַפט, פאַר אַן „אונדזעריקן", ווי מ׳האָט אין דער קאָלאָניע באַצייכנט די מזרח־אייראָפּעיִשע אימיגראַנטן.

אָבער גערעדט האָט מען וועגן דעם צווישן די קאָלאָניסטן — ביים „אויסנעמען" שבת אינעם קליינעם שילכל, וואָס איז געשטאַנען אַ ביסל איינגעהויקערט ביים קרייצוועג, און ממשיך געווען דעם שמועס האָט מען אויך ביי דער קאָאָפּעראַטיוו אינעם שטעטל, וווּ מען איז פאַרפאָרן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, צי מען האָט באַדאַרפט אָדער נישט — מען האָט שוין מיט דער גאַנצער זיכערקייט דערציילט, אַז דאָס שיקן אַהער די ערשטע משפּחה איז נאָר אַן אָנהייב. דאָס איז די „אויספּרווו־טויב" נאָכן גרויסן מבול איבער היטלער־דייטשלאַנד; נאָך דער ערשטער משפּחה, וועט געשיקט ווערן אַהער אויף קאָלאָניזאַציע אַ גאַנצער טראַנספּאָרט. ווי אַזוי אַזעלכע לייט זעען אויס? ווי קליידן זיי זיך? ווי פירן זיי זיך? אין דער

פאַנטאַזיע פון די איינגעזעסענע יידישע ערד־אַרבעטער האָבן זיך צעשפּילט בילדער און פאָרשטעלונגען וועגן די „לויטע מיט די שפּאַלטן", ווי מען האָט באַצייכנט די דייטשע יידן.

דערווייל האָט זיך דער פרילינג אָנגעטראָגן איבער די פעלדער מיט זיינע צוזאָגנדיקע קאָלירן און מיט זיין וואַרעמקייט. אַריבער איז דער שווערער ווינטער פון קעלט און פאַרטרינקענישן. פריִער איז געווען אַ לאַנגע צייט פון טריקעניש, און די ערד האָט זיך געוואַלגערט הפקרדיק, צעשטויבט און צערונצלט מיט אָפענע שרייענדיקע ווונדן. נאָך דעם האָבן אָן אויפהער געגאָסן די רעגנס. די טרוקענע ערד האָט געטרונקען מיט פאַרכלינעטע אָפענע מיילער, ביז זי איז לאַנגזאַם פאַרזונקען געוואָרן און מער קיין רעגנס נישט געקענט אויפנעמען אין איר אינגעווייד. די רעגנס זענען באַגלייט געווען מיט שניידנדיקע ווינטן. הונדערטער בהמות האָבן פאַרלאָזענע און פאַרלוירענע אַרומגעבלאָנקעט איבער די פעלדער און געזוכט אַ טרוקן שטיקל באָדן, אַ וואַנט זיך צו שיצן פון שטורעם־ווינט אָדער אַ בינטל גראָז, וואָס איז נאָך נישט פאַרטרונקען געוואָרן, כדי צו דערקוויקן די נשמה. די בהמות האָבן אויסגעלעקט יעדעס בינטל פאַרפוילט שטרוי, וואָס איז פאַרבליבן אין פעלד נאָכן דרעשען. מענטשלעכע הענט האָבן צוזאַמענ־געלייגט די קופּעס שטרוי און דורך די ווינטערטעג־און־נעכט האָבן די פערד און קי זיך איינגעגראָבן אין שטרוי, אויסגעגעסן לעכער און זיך יעדעס מאָל טיפער זיך פאַרגראָבן, זוכנדיק די פוילנדיקע וואַרעמקייט.

אָבער פון דעם איז איבערן ווינטער נישט פאַרבליבן קיין זכר. די הונ־געריקע בהמות ווערן געטריבן איבער די פאַרגאָסענע פעלדער ביז זיי קומען אָן צו די דראָטענע צוימען. קיין צוריקוועג איז נישטאָ. קעגן ווינט און רעגן וועט זיך די חיה נישט אויסדרייען, און איר סוף איז צו שטיין, ווי אַ פאַרמשפּטע, מיטן רוקן צום שמייסנדיקן רעגן און מיט פּנים צום דראָטענעם צוים. אַזוי זענען זיי פאַרגליווערטע איינגעזונקען אינעם באָדן און אַוועקגעפאַלן אין די טויזנטער. בלויז דער קאָלאָניסט, וואָס האָט גע־האַט אַרט אונטער אַ דאַך איינצוהאַלטן אַ קו און פערד, האָט נאָכן מבול געהאַט אַ גלאָז מילך און אויף וואָס צו רייטן אין שטעטל צו קויפן נויטיקע פּראָדוקטן. ביי די וועגן האָבן זיך געוואַלגערט און געפוילט צעגעסענע פּגרים און די לופט איז פול געווען מיט עיפּושדיקע ריחות.

געקומען איז ראש השנה, און די אויפגעגאַנגענע און געדיכטע תבואה־

פעלדער האָבן אויפגעלעבט האָפענונגען אין די הערצער פון די ערד־אַרבעטער. דער פויער האָט ווידער געפלאָטערט צווישן יאוש און נייע מעגלעכקייטן. מילך איז טייערער געוואָרן, אָבער עס איז נישט געווען, וואָס צו מעלקן. דער שניט ווייזט זיך דאָס מאָל נישט ווי געווינלעך; דאָס אויג האָט שוין אַ פּאָר יאָר נישט געזען אַזאַ געדיכטן תבואה־פּאַרזיי, אָבער מיט וועלכע פערד וועט מען שלעפּן די דרעשמאַשין אין די טעג פון שניט?

אויפן וועג צום קליינעם שילכל, וואָס איז געשטאַנען צווישן דער יידישער שולע און דער שפּאַנישער, זענען קאָלאָניסטן אָפּגעגאַנגען פון זייער סטעזשקע, זיך דורכגעטראָגן צווישן די שטעכיקע דראָטצוימען און פון דער נאָענט באַטראַכט די צעוואַקסענע ווייצן־ און גערשטן־פעלדער. אַ פרימאָרגן־ווינטל האָט קיל געגלעט די אויפגעלעבטע געזיכטער. דאָ און דאָרט האָבן די ערשטע זאַנגען זיך אָנגעהויבן אויסשיילן, און אָנגעקוואָלענע פון נאַכטיקן טוי, האָבן זיי אַרונטערגעבויגן די בלעטער ווי צו פאַרדעקן די אייגענע אָנגעיוירטקייט.

אין שילכל האָט מען זיך געדאַרפט צוזאַמענקומען פון די ווייטסטע ווינקעלעך, און דאָס האָט געדויערט. ביים לייכטן אונטערקנאַקן פון די חלבדיקע ליכט־פלעמלעך, אין די טוכלע ריחות פון שוויס און נאַפטאַלין, וואָס האָבן געשלאָגן פון די טליתים, האָט זיך געפירט אַ לעבעדיקער שמועס צווישן די שוין פאַרזאַמלטע. פון יענער זייט לייוונטענער מחיצה האָבן די ווייבער געערעדט אויפן קול. עטלעכע פון זיי האָבן שטיל און טרויעריק־זשומענדיק געלייענט אין מחזור און טייל מאָל זיך איבערגעריסן מיט אַ קלאָר־שניידנדיקן: „אוי ווי, טאַטע פאָטער, זיסער גאָט אין הימל!“...

זישע אַקערמאַן, ניאָמעס מחותן, דער בעסאַראַבער למדן, האָט אַהער־געבראַכט די נייעס, אַז אין ווייטן עק פון דער קאָלאָניע, דאָרט וווּ עס הייבן זיך אָן די רעזערוו־שטחים פון דער „געזעלשאַפט“, האָט זיך די וואָך באַזעצט די משפּחה פון דייטשע יידן. נישט מיטן פולן האַרצן האָבן אַלע אויפגענומען די ידיעה.

— גיי באַנעם די וועגן פון דער „מומען“! (די קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט) שטעטלדיקע בעל־מלאכות און קאָלאָניסטן פון אַנדערע מער געשטראָפטע געגנטן שלאָגן אָפּ די טירן פון דער אַדמיניסטראַציע, ווילן אַריבער אַהער — און גאָרנישט: „נאָר די, וואָס מיר וועלן אַראָפּברענגען אין לאַנד אַריין, וועלן מיר קאָלאָניזירן“... אַזאַ מין רשעות!

דער, וואָס האָט זיך באַקלאָגט, איז געווען אַ נידעריקער אויסגעאַר־בעטער קאַלאַניסט, מיט טיפֿע צעקאַרבטע קנייטשן אויפֿן געזיכט. די דיקע פֿינגער האָבן זיך געשפּילט, ווי אויסגערוטע פֿון וואָכעדיקער אַרבעט, מיט די שפּיצן פֿון די טלית־ציצית.

די ידיעה האָט געצויגן צו אַ באַניטן שמועס, אָבער די מתפּללים זענען נישט להוט געווען אַריינצוטרעטן אינעם איינגעריבענעם נוסח פֿון דיסקוטירן, צי די „מומע" איז אומגערעכט אָדער עפּעס פֿאַלט אויך אויפֿן חשבון פֿון די קאָלאָניסטן גופֿא. די צייט און דער אומאויפֿהערלעכער גע־ראַנגל האָבן ביסלעכווייז אָפּגעטעמפּט זייער דראַנג אָנצוגרייפֿן דער „גע־זעלשאַפֿט". האָט מען אונטערגעברומט, ווי פֿון יוצא וועגן, און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, ספֿק צושטימונג און ספֿק, ווי מען וואָלט זיך געגרייט שוין צו אַ שטילער תּפֿילה.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט עמעצער אונטערגעכאַפּט:

— און אויף די רעזערוו־באָדנס האָט מען פֿון שטענדיק אָן געמעגט באַזעצן דייטשן און אַלערליי שלעק? זאָלן איצט כאָטש הנאה האָבן אחינו בני ישראל, געשלאָגענע נעבעך...

— און אונדזערע זין? ווען זיי האָבן חתונה און ווילן זיך באַזעצן דאָ נישט ווייט, פֿאַר זיי זענען די ערדן אויסגעשלאָסן... צי האָט דער פֿאַר־שטאָרבענער באַראָן טאַקע אַזוי געטראַכט און אַזוי געוואָלט?

דער באַראָן! — אויף וויפֿל דער נאָמען פֿון דער „געזעלשאַפֿט" איז דערמאָנט געוואָרן מיט פֿאַראַכטונג און בייזקייט, איז דער נאָמען פֿונעם באַראָן געבליבן פֿאַרבונדן מיט אַ צויבערדיקער פֿאַרשטעלונג אין זייערע נשמות. דאָס איז געווען אַ מין אילוזיע, צו וועלכער מען האָט זיך נישט געקאָנט דערנענטערן שוין זינט יאָרצענדליקער, און געבליבן איז בלויז אַ מידקייט פֿון אַ גאַנג צו אַ געגאַרטן און נישט דערגרייכטן ציל. ס'איז נישט פֿאַרבליבן קיין אויסזיכט, אַז צווישן דעם חלום פֿונעם באַראָן און די מעשׂים פֿון זיינע פֿאַרטרעטער זאָל קומען צו אַן אויסגלייך...

ניאָמע ליפּמאַן איז געזעסן אויף דער האַרטער באַנק, איינגעהילט אינעם טלית און געוואַרט, אַז מען זאָל אָנהייבן דאַווענען שחרית. זיין געהער איז היינט מער אָנגעשפּיצט ווי געוויינלעך און אין זיין מוח שלאָגן נאָך די כוואַליעס פֿונעם נעכטן, מאָדנע, ווען ער זעצט זיך אַוועק ביים אָפֿענעם

פענצטער פון שילכל, דורך וועלכן ער קען אַרומנעמען די ברייטע פּיזאַ־זשן, באַקומט זיין פאַרשטעלונג פליגל און זי וויגט זיך איבער די צעכוואַ־ליעטע גרינע פעלדער.

דער דרויסן איז אין שרייענדיקן ווידערשפּרוך מיט דעם אינערלעכן כאַראַקטער פונעם שילעכל, וואָס איז די מערסטע צייט פון יאָר צוגעשפּאַרט אויפן שלאָס. די בונטע זון־שטראַלן, וואָס רייסן זיך אַהער אַריין פונעם אויפגעפּראַלטן פרילינג, קענען נישט צעטרייבן די טוכלע ריחות פון גאָטס שטיבל. איז אַ מאָל אַ יאָרצייט אין דער קאָלאָניע, דעמאָלט צעפליט זיך די סולקי איבער די צעוואָרפענע הייזער און מען זאַמלט איין אַ מנין אויסגע־האָרעוועטע יידן, וואָס ווערן צוגעצויגן דורכן ריח פון נעגעלעך־בראָנפן און פון דעם ווילן צו טאָן אַ מצווה. אין די שבתים איז שוין קיין מנין נישט פאַראַן, און יעדער וואָס טראַגט גאָט אין הארצן, דאַוונט שוין ביחידות. נאָך יענע גרויסע שטרייטן צווישן „רעכטע" און „לינקע", נאָכן אויסכאַפּן די ספרי־תורה פון די הייליקע אַלמערס, נאָכן מאַכן צו שאַנד און שפּאָט די יידישע פירונגען אין די אויגן פון די אַרומיקע גויים — איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די טראַדיציאָנעלע פירונג אין דאָרפסלעבן. דער שבת ווערט שוין נישט געהייליקט מיט יענעם אייפער סיי פון פרום־אָפּגעהיטע און סיי פון די „פרייע", וואָס פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אין הויז פון דער „רויטער" מאַניע — די רביצין פון די לינקע, ווי מען האָט זי גערופן. אויך די לינקע רביצין האָט עוקר געווען מיט איר משפחה אין שטאָט אַריין....

די יוגנט, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין קאָלאָניע, האָט זיך איינגע־שרומפּן אין אייגענע זאָרגן, און ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צו אַ לעבן אָן עמאָציעס און אָן זוכענישן. פון צייט צו צייט האָט מען זיך ווי אויפגעכאַפּט, און געטריבן פון איינגעדרימלטע כוחות, איז מען אויפגע־שטאַנען און דורכגעפירט אַן איינמאָליקע קולטור־אונטערנעמונג אָדער זיך אַריינגעטאָן מיטן ברען פון יענע פאַרגאַנגענע טעג אין רעפּעטיציעס פון אַן איינאַקטער. מען האָט נישט גערוט ביז די פּיעסע איז נישט אַרויפגע־בראַכט געוואָרן אויף דער בינע, אַ צוזאמענגעשטעלטע פון צוויי פלאַכע וועגענער.

ניאָמע וויקלט זיך נאָך מער איין אינעם וואָלענעם אויסגערייבענעם טלית, ווי זיך אָפּצושיידן פון די וואָכעדיקע שמועסן אַרום אים. בלויז זיין בליק איז פריי אויף צו קענען אַרויסרייסן זיך פונעם מערבדיקן פענצטערל,

וואָס איז היינט ברייט אויפגעפּראַלט. די פעלדער טראָגן אַהער די ריחות פון אויפגעוואַכטן פרילינג.

דאָס פענצטער איז אָפן, און זיין בליק שנײַדט זיך אַריין אין דער ווייטקייט. ווי אַ פרייע נאָכגעלאָזענע פייל, צו יענעם בערגל, ווו עס שטייט נאָך ביז איצט די איינגעהויקערטע ראַנטשאָ פונעם שוין פאַרשטאָרבענעם גאַוטשאָ, דאָן כואַן קאַסטראָ. „אָט אַ מחותן״ — האָט זיך די פייל צוריקגעקערט און זיך איינגעשניטן טיף אין האַרצן אַריין — „ניאַמע ליפּמאַנס מחותן״... שוין עטלעכע יאָר ווי דער איינגעבוירענער איז אַ שוכן עפר. אַן ערלעכער און פּרימיטיווער פּיציכטלער. געזעסן איז ער אויפן באָדן, וואָס זיינע אורעלטערן האָבן אויף אים די געצעלטן אויפגעשטעלט און געהערשט איבער די בערגלעך, איינגענומענע אינעם שטורמישן רייטער־גאַלאָפּ, ביז ער, ניאַמע, איז אַראָפּגעקומען און זיך פאַרנומען צו זיין דער ערשטער אויפצושטעלן אַ יידיש דאָרף אין דער געגנט. מירעלע, זיין בלאָנד טעכטערל מיט די ווייץ־קאָלירטע צעפּעלעך, האָט צעמישט די קאָרטן און אַריינגעבראַכט אַ צערודערונג אין זייער לעבן. ער האָט זי געהאַלטן יאָרן לאַנג צוזאַמען מיט דער מיזינקעלע רוזשקעלע, דערוויייטערט פון אָט דער פוסטער און דראָענדיקער סביבה. געהאַלטן זיי אויף קעסט ביי דעם מחותן אין דער קאָלאָניע פון די ליטוואַקעס, און ווען עס האָט זיך דאָ צעבליט אַ יידישער ישוב, און ער האָט די טעכטערלעך אַהיימגעבראַכט, זיי זאָלן זיך פילן פריי און צענעמען די פליגלען אין אַ פולער יידישער סביבה, האָט די געפּאַר אָנגעיאָגט פון יענעם בערגל, ווו דער איינזאַמער צעוואַקסענער „אָמבו״־בוים האָט שטענדיק אַזוי פרידלעך געפאָכעט מיט זיינע פליגלען־צווייגן.

עטלעכע יאָר זענען שוין פאַרביי זינט מירעלע איז אַוועק מיטן שגץ, מיטן יינגסטן זון פון דאָן קאַסטראָ, און די בלוטיקע וווּנד יאַטרעט נאָך און קען זיך נישט פאַרציִען. זיי זיצן ערגעץ אין אַ דרומדיקער פּאַרט־שטאָט. צופעליקע דורכפאָרער און באַזוכער האָבן געפּרוּווט אָנווינקען דורך רמזים, אַז זיי ווילן זיך איבערבעטן און קומען אויף אַ באַזוך. ניאַמע האָט זיך געמאַכט, ווי ער פאַרשטייט נישט, אָבער טיף אינעווייניק האָט ער מיט ביידע הענט אָפּגעטריבן דעם געדאַנק, אַז טיטאָ, דער אַמאָליקער אָפּ־געריסענער שגץ פונעם שכנס ראַנטשאָ, זאָל זיך אַ רגע אַפילו אַרומדרייען אין שטוב.

אָפּט מאָל, ווען ער איז אַליין אין פעלד, אָפּגעזונדערט פון מענטשן און פאַררוקט אין דער נידעריקער טייל פון זיין נחלה, פרווט ער פאַר זיך אַליין אויפוויקלען די געשעענישן זינט יענעם פרימאָרגן, ווען ער איז, צוריק מיט צוואַנציק יאָר, אַרויפגעטראָטן אויף אָט דעם באָדן. יענעם פרי־מאָרגן איז ער באַגלייט געווען פון זיינע ביידע עלטערע זין, דער שטילער מאיר און דער אַמאָליקער רעוואָלוציאָנער, הערשל. יענעם טאָג האָבן זיי באַטראַכט דעם בערגל פון „די זיבן פיילן", ווי דעראָבערער פון אַ נייער וועלט, און ווי אַ צייכן פון זיין איינקלאַמערן זיך אינעם באָדן, האָט ער אַריינגעקלאַפּט דעם ערשטן פלאָקן, פונקט ווי די שפּאַנישע קריגער פלעגן אין דער נייער וועלט אַריינקלאַפּן דעם קרייץ אין דער איינגענומענער טעריטאָריע.

איז זיין דורכגעמאַכטער וועג געווען אַ ביטערער טעות? ער האָט דאָך מיט זיין עקשנות אויסגעטראָגן די אַנטשטייונג פון אַ יידישן דאָרף. אויף זיינע מאָגערע פּלייצעס האָט ער דורך לאַנגע יאָרן געשלעפּט די לאַסט פון איינזאַמקייט, ביז ער האָט דערזען פאַר זיך אַ נייעם יידישן ישוב. אָבער צי איז דער פּרייז, וואָס ער האָט באַצאָלט נישט צו פיל געפאַלן אויף אים אַליין? צי איז רעכט געווען, אַז זיין פּערזענלעך לעבן זאָל צוליב דעם צע־שטויבט ווערן?

אין איינעם אַ טאָג איז ער געזעסן אויפן פייכטן שאַרף־שמעקנדיקן גראָז, ווי אַן אָפּגעריסענער פון טאָג־טעגלעכע דאגות. און דאָ אין דער שטילקייט פון דער נאַטור, האָט ער מיט מעלאַנכאָליע געמוזט מודה זיין, אַז נאָר דאָס שלום־מאַכן מיט דער לאַגע וועט אים דערמעגלעכן ממשיך צו זיין דעם וועג ביז די לעצטע פון זיינע טעג. אַזאַ שלום־מאַכן איז אייגן פאַר אַ מענטש, וואָס ווייסט די וואָג פון מענטשלעכן לעבן אין זיין גרויען עלטער — דאָס איז אַן איבערבעטן זיך מיט סיטואַציעס, וואָס ער אַליין קען זיי שוין נישט ענדערן.

— וואָס? צי איז געווען ריכטיק פון אונדזער זייט צו קומען אַהער און אַרויסשטויסן די געציילטע פּי־טרייבער און שאָף־אָפּהיטער? צי האָבן מיר באמת זיי אַרויסגעשטויסן? דאָס נישט... אָבער דערפאַר ווייל אַ יידישער באַראָן מיט זיינע איבעריקע מיליאָנען, און דערצו מיט אַ סך יידישע צרות, האָט זיך פאַרנומען צו לייזן פּראָבלעמען און מאַכן ציוויליזאַציע? און וויפל פּראָבלעמען זענען אַרויפגעשוומען?...

— אָפּגעצאָלט געלט, ר׳ ניאָמע, אָפּגעצאָלטע חובות מיט פּראָצענט. דו האָסט זיך געראַנגלט מיט זיך און מיט דער וויסטעניש. האָסט איינגענומען דעם באָדן, וואָס געהער דיר נישט — נישט דורך ירושה און נישט דורך טראַדיציע. האָסט איינגענומען דעם גרינעם פּראָנט, אָבער דער שטן האָט אַריינגעכאַפּט דיין בלאָנד טעכטערל פאַר אַן ערבות — אַן אויג פאַר אַן אויג...

ער האָט געציטערט פאַר דעם אייגענעם אויספיר. ער האָט אַפילו מורא געהאַט אויפצוהייבן זיין בליק אין דער ריכטונג פונעם איינזאַמען בוים: דאָרט איז די ראַנטשאָ פון דאָן כואַן. אַ פאַרלאָזטע. נאָך דער רציחה פון זייער גוטן פריינד, זשאמע קוריס, האָט מען דעם רוצח, דעם מאַן פון קאַרמען קאַסטראָ, אַריינגעזעצט אין תפיסה. די גוטמוטיקע קאַרמען האָט נישט געזען מער קיין צוועק און קיין ציל צו היטן איר פאָטערס ראַנטשאָ און איז פאַרשוואונדן, קיין שפור נאָך זיך נישט געלאָזן. פון דער וויטנס מיניעט זיך נאָר אַ וויס בערגל און אַ דערנערקוסט שטייט ווי אַ שומר איבער די קברים פון אַלטן גאַוטש און זיין יונג־פאַרשטאָרבענער פרוי. איצט איז פון דעם אַלעם געבליבן דער צעוואַקסענער בוים, אַן איינגעפאַלענער גרוב אויפן אָרט, וווּ די וווינונג זייערע איז באַדעקט געווען מיט בלעך און ליים, און אַ שטילקייט, ווי דאָס שוויגן פון די וויטע בערג.

איצט, זיצנדיק איינגעהילט אין טליתביים ראַנד פונעם פענצטער, האָבן אַלע אויפגעוואַכטע רעיונות זיך צעשפּילט. אַ גרויסע זלידנע פליג האָט אַ זשומע געטאָן אין אויער אַריין. דאָס האָט אים אויך אומרויִק געמאַכט. אין פעלד, ווען ער איז אַליין, און אַזאַ פליג, אַן איינציקע אין דער אומענדלעכער שטילקייט צעזשומעט זיך, דערמאָנט עס אים אָן דעם גערויש פון אַ מאָטאָר פון אַן אַנלויפנדיקן אויטאָ און אַפילו דעם ריח פון גומענע רעדער אויפן זאַמדיקן וועג... ער ווייסט נישט פאַר וואָס, אָבער דער גערויש פון אַן אויטאָמאָביל אויף די וועגן, וואָס דאָס אויג זעט אים נישט און נאָר די נאָזלעכער דערשפּירן זיין אָנקומען, דערוועקן אין אים דעם פּחד פאַר דער מאַשין, וואָס קען גובר זיין די מענטשלעכע פירנדיקע האַנט. עס וועט נישט אַרויסשפּראָצן קיין גוטס פאַר די מענטשן פון אָט דער לויפנדיקער מעטאַלענער חיה...

הינטער דער פלייצע האָט ער דערפילט אַן אומגעוויינלעכע באַוועגונג, אַ מין גערויש פון טליתים און געאיילטע טריט. ער האָט זיך אויס־

געדרייט און אינעם אַריינגאַנג האָט ער דערזען צוויי אומגעוויינלעכע געשטאַלטן.

דאָס איז געווען דאָס נייע דייטש־יידישע פּאָרל, וועגן וועמענס אָנקו־מען מען האָט אַזוי פיל גערעדט אין דער קאָלאָניע. זייער דערשיינען איצט, ראש השנה, אינעם שילעכל, האָט אַרויסגערופן ביי די פּאַרזאַמלטע דערשטוינונג און נישט איינער האָט זיך באַמיט אַראָפּצודריקן אַן אויפגע־בליטן שמייכל אויף די ליפּן.

דער מאַן איז געווען אַ קליינער און אַ דאַרער. זיין געזיכט איז געווען פּאַרמעט־מאַט און אַ מידקייט איז געלעגן אויסגעגאָסן אַרום די העלע אויגן. נישט געקוקט, וואָס ער איז געווען פון נידעריקן וווּקס, האָט ער דאָך, מיט זיין האַרטן צילינדער, דערגרייכט צו דער זעלבער הויך ווי זיין פרוי. דאָס איז געווען אַ היפּשע צעוואַקסענע פרוי מיט פול אָנגעגאָסענע מוסקולן, און דאָס ברייטע געזיכט איז באַלויכטן געווען פון אירע לעבע־דיקע גרויע אויגן. זי האָט נאָך געהאַלטן איבערן קאָפּ דעם צעעפנטן שירעם און אונטער דער פּאַכווע — אַ דיקן זילבער־געבונדענעם מחזור. זי האָט זיך, זעט אויס פון געוווינהייט, עטוואָס אָנגעבויגן, כדי צו פּאַרטושן איר העכערקייט פונעם מאַן. אין די אויגן פון די דאַוונער איז שווער געווען אויסצוטיילן דעם מאָטיוו פונעם הויכן צילינדער אויפן קאָפּ פונעם גאַסט — צי איז דאָס געווען צוליב דער פייערלעכקייט פונעם טאָג אָדער פשוט, כדי זיך אויסצוגלייכן מיט דער הויך פון דער פרוי...

— גוטעס יום־טוב, זינד זי באַגריסט אין פייערטאַג — האָט ער זיך פאַרנייגט שטייענדיק איבערן שוועל, ווי אַ גאַסט, וואָס וואַרט אויף אַן איינלאַדונג — וויר קאָמען פאָן דויטשלאַנד — וויר זענען פליכטלינגע... יאָ, צו אינעם דינסט... קאַרל בלאַושטיין און מיינע פראַו, גערטע.

זיינע קורץ־אָפּגעהאַקטע רייד, וואָס האָבן געקלונגען אַ ביסל קאָמיש און פרעמד, האָבן אָפּגעווישט די חוזק־שמייכלען פון די דאַוונערס. דער געדאַנק, אַז דאָס זענען די קרבנות פון היטלער־רעזשים האָט אָנגעווייעט אַן ערנסטקייט אויף די געמיטער. מען איז אויפגעשטאַנען און זיי אָפּגע־געבן שלום און זיי געבעטן אַריינצוגיין. קאַרל האָט זיך באַמיט צו שמייכלען, אָבער זיין בליק איז געבליבן שטאַר און פאַרטרויערט.

גערטע דאַקעגן האָט זיך גענייגט און געשמייכלט מיט אירע פולע און פלישיקע ליפּן, און אַלע אירע באַוועגונגען האָבן איינגעלאַדן צו פאַמי־

ליאַר־פריינדלעכער דערנענטערונג. די ברייט־צעוויגטע פאַלדן פון איר קלייד האָבן מיסטעריעז גערוישט.

מען האָט זיך אַרום זיי פאַרזאַמלט און געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס עס איז געלונגען צו פאַרשטיין. דער מאַן איז געווען קאַרג אויפן וואָרט און אַ שטילער פחד האָט באַגלייט אַלע זיינע באַוועגונגען. בלויז געריטעס דינע שטימע, וואָס איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו איר פולן קערפּער, האָט געקענט אַ ביסל וווייכער מאַכן דעם איינדרוק.

מען האָט זיך געשטעלט דאַוונען און יעדער האָט געפונען פאַר נויטיק זיך צו דערנענטערן און אַריינבליקן אינעם אָפענעם גרויסן מחזור, וואָס קאַרל האָט פאַר זיך געהאַלטן. אַלעמענס אויגן האָבן געטאַנצט איבער די פרעמדע אומפאַרשטענדלעכע גאָטישע אותיות. דער דינער טלית האָט, ווי אַ לייכטער שאַליק, צוגעדעקט די אַראָפּגעפאַלענע שמאָלע אַקסלען פונעם נייעם קאָלאָניסט, דעם דייטשן פּליט.

נאָכן דאַוונען האָט מען געמאַכט קידוש און ביים „לחיים” צוגעווונטשן דער נייער משפּחה אַ גיכן און גרינגן איינלעבן זיך אינעם באָדן. ווען דאָס דייטשע פּאָרל האָט פאַרלאָזט די שיל און געאָרעמט, מיטן אָפענעם זיידע־נעם שירעם איבערן קאָפּ, זיך אַוועקגעלאָזן אַהיים איבערן זאַמדיקן וועג, האָבן די מתפּללים צונויפגעלייגט די טליתים און זיי נאָכגעקוקט און גע־זוכט עפּעס אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן:

— זיי זעען אויס מאָדנע — האָט זישע אָקערמאַן געזאָגט — ווי אַרויס־געריסענע פון אַ בילד, פון אַן אַלטן לערנבוך. אַלץ האָבן זיי פאַרלוירן אין דייטשלאַנד, אָבער די אויסערלעכע צערעמאָניע זייערע היטן זיי אָפּ ווי אַ ירושה...

— מיר דאַרפן גרייט זיין זיי צו פאַרדייען — האָט ווער געענט־פערט — און נישט נאָר זיי אַליין. עס האָט זיך דאָרט עפּעס אַ ריר געטאָן פון יענער זייט ים. אפשר וועלן מיר באַקומען אַ ביסל נײ בלוט... דאָס איז נאָר די ערשטע שוואַלב...

— יאָ אַ שוואַלב מיט אַ צילינדער... אַ האַרטן צילינדער...

די דאַוונערס האָבן געלאַכט און לאַנגזאַם זיך צעזעגנט. יעדער האָט זיך פאַרנומען אויף די איינגעטראָטענע סטעזשקעס, וואָס פירן איבער די פעלדער און פאַרקירצן דעם וועג צו זיך אַהיים. ניאָמע האָט זיך אָפּגע־

שיידט פון אַלעמען און פאַרשווונדן צווישן די באַגרינטע און צעוואַקסענע בערגלעך, וואָס האָבן געכישופט מיט זייער תבואה־טעפּיך.

גאָר שנעל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער נייער קאָלאָניסט אין דעם וויטסטן עק פון דער קאָלאָניע איז געקנאָטן פון אַ באַזונדערן טייג. קליין און איינגעדאַרט ווי ער איז געווען, האָט ער געהאַט די אַבסאָלוטע שליטה איבער דער משפחה און זיין וואָרט איז געווען, ווי אַ געזעץ. גאָר שנעל האָבן די שכנים פאַרביטן זיין נאָמען קאַרל מיטן צונאָמען „קערל" און זיין פאַמיליע־נאָמען בלאָושטיין איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן אויף „האַרטשטיין" — אַ קלאָרע אָנדייטונג אויף זיין עקשנות.

געפּירט האָט מען זיך אין דער קאָלאָניע, אַז שבת נאָך מיטאָג האָט מען איינגעשפּאַנט די סולקי און אָפּגעשטאַט וויזיטן ביי נאָענטע און וויטע שכנים. די הייזער זענען געווען אָפּגעשיידט דורך לאַנגע קילאָמעטערס און גיין צו פוס איבער פעלדער און זאַמדיקע וועגן איז געווען שווער. פלעגט מען צופאָרן אויף אַ פאָר שעה אין געסט, און מען איז געזעסן, ווינטער אין דער גרויסער קיך, און זומער — אינעם שאָטן פון די ברייטע ווערבעס. מען האָט געקנאַקט סעמעשקעס, געטרונקען די הייסע מאַטע און צוגע־ביסן אייער־קוכנס. די ווייבער זענען געווײנלעך געזעסן באַזונדער און גע־שמועסט וועגן די קינדער, וואָס זענען זיך ביסלעכווייז צעפלויגן איבער די וויטסטע עקן פון דער רעפּובליק. די מענער זענען געווען פאַרטאָן אין הייסע דיסקוסיעס וועגן קאָאָפּעראַטיוו, וועגן די צוגרייטונגען צו דער נייער גערעטעניש און וועגן אַלץ, וואָס געשעט אין דער וועלט. צוויי מאָל אין וואָך פלעגן אָנקומען אויף דער פּאָסט, מיט דער דורכפאָרנדיקער באַן, די פעקלעך יידישע צייטונגען, און שבת נאָך מיטאָג איז געווען די פּאַסיקע צייט אויך איבערצוקוקן די בלעטער, לייענען די נייעס און זיך צוכאַפּן צו די פאַרזעצונגען פון די „שפּאַנענדע ראָמאַנען".

דער נייער קאָלאָניסט האָט איינגעפירט אַ באַזונדערן און מאָדנעם מנהג. פריטיק נאָך מיטאָג פלעגט זיין יונגער זון, דער דרייצניאָריקער אָטאָ, אַרויספאָרן רייטנדיק, יעדעס מאָל צו אַ נייעם שכן, און אין נאָמען פונעם פאָטער פייערלעך איינלאַדן דעם שכן אויף אַ שבת־באַזוך, אָדער אָנזאָגן, אַז זיי וועלן אָפּשטאַטן דעם און דעם טאָג אַ וויזיט.

און טאָמער האָט זיך געמאַכט, אַז אַ שכן האָט זיך געפעדערט, נישט

געמאָלדן פריער, און זיך אַראָפּגעיאָוועט ביים דייטש אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג, האָט ער געעפנט די טיר נאָר אויף אַ האַלב, אַרויסגערוקט די שמאָל־שפּיציקע נאָז זיינע, אויסגעשטעלט די גלאָזיק־פאַרשלאָפענע אויגן מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן און אַרויסגעהעשעט:

— ענטשולדיקן זי מיר, מיינע הערשאַפטן, יעצט שלאָף איש...

ווי יעדער דייטש האָט ער ליב געהאַט אָרדענונג, און נאָך מער — די שטוב־חיות. יעדעס פערד און יעדער הונט האָט באַקומען אַ מענטש־לעכן נאָמען, און דווקא פאַראַלעל מיט די שטובלייט. די אויפגעבלאָזענע פאַרערונג צו די שטוב־חיות, וואָס איז נישט געווען לויטן געשמאַק פון די מזרח־אייראָפּעיִשע יידן, איז געווען אַ דאַנקבאַרער שטאָף פאַר שפּאָס און נאָכקרימען.

עס איז אויסגעקומען, אַז דאָס פערד, אויף וועלכן דער יונגער אָטאָ איז געריטן צו די שכנים זיי איינצולאַדן אין נאָמען פונעם פאָטער — האָט אויך געטראָגן דעם נאָמען אָטאָ, און ווי נאָר מען האָט דערזען אים אַריינ־פאָרן אינעם הויף פון אַ שכן אויף דעם ווייס־געשפּרענקלטן רייטפערד, האָט מען שוין געוווסט אויסצוזינגען דעם פּזמון:

— אָטאָ איז אָטאָ מיט זיין אָטאָ!

אַ צייט איז די מאָדנע משפחה מיט אירע פירונגען געווען דאָס גע־שפּרעך צווישן די שכנים פון נאָענט און ווייט. דעם אמת געזאָגט, האָט דאָס אַ ביסל אויפגעוועקט די איינגעשלאָפנקייט און מען איז אינערלעך צופרידן געווען פון אַזאַ „אָנשיקעניש", אָבער ביסלעכוויז האָט מען זיך צו זיי צוגעוווינט און אַפילו געפונען ביי זיי אייגנשאַפטן און פירונגען, וואָס עס איז כדאי אָפּצולערנען זיך פון זיי.

קאַרל בלאַושטיין האָט גענומען מאַכן די פאַרשידנסטע עקספּערימענטן צו קולטיווירן גרינצייג. די יידישע שכנים האָבן זיך צו דעם באַצויגן מיט ביטול. אָבער דאָך מיט אינטערעס. די יידישע קאָלאָניסטן האָבן ביז איצט זיך נישט אָפּגעגעבן מיט גרינצייג און קולטיווירט נאָר די זאַכן, וואָס האָבן געפאָדערט גרויסע באָדן־שטרעקעס: ווייץ, גערשטן, לען, מאַיִס און אַלפאַלפאַ. גרינצייג פלעגן זיי קויפן אָפט אַפילו האַלב איינגעדאַרטע, פון די, וואָס מען האָט געבראַכט פון ווייטערע געביטן, און טיילווייז פון די רוסישע און דייטשע גויים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אַרום דעם שטעטל, איינגעשאַפט אַ „קינטע" (גאָרטן־חלק) און געלעבט אַ ביסל פון דעם און

אַ ביסל פון לוינאַרבעט אין שטעטל אָדער אין שניט־סעזאָן ביי די יידישע קאָלאָניסטן.

קאַרל האָט געפּרוּווט פלאַנצן ירקות אונטער גלעזערנע פענצטער, גע־שלעפּט פעסער וואַסער מיטן פערד אין די טעג פון טריקעניש. נישט ווייט פון שטוב האָט זיך געצויגן אַ גרין־טונקעלער לאַנגער בייט פון ציבעלעס. אַט דער בייט איז געווען דאָס געשפּרעך צווישן די שכנים. ווער עס האָט געחוזקט און נישט געגלייבט אינעם עקספּערימענט, און ווער עס האָט מקנא געווען דעם „גרינעם שפּאַלט", וואָס ער האָט עס איינגעפירט אַ נייעם צוגאַנג אין דער ווירטשאַפט. נישט איין מאָל האָט מען אויף די זיצונגען פון דער קאָאָפּעראַטיוו־ליטונג דערמאָנט מיט לויב זיינע פּרוּוון.

ניאָמע האָט נישט געקענט באַנעמען די מאָדנע באַציִונג פון די שכ־נים אין דער קאָלאָניע. ער אַליין האָט דאָך אויף זיינע פּלייצעס דורכגע־בראָכן אין די אַמאָליקע ערשטע יאָרן די וואַנט פון פאַראורטיילן און חוזק, ווען ער איז געזעסן אַליין צווישן גויים און איינגעשפּאַנט זיך אין דעם קליינעם פאַרזשאַווערטן אַקעראייזן, כדי צו ווייזן זיך און דער אַרומיקער וועלט, אַז אויך יידן קענען ציִען דאָס ברויט פון האַרטן און ווידערשפּעניקן באָדן. האָט ער דען נישט באַוויזן? און אפשר וועט אָט די שוואַלב אינעם יום־טובדיקן האַרטן צילינדער אָנזאָגן אויף אַ באַנייטן פרילינג אין דער קאָלאָניע? אפשר וועט אַ נייער ווינט אָניאָגן פון די געיאָגטע און געפּיי־ניקטע, וואָס קומען אַהער פון יענער זייט ים?

פערטער קאַפּיטל

# דורך אַ שפּאַרונע אין דרויסן

צווישן די פיר דעלעגאַטן פון אָרטיקן קאָאָפּעראַטיוו צום לאַנד־צו־זאַמענפאָר אין דער הויפּטשטאָט איז דאָס מאָל אויך אויסגעקליבן געוואָרן הערשל ליפּמאַן.

פאַר דעם איז אָנגעגאַנגען אַ היציקע און לאַנגע דעבאַטע אויף דער פאַרזאַמלונג פון די קאָאָפּעראַטיוו־מיטגלידער. דער טאָג איז געווען אַ סוף־זומערדיקער און אין די פריִע נאָכמיטאָג־שעהען האָט אַ שטאַרקער פּאַמפּאַ־ווינט זיך צעבלאָזן, געהויבן וואָלקנס שטויב איבער די ברייטע נישט געפּלאַסטערטע גאַסן פונעם שטעטל און געפּאַרבט די הימל־ברעגן מיט אַן אַשיקער גרויקייט. דורך שפּאַרונעס און דורך אַ פאַרגעסן עטוואָס צעעפנטן פענצטער איז דער שטויב אַריינגעדרונגען אין פאַרזאַמלונג־זאַל, וואָס אין הויף פון קאָאָפּעראַטיוו.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך צעשפּליטערט אויף עטלעכע פראַקציעס און די דיסקוסיע האָט זיך געצויגן אַן באַשטימטע ראַמען און מיט ווייניק קלאָרע אויספירן. די אָנגעזאַמלטע פאַרביטערונג דורך יאָרן האָט דאָ גע־פונען אַן אויסגוס און טייל מאָל האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז מען איז אַהערגעקומען נישט בלויז צו ווילן דעלעגאַטן, נאָר יעדער האָט געוואָלט מיטשיקן זיין אייגן פּעקל צרות, וואָס אין די מערסטע פאַלן האָבן זיי אויס־געזען אַזוי ענלעך ביי יעדן איינעם — ממש ווי אָפּגעשניטן פונעם זעלבן שטיק געוואַנט...

ניאָמע האָט דאָ געפונען אַ געלעגנהייט ווידער אַרויסצוברענגען זיין וואָרענונג קעגן אַריבערפירן די קאָנגרעסן פון די קאָלאָניע־אַנשטאַלטן אין דער גרויסער שטאָט אַריין. מיט ציטערדיקע רייד צווישן די גע־

ציילטע ציין אין מויל האָט ער אַרויסגעבראַכט זיין פאָרשלאָג. דאָס איז געווען מער ווי אַ פאָרשלאָג — דאָס איז געווען אַ מין פּראָטעסט פון איי־נעם, וואָס האָט אַליין געזען די טרויעריקע דערשיינונג פון ציִען אין שטאָט אַריין. אַפילו די צוזאַמענפאָרן פון קאָלאָניסטן פירט מען דורך אין דער גרויסשטאָט, וואָס פאַרשטייט נישט און האָט נישט קיין צייט פאַר די „בטלנישע״ פּראָבלעמען פון די יידישע פּויערים. אפשר וואָלט מען בכלל געדאַרפט באַיקאָטירן אַזאַ קאָנגרעס אין שטאָט?

נאָך דעם האָט אַן אַנדער קאָלאָניסט אַרויפגעבראַכט דאָס פּראָבלעם פון נישט באַזעצן די קאָלאָניסטישע זין אויפן רעזערוו־באָדן ביי דער קאָלאָניע. די „געזעלשאַפט״ האָט איינגעפירט אירע אייגענע געזעצן בנוגע די יונגע פאָרלעך, און אויב זי האָט שוין איינגעשטימט זיי צו געבן זיי באָדן און שטיצע — איז נאָר אויף שטרעקעס, וואָס געפינען זיך ווייט, צענדליקער אָדער הונדערטער קילאָמעטער, פון די עלטערן. דער רעזערוו־באָדן אַרום די קאָלאָניעס איז פאַרדונגען צו גויים. נישט אַלע קינדער, אַפילו די אידעאַליסטן צווישן זיי, ווילן זיצן ווייט פון דער געגנט, ווו זיי זענען דערצויגן געוואָרן און די סביבה איז זיי איינגעבאַקן אין דער נשמה.

אָט די טעמע האָט נאָכגעשלעפּט די מער לאַטענטע און דראַענדיקע דערשיינונג: פאַר וואָס פאַרלאָזן די יונגע דאָס פעלד? פאַר וואָס גייט מען אין שטאָט אַריין, כאָטש אין די ערשטע יאָרן גייען זיי דורך אַ פּייער־פּראָבע פון ראַנגלענישן און שווערע באַדינגונגען אין דער גרויסער שטאָט?

אין דער דיסקוסיע האָבן די לאַגערן זיך צעטיילט נישט לויט פאַר־טייען, ווי עס האָט זיך געפירט געוויינלעך, צווישן „רעכטע״ און „לינקע״ — נאָר לויטן דורות־צוזאַמענשטעל. די עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פאַרזאַמלונג, האָבן אַרויסגעבראַכט זייערע טענות, וואָס זענען געפאַלן ווי שווערע קלעפּ אויף די קעפּ פון עלטערן דור.

שולדיק אין אַלעמען, מער ווי די שטעלונג פון דער „געזעל־שאַפט״, איז די קאָנסערוואַטיווקייט פון די עלטערע וועטעראַנען אין קאָאָ־פּעראַטיוו. זיי האַלטן, אַז נאָר זיי זענען מסוגל אָנצופירן דעם אַנשטאַלט און לייזן אַלע פּראָבלעמען, און די יונגע — זיי דאַרפן נאָר שווייגן און פאָלגן. צי איז נישט געקומען די צייט, אַז מען זאָל אויך פריי מאַכן אַ פּאָר פּלע־צער פאַר די, וואָס וועלן מיט דער צייט בלייבן — אויב זיי וועלן בלייבן? צי דאַרף מען נישט צולאָזן אויך יונגע אין דער לייטונג? ווי אַזוי וועט

דער יונגער דור פילן, אַז ער איז אַ שותּף צו דעם אַלגעמיינעם שאַפן, אויב מען גיט אים גרייטע געזעצן, ווי די תּורה פון באַרג סיני ?

— ריכטיק, ריכטיק! שפּעטער קומט מען מיט טענות, הלמאי מיר פאַרלאָזן די קאָלאָניע...

— יעדער טאַטע מיינט, אַז נאָר ער איז מסוגל צו פירן די ווירטשאַפט פּונקט ווי ער אַליין באַשטימט. יעדער טוער אין קאָאָפּעראַטיוו מיינט, אַז טאָמער וועט ער אַ יאָר נישט זיין אין דער לייטונג, וועט דער גאַנצער בנין איינזינקען...

דאָס איז געווען נישט קיין ספּאָנטאַנער אויסברוך. יאָרן שוין, ווי די יונגע אין דער קאָלאָניע, און אַפילו עלטערע לייט, וואָס האָבן געהאַט אַ וואַכיק אויג אויף די געשעענישן אין דאָרף, האָבן געזען אַ גאָר געפערלעכע אַנטוויקלונג אין די קאָלאָניסטישע היימען. די קינדער זענען געזעסן אין טאַטנס הויז, גרויס געוואָרן, געאַרבעט און בייגעטראָגן צו דער ווירטשאַפט און דאָך נישט געהאַט אין די מערסטע פאַלן קיין ברעקל דעה אין דער פירונג. דער טאַטע איז געווען דער אַליין־באַשטימער, ווען און וואָס צו זייען, ווען צו פאַרקויפן די פּראָדוקטן, ווו צו באַשטימען די פּאַשע־פעלדער, ווען צו סילוקן אַ חוב, וועלכע מאַשין צו קויפן. אין אַ סך פאַלן האָבן די משפּחה־קעפּ באַשטימט אַפילו די קאָליר און די קוואַליטעט פון די אַנצוגן, וואָס מ׳האָט געקויפט די דערוואַקסענע קינדער. אָט די אַליינהערשאַפט האָט נישט ווייניק מיטגעווירקט, אַז נאָך אין די פריסטע קינדער־יאָרן זאָל אויסוואַקסן אין די הערצער פון די קינדער אַ רעוואָלט־געפיל און אַז זיי זאָלן, אין די גאָר יונגע יאָרן, פאַרלאָזן דעם טאַטנס הויז און אַוועק אין די נאָענטע שטעטלעך אַלס אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, אָדער גאָר זוכן גליק אין דער גרויסשטאָט.

נאָך אויף פריִערדיקע קאָנגרעסן האָט מען שוין געהערט די פאָדערונג, אַז מען זאָל אין דער לייטונג פון די אַנשטאַלטן אַריינגעמען אויך יוגנט־לעכע און זיך רעכענען מיט זייערע פאָדערונגען. עמעצער האָט אַפילו געהאַט דעם מוט צו וואַרפן דעם געדאַנק וועגן אויפצושטעלן אַ יוגנט־פעדעראַציע, און דורך איר — דערגרייכן צו די אָנפירנדיקע פּאָזיציעס.

די דיסקוסיע איז געווען אַ שווערע, ווי די לופט צום אָטעמען אינעם אָנגעשטויבטן און אָנגערויכערטן זאַל. צייטנווייז האָט עס געהאַלטן ביי אַן אויפרייס, אָבער ביים קלימאַקס פון קריטישן צושטאַנד איז אויפגעשטאַנען

אַ בכבודיקער טוער, מיט אַ קליין גרוי שפּיציק בערדל אויף זיין גוטמו־טיק געזיכט, און ער האָט מיט געזעצטע און איבערצייגנדיקע אַרגומענטן איינגענומען די צערייצטע געמיטער.

דאָס איז געווען ר׳ שאול. מיט זיינע דריי דערוואַקסענע זין, וואָס האָבן נישט געלאָזט זיך מיטן שטראָם אין שטאָט אַריין, האָט ער באַוויזן אַרויפצואַרבעטן זיך, געדונגען ביי אַנדערע קאָלאָניסטן שטרעקעס לאַנד און מיט מאָדערנע מיטלען זיך דערשלאָגן צו גוטע גערעטענישן. ער האָט געגעבן די קינדער די פולע פרייהייט אויסצואַרבעטן די קולטיוו־פּלענער. זיי האָבן זיך איינגעשאַפט דעם ערשטן טראַקטאָר אין דער געגנט און זיי־ער דערפאָלג האָט אַרויסגערופן סיי פּאַרערונג אין די אויגן פון דער קאָ־לאָניע און סיי קנאה אין די הערצער פון דורכגעפאַלענע.

מיט דער מיינונג פונעם בכבודיקן ר׳ שאול האָט מען זיך גערעכנט. ער האָט געהאַט אַ מעלאָדישע שטימע. געדאַווענט פאַרן עמוד, און דאָס געלט, שכר הטירחה, געשאָנקען פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, פון וועלכן ער איז געווען דער מורשה אין דער געגנט.

דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט. מען האָט געקענט מיט מער באַזאָכטקייט אָננעמען באַשלוסן און ווילן דעלעגאַטן, וואָס זאָלן די באַ־שלוסן אַריבערברענגען צום צוזאַמענפאָר. מען איז איינגעגאַנגען אויף פּשרות. מען האָט אויסגעוויילט צוויי פון די עלטערע בכבודיקע טוער און אַ יוגנטלעכן. דער פּערטער איז געווען הערשל, וואָס האָט באַדאַרפט סימ־באָליזירן די בריק צווישן זיי.

הערשל איז אינערלעך געווען צופרידן פון דעם אויסוואַל. שוין יאָרן, ווי ער האָט נישט באַזוכט די הויפּטשטאָט, און דאָ האָט ער געפונען אַ פּאַסיקע געלעגנהייט טרעפן זיך אין אַ נייער סביבה און זיך אָפּפרישן אין דער גע־זעלשאַפט פון אַנדערע מענטשן — זיך באַגעגענען מיט באַקאַנטע, מיט וועלכע ער האָט אַזוי לאַנג זיך נישט געזען. מער פון אַלץ האָט אים געצויגן אַהין, כדי צו זען און אָנטאַפּן פון דער נאָענט די סביבה און שפּירן די אַטמאָספער, וואָס הערשט אויף די צוזאַמענפאָרן. די קאָלאָניסטן קומען דאָך פון די פאַרשידנסטע געגנטן, וואָס הונדערטער און אַפילו טויזנטער קילאָמעטער שיידט זיי פונאַנדער, און וואָס טיילן זיך אויף „מאָגערע" און „פעטע" קאָלאָניזאַציע־געגנטן.

אָבער נאָך אַ באַהאַלטענע שטרעבונג האָט איצט אויפגעוואַכט אין

אים. נאָך דעם אָפּפלוס פון יונגע כוחות אין שטאָט אַריין, האָט ער געזוכט אַ געלעגנהייט צו באַטראַכטן פון דער נאָענט די לעבנס־באַדינגונגען אין שטאָט פון די געוועזענע יונגע פּויערים. עס זענען דערגאַנגען נישט קלאָרע און אַפילו אָפּט קעגנזעצלעכע מיינונגען וועגן אָט דער מאַסע, וואָס גיט אַפילו צו אַ באַזונדערן קאָלאָריט דער יידישער געזעלשאַפט אין די שטעט מיט זייער נאַיִוון לעבנסקוק, מיט זייער זאַפטיק יידיש לשון און מיט זייער שפּאַניש, גאָר אַן אַנדערער ווי אין דער הויפּטשטאָט. מען האָט גערעדט וועגן דערפאָלגן און דורכפאַלן, וועגן אַזעלכע, וואָס עס איז זיי געלונגען אין מסחר, אַזעלכע, וואָס האָבן געלערנט פאַכן, און אַזעלכע, וואָס גייען אַרום פאַרלוירענע איבער די פרעמדע גאַסן פאַרקויפן גאַלאַנטעריי־פּאַטשערקעס, אָדער טראָגן זיך אַרום מיט מעבל־שטיקער אויף זייערע פּלייצעס, שלאָגן אָפּ די טירן פון די „מאַריעס" און באָטן אָן די סחורה אויף מאַנאַטלעכע ראַטעס. הערשל האָט געוואָלט זיך דערשלאָגן צום סוד פון זייער קלאַמערן זיך אין דעם דזשונגל פון בעטאָן און שטיין. אין אַ פרייַמאָרגן איז ער אויסגעשטיגן פונעם פאַרשטויבטן וואַגאָן. נאָך אַ לאַנגער נאַכט־רייזע אויף דער האַרטער באַנק. ער איז געבליבן אַ רגע שטיין אויפן וואָקזאַל־פּלאַטפאָרם, ווי ער זאָל האָבן אויף אַ מינוט פאַרגעסן די ריכטונג פון זיין נויטיקן גאַנג — צוליב אַ פּלוצלונגן אַריינמישן זיך פון אַ געשעעניש.

דער קאָאָפּעראַטיוו פון שטעטל האָט באַאָרגט די דעלעגאַטן מיט קוויטלעך צו אַ באַוווסטער יידישער אַכסניה אין הארץ פון יידישן צענטער און מיטגעגעבן אין טאַש אויך עטלעכע פעזאָס פאַר זייטיקע און נייטיקע אויסגאַבן. אָבער הערשל האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אין אָט דעם מאָמענט, ווען ער איז שטיין געבליבן אויפן וואָקזאַל, אַז ער וועט זיך איינקוואַרטירן ביי באַקאַנטע און זיי נאָך דעם געבן אַ שיינע מתנה.

ער האָט גוט געוווּסט, אַז זיינע באַקאַנטע אָדער לאַנדסלייט פון אַמאָל וווינען אין זייער באַשיידענע דירות, אָפּט מאָל עטלעכע נפשות אין איין צימער. אָבער אַ טייל האָבן שוין געהאַט באַוויזן אויסצובעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען און זיך אַריבערציִען אין מער רחבותדיקע אַפּאַרטאַמענטן. אייניקע פון זיי פלעגן אַ מאָל, אין די זומער־חדשים, זיך אַראָפּכאַפּן אויף אַ פּאָר וואָכן אין דער קאָלאָניע און הנאה האָבן פון דער פרישער לופט, פון אַ גלאָז מילך גלייך פון דער קו און אַ פריש איי פון אונטער

דער הוז. נאָך אַ סך איינלאַדונגען איז איצט געקומען די צייט און די געלעגנהייט זיי אָפּצוגעבן אַ וויזיט, און ער איז זיכער, הערשל, אַז ער און אויך זיינע איינלאַדער וועלן זיין צופרידן.

ער האָט געקענט איינשטיין ביי זיין שוואָגער אַבעלע, רבקהס ברודער, וואָס האָט שוין זינט יאָרן געוווינט אין בוענאָס־איירעס און זיך אָפּגעגעבן מיט מסחר, נאָך דעם ווי ער האָט אַ סך יאָרן זיך אַרומגעטראָגן מיט פּעקלעך און קאָשיקעס איבער די פאַרשטעטלעך, און אָפט איבער די פּראָווינץ־שטעט. ער פלעגט פאַרקויפן „ענגלישע" שטאָפן. ער האָט זיך פאַרגע־שטעלט אַלס ענגלישער מאַטראָס, געשאָטן פאַר די גויים מיט פסוקים פון תנ"ך און זיי געפעפערט מיט קללות אויף יידיש...

איצט האָט ער זיך איינגעשאַפט אַ שניידמאַשין און צעטיילט די צו־געשניטענע הויזן פאַר גויים און שיקסעס צו נייען ביי זיי אין דער היים. פאַר אַ פאָר סענט פלעגן זיי טעג און נעכט קלאַפּן מיט די מאַשינען און טראָגן אַהין און צוריק גרויסע פּעק מיט צוגעשניטענער און אויפגענייטער סחורה.

אַבאַלע איז געווען דער לעבעדיקער ביישפּיל ווי אַזוי מען קען דורך אייגענער איניציאַטיוו און איינפאַל, דורך קריכן אין אַלע לעכער און אָנשלאָגן אין אַלע טירן, דערשלאָגן זיך צו אַ גוטער פּאָזיציע. אין דער קאָלאָניע האָט מען געהאַלטן, אַז ער איז שטיין רייך, אַ סימן — מען האָט אים אין שטאָט פאַרגעלייגט צו ווערן דער קאַסיר פון בית־יתומים און מושב־זקנים.

אָבער צו אים וועט ער נישט פאָרפאָרן, אַפילו יענער זאָל דערנאָך זיך בייזערן און קלאַפּן אים גלייכצייטיק גוטברודעריש איבער דער פּלייצע. הערשל פילט זיך נישט גוט אין אבעלעס געזעלשאַפט, דער עיקר — ווען ער הייבט אָן אַרויסצובערענגען, פילאָזאָפיש און מיט אַ טאָן פון באַהאַל־טענער איראָניע, זיינע פּרינציפּן און געדאַנקען וועגן דער קאָלאָניע, וועגן דער שאַפונג פון אַ יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועגן דער אויפגאַבע פון דער יידישער אינטעליגענץ און נאָך אַזעלכע זאַכן. אייגנטלעך, האָט ער גע־רעדט שאַרף און טרעפלעך, אַפילו אינטעליגענט, אָבער הערשל האָט פון אים אַרויסגעזען דעם צוקונפטיקן כלל־טוער, וואָס וועט זיך נישט אָפּ־האַלטן פון קיין שום כשרע און נישט כשרע וועגן.

הערשל איז געשטאַנען אויפן וואָקזאַל מיט דער וואַליזקע אין האַנט

און מיט אַ קלומיק אויפֿן אַקסל, אין וועלכן מ׳האָט מיטגעשיקט פֿון דער היים פּאָר באַקאַנטע און גוטע־פֿריינד. אָן אַ שיעור דאָרפֿישע מתּנות.

אינעם הור־האַ פֿון פּרימאָרגנדיקן געוויש אויף די אָנגעפּראָפּטע באַן־פּלאַטפֿאָרמעס, אינעם געפּלאָנטער פֿון איינשטייגנדיקע און אַרויסלויפֿנדיקע פּאַסאַזשירן, אינעם אומאויפֿהערלעכן קלינגען פֿון די גלאָקן, האָט הערשל בודק געוווּן די אַדרעסן פֿון אַ ריי באַקאַנטע. צו וועמען אייגנטלעך קען ער פֿאַרפֿאָרן, ווו ער זאָל זיין אָנגעלייגט און זיך אַליין אויך פֿילן היימיש?

ער איז אַראָפּ פֿון די שטיגן און זיך דערנענטערט צום אָפֿענעם פּלאַץ, ווו צענדליקער טראַמוויי־וואַגאָנען האָבן געקלונגען און געמאָנט אַ דורכגאַנג פֿאַרצווזעצן די רייזע. איצט האָט ער זיך דערמאָנט אין יענעם זונטיק־פֿרימאָרגן, צוריק מיט אַ סך יאָרן, ווען ער איז אַראָפּגעקומען אין שטאָט אַריין אין טאָג פֿון אַ גרויסן שטרייק און פֿון אַרבעטער־אומרוען. אין יענעם טאָג האָט ער זיך געשלייכט איבער די צעיושעטע גאַסן און אַליין געזען די צוזאַמענשטויסן צווישן פּאָליציי און אַרבעטער, ווי אויפֿגעהעצטע כּולי־גאַנעס צוזאַמען מיט דער פּאָליציי האָבן חרוב געמאַכט יידישע ביבליאָטעקן.

איצט האָט ער זיך דערמאָנט אין אַ כּמעט פֿאַרגעסענעם עפּיזאָד. פּונקט אין יענעם טאָג, אינעם אויסברוך פֿון די אומרוען, ווען מ׳האָט אים רעקאָמענדירט זיך אָנצושליסן אין דער זעלבשוץ, איז זיין פֿריינד, דער שרייבער מאַוריסיאָ ליפּאָווין, פֿאַרווונדעט געוואָרן פֿון אַ קויל און מען האָט אים אַראָפּגענומען אַ פֿוס.

זינט דאַן, ווען ער האָט אים באַזוכט אין שפּיטאָל, האָט ער אים מער נישט באַגעגנט. פֿון דער ווייטנס האָט ער נישט איין מאָל געהערט וועגן דער אַקטיווקייט פֿון דעם אַמאָליקן דאָרפֿס־שרייבער, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט פֿון די לינקע קרייזן און אַרויסגעגעבן אַ פּאַר־טיי־אויסגאַבע פֿאַר ליטעראַטור און פּאָליטישע פּראָבלעמען. הערשל האָט זיך געוווּנדערט, וואָס זיין פֿריינד איז אַוועק אין יענער באַוועגונג, וואָס האָט נישט אָנערקענט דעם אינדיווידועלן ווילן און געמאָנט דאָס אַבסאָלוטע גיין אין שפּאַן לויט אָנווייזונגען פֿון אויבן. ער האָט געקענט ליפּאָווינען, ווי אַ פֿרייען בונטאַרישן גייסט, כּמעט אַן אַנאַרכיסט פֿון געבוירן. אין הערשלס אויגן האָט עס אויסגעזען מאָדנע, וואָס זיין פֿריינד אויף אַ וויילע האָט אויף זיך גענומען די שאַבלאָנע דיסציפּלין און אָפּערירט מיט פֿאָרמולעס, וואָס

פאַרלאַנגען נישט קיין אייגענע מחשבה. הערשל האָט דאָס געקענט דער־קלערן נאָר מיטן פאַקט, וואָס נישט ווייניק אינטעלעקטואַלן און קולטור־מענטשן אויף דער יידישער גאַס האָבן געזוכט פּאָפּולאַריטעט, אָן אָנשפּאַר אין ענטוזיאַסטישע גלויביקע מאַסן, און דאָס האָבן זיי געפונען אין די לינקע קרייזן. דאָרט האָט מען געוווסט אויסצונוצן די דינאַמישע כוחות און פעיִקייטן און זיי איינשפּאַנען אינעם פּאַרטיי־וואָגן. אָט דער באַגער צו רעדן און צו קומען אין פאַרקער מיט ברייטע קרייזן, האָט אויך, זעט אויס, געשטויסן אַזאַ פרייען גייסט, ווי עס איז געווען מאָריסיאָ ליפּאָווין, צו די „פּראָגרעסיווע".

הערשל האָט איצט אָנגענומען אַ מאָדנעם און פאַר אים אַליין אי־בערראַשנדיקן באַשלוס. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז דווקא דער באַ־שלוס צו גיין צו ליפּאָווינען, איז דער ריכטיקער.

ווו נעמט מען אָבער ליפּאָווינס אַדרעס?

ליפּאָווין איז געווען אַ געניט באַקאַנטע פּערזאָן אין דער שטאָטישער געזעלשאַפט. ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער וועט אָנפרעגן אין דער טאָגצייטונג, ווו עס דערשיינען ליפּאָווינס אַרטיקלען און דערציילונגען, וועט מען אים געבן זיין אַדרעס און אפשר — אפשר וועט ער אים טאַקע דאָרט צופעליק באַגעגענען?

די געביידע פון דער צייטונג איז געווען אַלט און אָפּגעריבן, אָן אַן ענדערונג, זינט יענעם טאָג, ווען ער האָט באַזוכט די רעדאַקציע, וואָס איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענע שטאָרן און די דרוקעריי איז געווען אַ מין שטאָב פאַר דער זעלבשוץ אין שטאָט. דעמאָלט האָבן די דרוקער־אַרבע־טער און שרייבער זיך פאַראייניקט אין איין שוץ־כוח און ביי אַ גלאָז קאַווע האָט מען פאַרטיילט די ראָלן. דאָרט האָט מען אים, הערשלען, אויך אויפגע־נומען און פאַרגעלייגט צו נעמען אויף זיך די שוץ פון דער אַרבעטער־ביב־ליאָטעק אין יענעם פּאַרט־קוואַרטאַל, ווו ער האָט צום ערשטן מאָל זיך באַגעגנט מיט מאוריסיא ליפּאָווין דעם שרייבער. דעמאָלט האָט ער זיך פון דער פאַרגעלייגטער אויפגאַבע אַרויסגעדרייט גליטשיק און גלאַטיק, נישט לויטן גייסט פון אַן אַמאָליקן רעוואָלוציאָנער.

דעמאָלט האָט ער עס אויסגעטייטשט, אַז ער האָט געוואָלט בלייבן טריי די שליחות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען בעת זיין קומען אין שטאָט אַריין: ער האָט געדאַרפט אויפזוכן אין אימיגראַנטן־הויז קאַנדידאַטן, וואָס

זאָלן וועלן קומען און זיך באַזעצן אין דער קאָלאָניע; דערפאַר האָט ער נישט געוואָלט פאַרפּלאָנטערן זיך אין זייטיקע זאַכן, וואָס האָבן געקענט מכשיל זיין די שליחות פון דער משפּחה.

אָבער אין די פּאַרנאַכט־שעהען האָט ער זיך דעמאָלט דערשלאָגן, ווי געטריבן פון שמייסנדיקן געוויסן, אינעם פּאַרט־פּערטל, און געטראָפן די ביבליאָטעק צעשטערט און צערויבט, און די מערסטע ביכער — פּאַרסמאַ־ליעט. אַ גאַנצע נאַכט האָט הערשל, צוזאַמען מיטן קאָסאָקן און באַברילטן ביבליאָטעקאַר, ביי פאַרשלאָסענע טירן און שאַרפע קאַווע און משקה, איינגעאָרדנט די ביבליאָטעק פון דאָס ניי.

אינעווייניק, אין ביוראָ פון דער צייטונג, האָט אים אויפגענומען אַן אומבאַקאַנטער יונגערמאַן. ווען ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף ליפּאָ־ווינס אַדרעס, אָדער צי קען מען אים דאָ טרעפן, איז פון הינטער אַ ווענטל אַרויסגעקומען אַ הויכגעבויטע דאַרע פּערזאָן מיט אַ גלאַט ראַזירט געזיכט, ווו לעבן מויל האָבן זיך איינגעקאַרבט צוויי טיפע קנייטשן, און מיט אַ קוטשמע צעשויבערטע האָר אויף זיין קנאָכיקן גרויסן קאָפּ. אָנגעלענט אויף זיין שטעקן, האָט איין זייט פונעם קערפּער אויסגעזען ווי אַן עטוואָס אָנגע־צויגענער בויגן, וואָס באַדראָט אויסצושיסן אין אַן אומגעריכטן מאָמענט. די פּאָר טריט, וואָס ער האָט געגעבן פּאָרויס, האָבן געקלאַפּט אויף דער פּאָדלאָגע מיטן בולטן טעמפּן קלאַנג פון זיין הילצערנעם פוס.

ליפּאָווין האָט מיט שאַרפע און אָנגעשטרענגטע אויגן באַטראַכט דעם באַזוכער. די זעלבע טיפע אויגן, וואָס האָבן זיך, ווי אַ מאָל, באַהאַלטן הינטער די געדיכטע ברעמען און אַרויסגערוקטן שטערן, ווי צוויי פייגל פון הינטער אַ דאַך אַרויס...

דער זעלבער ליפּאָווין — אָבער דאָך ווי אַנדערש, פרעמד.

— איר? הערשל? — ער האָט פון גרויס איבעררעשונג נאָך אַ שטאַר־קערן קלאַפּ געטאָן מיטן הילצערנעם פוס ווי אָנצושלאָגן אַ וועג צו פּאַר־גאַנגענע טעג. ער האָט, זעט אויס, געוואָלט דעמאָנסטרירן, אַז ער גייט נישט אין חסד פון שטעקן אין האַנט, און ער האָט אים מיט אַ שטאַרקן זשעסט אַרויפגעלייגט אויפן הויכן אויפנעם־טיש און דורך דער ברייטער מחיצה אַרומגענומען דעם גאַסט. „סאַראַ סיורפּריז! סאַראַ גאַסט! אַ שאַק מיט יאָרן"...

— איך בין אַהערגעקומען... נאָר וואָס פון דער באַן אַראָפּ... איך בין

אַ דעלעגאַט צום קאַלאַניסטישן צוזאַמענפאַר — איך וויל הערן אייער מיינונג וועגן די אַלע פּראָבלעמען, וואָס מ׳וועט דאָרט אַרויפברענגען...

הערשל האָט זיך אַליין געוווּנדערט אויף זיין גלאַטיקן תּירוץ צו באַ־רעכטיקן זיין אומגעריכטן באַזוך. ער האָט אַפילו הנאה געהאַט פונעם איינפאַל.

ליפּאָווין האָט געשמייכלט מיט אַ דינעם קוים מערקבאַרן שמייכל, און די העל־ברוינע אויגן האָבן זיך באַוועגט זייטיק ווי איבערראַשטע.

— איר האָט אַ טעות אין אייער חשבון, מיין פריינד — האָט ער גע־לאָסן צוגעגעבן — צי האָב איך דען רעכט צו נעמען אַ שטעלונג צו פראַגן, מיט וועלכע איך לעב נישט אַקטיוו שוין זינט צענדליקער יאָרן? וואָס קען עס אייך העלפן? — אָבער וואָס שטייען מיר ווי צוויי קעגנער אויף צוויי זייטן באַריקאַדע... קומט, מיר וועלן אַריין אין אַ קאַפעהויז און כאַפּן אַ געמיטלעכן שמועס... געזען אַ זאַך? אַ שאַק מיט יאָרן!...

דערזעענדיק דעם יוטענעם רוקזאַק אַנגעהאַנגען אויף הערשלס פּלייצע, איז ער פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אין אַ סענטימענטאַלער שטימונג.

— איך געדענק עס נאָך ביי מיר — איך ווייס גענוי, וואָס איר טראָגט אין אָט דעם פּעקל: קעזלעך, קיכלעך, סמעטענע, אָדער אפשר גאָר אַ פּאָר ווורשטן־קישקעס... נישט ריכטיק? דאָס איז דער גאָב פון יענער גוטער וועלט אונדזערער, דער ריח ניחוח פון געזונטן עסן און פעלד־פּראַצע, שווייסיקע לייבער און פרישע אַלפאַלפאַ...

— צי בענקט איר נאָך אַהיים? — האָט הערשל אויסגענוצט די לאַגע און געוואַגט אַ פרעג צו טאָן. זיי זענען איצט געגאַנגען צום ראָג און אַריין אין קאַפעהויז.

ליפּאָווין האָט זיך געשפּילט מיטן הענטל פון זיין אַנלען־שטעקן ווי עס אַרויסצושטעלן פאַר אַן עדות:

— לאַנג נאָך „יענעם" אַקצידענט האָב איך נאָך געטראָגן אין זיך די האָפענונג, ווען עס איז זיך צוריקקערן. דאָס לערנען האָב איך איבערגע־ריסן און זיך אָנגעהויבן מער אָפּגעבן מיט שרייבן. געוואָרן בין איך אַ טעכנישער אָנגעשטעלטער פון אַ גרויסער וווילטעטיקער אינסטיטוציע און מען קען זיך נישט באַקלאָגן... אַפילו מיין בוידעם־שטיבל האָב איך פאַר־לאָזט. נישט געקענט מער, אין מיין צושטאַנד, אַרויפקלעטערן די קרומע אייזערנע טרעפּ — און פּשוט, געהאַט די מעגלעכקייט צו דינגען אַ בע־

סערן צימער, מיט עלעקטרישער באַלייכטונג... אָבער ניִשט אַזוי לייכט האָב איך געקענט שלום מאַכן מיטן פאַרלאָזן דאָס צימערל פון אָרעמקייט און חלומות, פון אויסגעטרוימטער ליבע און דורכפאַלן. איר געדענקט דאָך יענץ צימערל אויפן דאַך, איר האָט דאָך דאָרט אָפּגעשטאַט אַ מאָל אַ באַזוך. ווען איז דאָס געווען?

דאָס איז געווען שוין לאַנג. אין די ערשטע וואָכן פון הערשלס אָנקומען אין לאַנד, האָט ער באַזוכט די אַרבעטער־ביבליאָטעק אין יענעם פּאָרט־פּערטל און האָט אין אַ שבת־צו־נאַכטס געהערט ליפּאָווינס אַ רעפעראַט וועגן דעם געראַנגל פון די יידישע קאָלאָניעס. דאָרט האָבן זיי זיך באַקענט און נאָך האַלבער נאַכט האָט אים ליפּאָווין איינגעלאַדן אויפן בוידעם־שטיבל, ווו זיי האָבן פאַרבראַכט ביי מאַטע, האַרטן ווורשט און שאַרפע געטראַנקען, און געשמועסט ביז די פריִע פאַרטאָג־שעהען.

— און איצט, צי ווינט איר אַליין? דאָס הייסט... אין גאַנצן אַליין?...

הערשל האָט נישט געמיינט אָנצוטאַפּן צי ער וועט קענען ביי ליפּאָווינען איינשטיין די פּאָר טעג. אים האָט איצט באמת אינטריגירט צו וויסן צי איז ער געבליבן אַ בחור, אָדער ער האָט זיך איינגעאָרדנט פאַמיליער. נישט געקוקט וואָס הערשל האָט בלויז אַ פּאָר מאָל זיך מיט אים באַגעגנט, איז דאָך אין זייערע באַציִונגען געווען אַן אינטימקייט, און ליפּאָווין האָט אָן שום זשעניִרן זיך אים פאַרטרויט זיינע פּריוואַטע איבערלעבונגען.

און צווישן זיי זענען דאָך געשטאַנען געשטאַלטן, וואָס זענעןביידן געווען גוט באַקאַנט: וויקטאָריאַ, דאָס פּריצישע מיידל. זי איז דאָך געווען אַ באַזוכערין אין זייער הייזקע אין יענע ערשטע יאָרן פון זייער אָנקומען אין פעלד. דעמאָלט איז זייער נחלה, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער עסטאַנסיאַ פון איר קוזין דאָן אורעליאָ, געווען די איינציק יידישע אין דער געגנט, און די קאַפּריזנע עלעגאַנטע וויקטאָריאַ האָט ביי אים געלערנט די געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע־באַוועגונג. זי האָט זיך אָנגעצונדן פון זיינע נאַראַציעס אין דער צייט, וואָס ער אַליין איז געוואָרן געזעצט, „אָפּגעקילט” און באַזאַכט... נאָך דעם איז זי אַוועק אין שטאָט, האָט זיך געריבן אַרום איר ברודערס פרייהייטלעכע גרופּעס און געברענט מיט איר ליבע די טריט פון ליפּאָווין... דער סוף? זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ דיפּלאָמאַט און אַוועק קיין אייראָפּע.

די צווייטע — אָדער די ערשטע — איז געווען דאָס צעבאַלעוועט

ווייבל פון פרייסישן אָפיציר לעוועגטאַל. דאָס קריסטלעכע ווייבל פון פראַנ־צויזישער אָפּשטאַמונג איז פאַרשטעקט געוואָרן אין דער יידישער קאָ־לאָניע צוזאַמען מיט איר לייביקן מאַן, וואָס איז געווען פאַרוואַלטער אין דער קאָלאָניע, ווו ליפּאָווין איז געבוירן. דאָרט האָט מאוריסיא אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע מיט פּאַטעטישע לידער און דערציילונגען וועגן דעם שווערן לעבן פון די קאָלאָניסטן. דאָרט האָט זי זיך אין אים פאַרליבט און צוליב איר האָט ער פאַרלאָזן די קאָלאָניע און אַוועק אין שטאָט, גע־לעגן ווי אַ נזיר אינעם בוידעם־שטיבל. אָבער אויך דאָרט האָט זי אים דערגרייכט און אָפּט זיך אַריינגעכאַפּט אַהין געהיימערהייט. שפּעטער האָבן זיי זיך באַזעצט אויף אַ צייט אין שטעטל, ווו מען האָט אין דער אומגעגנט געשאַפן די נייע קאָלאָניע. יאָרן איז ניאָמע און זיין משפחה געזעסן און געמאָנט שיקן קאָלאָניסטן, און ערשט נאָך דער מלחמה האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שוואַלבן. אין מיטן דער מלחמה זענען זיי ביידע, דער הער לע־וועגטאַל און זיין פראַנצויזיש ווייבל אָפּגעפאָרן פון דאַנען צו דינען זייערע פאָטערלענדער: ער האָט זיך מאָביליזירט אויפן דייטשן מערב־פראָנט און זי איז געוואָרן אַ קראַנקנשוועסטער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

און איצט?

— מיינט נישט, מיין פריינד, אַז איך באַנוגן זיך מיט יענע איבער־לעבונגען, וואָס האָבן זיך אָפּגעזעצט אין מיין געמיט, ווי טויטע פליגן אין אַ גלאָז וואַסער — האָט ליפּאָווין לוסטיק אָנגעוווּנקען, ווי ער זאָל טרעפן די ריכטונג פון הערשלס געדאַנקען — אָבער קיין פאַמיליע־נעסט האָב איך פאַר זיך אַליין נאָך נישט אויסגעוואָרעמט, צו וואָס? דער היגער האָט אַ גלייכווערטל: „האָב חתונה, גוטער ברודער, וועלן מיר האָבן אַ ווייב"...

די אָפּנהאַרציקייט וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט פרעכקייט האָט הערש־לען אַ ביסל שאָקירט. עסטעטיש האָט אים באמת שאָקירט דאָס באַרימען זיך פון עלטערע בחורים מיט זייערע ליבע־אַוואַנטורעס אין אַזאַ גראָבן טאָן. נאָך מער האָט אים באַלעסטיקט דער געדאַנק, אַז אָט־אָט, און ליפּאָווין וועט אַרויסברענגען אַ נייעם פרויען־טיפּ אויף דער אַרענע, און דאָס וועט ווידער זיין אַן אשת־איש...

האָט ער געפּרוּווט אָפּווענדן דעם שמועס אויף די פריִערדיקע רעלסן:

— פון דעסטוועגן וואָלט אייער בייטראַג, אַפילו פון דאַנען, פון דער שטאָט אַפילו, געווען פון אַ גרויסן ווערט. איר וואָלט געקענט מיטאַרבעטן

אין אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט, וואָס זאָרגט פאַר די קאָאָפּעראַטיוון. איר וואָלט געקענט ווערן אַ יורידישער ראַטגעבער. אָדער...

— נאַרישקייטן! — האָט ליפּאָווין אים האַסטיק איבערגעהאַקט — אַזעלכע פאַרזאָרגער פון די, וואָס זיצן אין די שטעט, זענען שוין דאָ צו פיל. אַזעלכע „געוועזענע", וואָס דרייען זיך אַרום אין די קאַפעהייזער, אין די ביוראָען און גיבן עצות, ווי אַזוי די קאָלאָניסטן אונדזערע זאָלן לעבן, אַרבעטן און זיך פירן... וואָס עס פעלט באמת אונדזער יידישן דאָרף, איז אַ פלעיאַדע פון לעגיטימע אייגן־אויסגעוואַקסענע יונגע כוחות, וואָס זאָלן באַוווסטזיניק טראָגן די לאַסט און די אַחריות. צי זענען פאַראַן אַזעלכע? זיכער זענען זיי דאָ! אָבער דאָס זענען שטויב־קערנדלעך, וואָס קלעפּן זיך נישט צונויף אין אַ געמיינזאַמען כוח. דאָס פעלט אייך! צו פיל בעלנים זע־נען אויפגעקומען אויף צו „ראַטעווען" די ירושה פון דעם באַראָן. איך? וואָס בין איך פאַר אייך? אַ קאַליקע מיט אַ שטעקן. זאָל איך זיין אַ מטיף פון דער וויטנס? געבן עצות, וואָס פעלן אייך נישט? איר וועט זיין אויפן קאָנגרעס, וועט איר אָנטאַפּן דעם דופק, וועט איר דערפילן ווו עס בלאָזט דער ווינט און וועמען עס דריקט דער שוך. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען אייך זאָגן. איר מיינט, אַז דאָס איז אַן אינטערוויו?... ווי שמעקט אייך די קאַווע? נאָך אַ טעצל?

ער האָט נאָך אַ מאָל געטרונקען און געזען אין דעם אַ סימן, אַז דער שמועס איז נאָך נישט געענדיקט. ליפּאָווין האָט אָנגעצונדן די אָנגעשטאָפּ־טע ליולקע און דער רויך האָט איינגעהילט זיין גרויסן צעוואַקסענעם קאָפּ אין אַ ווייסן וואָלקן. איצט האָט ער אויסגעזען ווייט, אָפּגעשלאָסן, און אַפילו מיסטעריעז, אין הערשלס אויגן.

— איך זאָך פאַרשטיי איך נישט, זייט מיר מוחל, פריינד ליפּאָווין — האָט הערשל צו אים געזאָגט אַ ביסל שטאַמלענדיק — איך האָב אייך שטענדיק באַטראַכט ווי אַ פרייע זעלבשטענדיקע פיגור. אייער צוגאַנג צו ליטעראַטור, צו סאָציאַלע פּראָבלעמען האָט געשאַפן דעם פעסטן איינדרוק, אַז איר האָט אייער אינדיווידועלן קוק אויף זאַכן און פּראָבלעמען. טאָ וואָס איז די סיבה, וואָס איר זענט דווקא דערגאַנגען צו די „פּראָגרע־סיווע"?

ליפּאָווין האָט מיט די דינע ליפּן גֶעבלאָזן דעם רויך, וואָס איז גע־האָנגען איבער זיין קאָפּ און קורץ אַ זאָג געטאָן:

— איך פֿאַרשטיי נישט אייער פֿראַגע: וואָס אייגנטלעך ווילט איר וויסן?

— עס איז קלאָר, אַז עפּעס האָט אייך געשטויסן, עפּעס איז געשען אין אייער לעבן, כדי צו ענדערן אייער קוק אויף דעם אידעען־קאַמף, וואָס קומט ביי אונדז פֿאָר. דאָס איז פֿאַרבונדן מיט אַן אינערלעכן געראנגל, אָדער...

— אָדער אַ פֿאַרקויפֿן די נשמה, ווילט איר זאָגן? מאַכט נישט אויס. איר זענט נישט דער איינציקער, וואָס טראַכט אין אַזאַ ריכטונג... אָבער זאָגט מיר, הערשל, צי קענט איר מיר ווייזן גענוי די מאָמענטן און די געשעענישן, וואָס האָבן אייך אַרויסגעשטויסן פֿון אייער רעוואָלוציע־וועלט און אייך פֿאַרוואַנדלט אין אַ רויִקן פּאַסיוון בירגער? איר זיצט אויף אייער נחלה און עס וואָרעמט אייך אַפֿילו נישט אייער גלאָריע פֿון אַ מאָל. איר זענט דאָך, דוכט מיר, אַפֿילו אַ טעראָריסט געווען... נישט פּשוט!...

טראָץ דער פֿראָנטאַלער אַטאַקע, איז הערשל דאָך געווען צופֿרידן, וואָס זיין פֿריינד האָט געעפֿנט אַ שפּאַרונע צו אַ לאַנג פֿאַרגעסענער דיס־קוסיע, וואָס ער האָט ווען עס איז געפֿירט מיט וויקטאָריאַן. זי האָט אים אויך דעמאָלט געוואָלט אַרויסציִען פֿון זיין שטילן און רוטינערן לעבן אין פֿעלד און אים גערופֿן צו רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין שטאָט. ער איז אָבער געבליבן אין פֿעלד. דאָס אַמאָליקער פֿייער האָט זיך אויסגעלאָשן, אָבער דער שמועס האָט אים פֿאַראינטערעסירט און געצויגן. ליפּאָווין האָט עס געמאַכט מיט עלעגאַנטער פֿריינדלעכקייט.

— מיר קענען אָנווייזן צוויי פֿאַקטאָרן, וואָס ווירקן אינעם אידעען־קאָמפּלעקס פֿון אַ דענקענדיקן מענטש. אייגנטלעך — דאָס, וואָס איך גיי אייך זאָגן, איז נישט אַזוי פּשוט צו פֿאַרשטיין, ווי עס איז אפשר גלאַטיק אויפֿצוקלערן... דאָס ערשטע איז אַ דערשיינונג, אַ פּראָצעס פֿון איבער־קאָכן, פֿון אַנטוויקלען און פֿון שלאָגן זיך מיט דער דעה. דאָס איז אַ פֿאַק־טאָר, וואָס שטויסט צום צווייטן שטאַפּל — צום אַקט, צום באַשלוס. עס קען געמאָלט זיך, אַז דו ווייסט גענוי דעם מאָמענט, ווען דער באַשלוס ווערט צייטיק און איז גרייט צו זיין דיין פֿאַרגייער, ווי אַן עמוד־האש. אָבער אַזוי ווי ביי די כוחות אין דער נאַטור, קענסטו נישט אויפֿנעמען אַפֿילו מיקראָס־קאָפּיש דעם גורלדיקן מאָמענט, וואָס האָט אין דיר רייף געמאַכט אַלע אינ־טעלעקטועלע וויבראַציעס צו אַ רייפֿער מחשבה...

צי האָט איר, ליפּאָווין, אַ מער קלאָרןביישפּיל, אַן אילוסטראַציע?

— די בעסטע אילוסטראַציע קענט איר געפינען אין דער נאַטור. איר זענט דאָך נאָענט צו איר, און דערפאַר וועט איר עס קענען אויך בעסער באַנעמען. די קאָסמישע, די אָרגאַנישע וועלט טראָגט אונדז אונטער אַנאַ־לאָגישע אויספירונגען. עס קען זיין, אַז דאָס איז אין סתירה פון דער אָנ־גענומענער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער אויפפאַסונג. אָבער לאָמיר עס איצט לאָזן אין אַ זייט. די נאַטור איז שטאַרקער פון אַלע וואַסער־שטויסנדיקע דערקלערונגען — נישט אַלץ איז ביי מיר תורה מהקרעמלין... איך וועל אייך ברענגען אַ פּאָר ביישפּילן: דער מענטש ווערט מיט יעדער מינוט עלטער — צי קענען מיר אָבער, ווען עס איז אויפכאַפּן מיט אונדזער אויג דעם באַשטימטן מאָמענט, ביי זיך אָדער ביים צווייטן, ווען אַ שוואַרצע האָר ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ווייסן פאָדעם? צי האָט ווער ווען עס איז געזען מיט די אייגענע אויגן דאָס דערשיינען, ממש דאָס אויסקריצן זיך, פון אַ נייעם קנייטש אויפן פּנים? — — —

ליפּאָווין האָט זיך אַ מאָמענט אָפּגעשטעלט ווי צו געבן צייט זיין פריינד צו פאַרדייען זיינע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען. מיט אַ שוועבעלע האָט ער געבויערט אין דער אויסגעלאָשענער ליולקע, אויסגעקלאַפּט דעם אויסגעברענטן טאַבאַק און באַטראַכט זיין מיטשמועסער מיט פאַרשנדיקע באַהאַלטענע בליקן. ווען ער האָט באַמערקט, אַז הערשל איז נישט איבעריק באַאיינדרוקט פון זיין פילאָזאָפישער אַנטדעקונג, האָט ער צוגעגעבן:

— נו, איר זענט דאָך אַ מענטש, וואָס לעבט אין דער נאַטור. איר האָט מוותר געווען אויף אַ שטורמישער רעוואָלוציאָנערער סביבה; איר האָט מוותר געווען אַפילו אויף אַ קאַריערע, וואָס האָט אייך דאָרט זיכער דער־וואַרט...

— אָדער די תפיסה און פאַליט־איזאָלאַטאָרן..

— איך ווייס נישט צי דאָס לעבן, וואָס איר לעבט איצט, איז נישט דאָס זעלבע, ווי אַ מין גייסטיקע פאַרשיקונג. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. איר האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רויִקן פויער־טיפּ. צי איז אייך געלונגען, ווען עס איז אויפצוכאַפּן דעם ממשדיקן פּראָצעס פון וואַקסן אין דער נאַטור? צי איז אייך ווען עס איז געלונגען בייצוזיין און אויפנעמען די ווונדערלעכע דערשיינונג פון אַרויסשפּראָצן פון אַ ניי בלאַט, אָט ווי עס קריכט אַרויס אַ קעלבל פון דער קוס טראַכט? איר שטייט אויף אין דער

פרי און זעט אַ נייעם בלאַט אַרויסשפּראַצן פון די ערשטע נאָדלען פון דער תבואה. איר דערזעט ווי דער זאַנג ווערט פון גרין פאַרוואַנדלט אין געלב־לעכן גאָלד־קאָליר — אָבער צי האָט ווער געקענט אויסשרייען פון פרייד, ווען זיין אויג האָט אַליין דערזען אָט די טראַנספאָרמאַציע? עס זענען דאָ פאַקטאָרן: באָדן, וואַסער, ליכט און דער ווילן צו עקזיסטירן — אָבער צו זען די פלאַנץ מיט די אייגענע אויגן, ווי זי גיט אַ שפּרונג אויף אַ צענטי־מעטער — צי האָט עס ווער געזען און געקענט אויפנעמען? דאָס זעלבע איז מיטן אַרויסוואַקסן פון אַן אידעען־דערשיינונג. אויך דאָ איז אונדז שווער אָנצוווייזן אויפן מאָמענט, ווען אין צענטער פון אונדזער ראַציאָנעלן דענקען האָט אַרויסגעשפּראָצט נאָך אַ מילימעטער און נאָך אַ צענטימעטער פון אידעיִשער רייפקייט אָדער גייסטיקער סטאַגנאַציע... ס׳איז אַ פראַגע פון דער מאָס ליכט, אַנטקעגן וועלכער די פלאַנץ ציט זיך מיט אַלע אירע געוועבן.

— דאָס איז זייער אָריגינעל — אָבער נאָך מער מיסטיש, ווי די קבלה — האָט הערשל לייכט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — היט זיך, מיין פריינד, מען וועט אייך נאָך באַשולדיקן אין אַן אָפּנייג...

— נישט קיין אומגליק, מיין פריינד, פאַרגיפטונג היילט מען מיט אַ דאָזע גיפט... אין אַ וועלט פון רעליגיעזער העגעמאָניע דאַרף מען אָפּערירן מיט איינגעגלויבטע קאָנצעפּטן. אַפילו פאַנאַטיזם וואָס איז צום גונסטן דאָס פאָלק, איז דערלויבט...

— אָבער צי וועט עס דען פירן צו אַ בעסערער וועלט? דאָס איז די פראַגע פון אַלע צייטן און אַלע רעוואָלוציעס. אַלע געטער זענען דורשטיק — ווער נאָך געלט און ווער נאָך בלוט... איין שטרעבונג פירט זיי צום ציל: די מאַכט.

— מיינט נישט, הערשל, אַז איך בין טאַקע אַזוי בלינד און איינגע־רעדט, ווי דאָס הערט זיך אַרויס פון מיינע רייד — האָט ליפּאָווין אָפּגע־וועגדט מיט אַ מאָל דעם שמועס ווי ער וואָלט, אין זיין גאַלאָפּירן, זיך אָנגע־שלאָגן אין אַ באַריער — איר ווייסט דאָך, פאַר מיר זענט איר שטענדיק אַ פאַרטרויִנגס־חבר, כאָטש מיר האָבן זיך באַגעגנט אין גאַנצן אפשר דריי אָדער פיר מאָל. אָבער פאַר מיר איז יעדע באַגעגעניש אונדזערע געווען אַ וויכטיקער עטאַפּ. יאָ, מיינט נישט, אַז איך בין דער קנעטער פון אַ גרויסער גרויער מאַסע.

הערשל האָט געשטוינט.

— צי מיינט איר צו זאָגן, אַז איר נעמט נישט צו ערנסט אייער פּאָזיציע אין די רייען פונעם לאַגער, אין וועלכן איר געפינט זיך? צי איז דאָס אַ סטראַטעגיע, אָדער אַ שווימען מיטן שטראָם, ווייל אַזוי איז דאָס וואַסער מער וואַרעם? — ער האָט אָבער באַלד חרטה געהאַט אויף זיין איראָנישן טאָן.

— נישט דאָס און נישט יענץ, און אַפילו נישט דאָס, וואָס איר האָט נישט געוואָגט אַרויסצוברענגען אויף אייערע ליפּן. אויב איר האָט באמת אויף אַ ווײַלע נאָר פאַרלאָזט די אידיליע פון דאָרף מיט זיין פּרימיטיוון באַנעמען די זאַכן, בין איך ביי אַט דער געלעגנהייט אייך גרייט צו ווייזן פראַגמענטן פון אונדזער אורבאַנישן אַרט לעבן און דענקען. דורך אַט דער שמאָלער און געכאַפּטער שפּאַרונג וועט איר אפשר קענען נאָך דעם אַליין זיך מאָלן אייער אייגן בילד, לויט אייער פעיקייט און געשמאַק... יאָ, ווו שטייט איר איין? צי קען איך אייך באַגלייטן אין דער אכסניה אייערער? אויב איר האָט נאָך נישט, קען איך אייך רעקאָמענדירן אַ היימישן פּאַנסיאָן. טייערע מענטשן, אויך אמאָליקע קאָלאָניסטן פון אונדזער געגנט. זיי פרייען זיך מיט יעדן גאַסט פון דער קאָלאָניע, וואָס קומט זיך איינקוואַרטירן... פאַרשטענדלעך...

הערשל האָט פאַרשטאַנען, אַז ליפּאָווין וועט דאָס מאָל אים נישט מכניס אורח זיין. דאָס האָט אים באַנג געטאָן, ווייל יעדעס מאָל, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין זיין צימער, איז דאָס געווען אַן אָוונט מיט אינטערעסאַנטע דערציילונגען און פיינע איבערלעבונגען. ער איז אַזוי זיכער געווען, אַז ליפּאָווין וווינט נאָך ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן דאַך־צימערל און ווידער וועט זיין אַ מעגלעכקייט פאַר אַן אינטימען שמועס און אַ גוטער שטימונג. אָבער ס׳איז, ווייזט אויס, פאַרביי יענע באָהעמישע צייט, און מען מוז מיט דעם שלום מאַכן.

אין מוח האָט ער שנעל דורכגעוואָרפן אַ גאַלעריע באַקאַנטע, ביי וועלכע ער האָט געקענט זיך איינקוואַרטירן אויף די פּאָר טעג. דער פאַרגעלייגטער האָטעל האָט אים נישט געלאַקט. דאָרט וועט ער מן־הסתם טרעפן געסט פון די קאָלאָניעס, דעלעגאַטן ווי ער, אָדער אַזעלכע, וואָס קומען איינאָרדענען עפּעס אַן ענין מיט דער „געזעלשאַפט". ער האָט אָבער געוואָלט, דורך דער שמאָלער שפּאַרונג, אָנשלאָגן זיין אויג צום אַרט לעבן

פון די „געוועזענע", פון די, וואָס האָבן פאַרלאָזן די קאָלאָניעס און היינט זענען זיי אַ צוציִונג־כוח פאַר אַנדערע.

דערפאַר האָט ער זיך צעזעגנט מיט ליפּאָווינען נאָך דעם, ווי ער האָט מיט אים אָפּגערעדט זיך אויף אַ מאָרגנדיקער טרעפונג אין די פאַרנאַכט־שעהען פאַר דער דערפעפענונג פונעם צוזאַמענפאָר. ער האָט אָנגעגורט דעם רוקזאַק אויף דער פּלייצע און פאַרלאָזן מיט פעסטע טריט דעם אָנגע־רייכערטן קאַפעהויז.

אָבער אַ לענגערע צייט איז ער נאָך געשטאַנען אינעם ראָגגאַס ווו עס לויפן הין און צוריק די טראַמווייען, און נישט געקענט באַשליסן וווהין צו פאַרפאָרן. ער האָט, וואָס אַן אמת געהאַט אינעם נאָטיץ־ביכל אַ ריי אַד־רעסן פון געוועזענע קאָלאָניסטישע שכנים, אָבער ער האָט געוואַרט אויף זיין דעציזיע, ווי אויף אַ גורל־זאַך.

פינפטער קאַפּיטל

## אין הויף פון דער „זומפּן־גאַס"

דער נאָמען פון דער גאַס איז אַן איבערבלייב פון יענע צייטן, ווען דאָ איז דורכגעפלאָסן, אין מיטן קוואַרטל פון אָרעמקייט און אָפּגעלאָזנקייט, דאָס מאַלדאָוואַנקאַ־טייכל, אין וועלכן אַן אָ שיעור רינשטאָקן פון די הייזער און הייפן זענען אַרײַנגערונען. שטענדיק האָט זיך געשפּירט אַ געשטאַנק און פליגן האָבן זיך געהאָדעוועט אינעם גערדיכטן פוילנדיקן זומפּ. אין די גרויסע רעגנס איז פּשוט געווען אַ סכנה, אַז קינדער און דערוואַקסענע זאָלן זיך אויסגליטשן און מיטגעשלעפּט ווערן מיטן שטאַרקן שטראָם וואַ־סער, וואָס האָט איבערפולט דעם קאַנאַל.

איצט איז שוין נישטאָ קיין זכר פון יענעם אימהדיקן פּייזאַזש און איבלדיקן ריח. יאָרן האָט די קאַנאַליזאַציע־אַרבעט זיך געשלעפּט, ביז מען האָט ענדלעך צוגעדעקט דעם „אַראָזשאַ" (טייכל). איצט איז ער גע־פלאָסן אונטער אַ שווערער שיכט פון בעטאָן און סמאָלע, און נאָר דורך די אײַזערנע לופטשטיקעס אויף די ראָגן הערט מען דעם ברויזנדיקן גערויש פון אײַנגעשפּאַנטן פלוס. אַ מאָל זעצט אַרויס אַ וואַרעמער שטראָם לופט פון אונטער אַ בריקל, ווי דאָס עיפּושדיקע טייכל זאָל וועלן דערמאָנען די אײַנוווינער, אַז אַפילו אונטער דער ערד וועט מען זײַנע ריחות נישט פאַרטיליקן...

ווען הערשל איז אַרײַן אין ברייטן הויף פון אַלטן בנין, האָט מען אים אָנגעוויזן, אַז ער זאָל ווייטער פאַרזעצן זײַן גאַנג. דאָס צימער, וואָס ער האָט געזוכט, איז געווען ווי אַלע געווײנלעכע יוֹוּוּנגען פון די גרויסע הייף, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אין דער הויפּטשטאָט — הייף פון איין שטאָק, און נאָר עטלעכע בוידעם־שטיבלעך, ווי קליינע הינער־קאָטוכער

האָבן זיך פאַררוקט אויף די טעראַסן־דעכער. דאָס זענען הייף, אָנגעפּראָפּ־טע מיט אַ סך שכנים. די צימערן זענען געווען אויסגעשטעלט אין רייען, אָן לופט און אָן זון כמעט אין די מערסטע שעהען פון טאָג, און נאָר דורך אַ קליינער לופטשיק אין טיר האָט זיך צייטנווייז אַריינגעכאַפּט אַ שטראָם לופט אָדער אַ פאַרלוירענער זונשטראַל. בלויז די גליקלעכע, וואָס האָבן געהאַט זייער „סאַלע" (זאַל) מיט אייזערנע באַלקאָנען צו דער גאַס, האָבן פאַר אַ בעסערן שכר־דירה געקענט אָטעמען מיט פולע לונגען און זיך שפּילן אין די ווינטער־פרימאַרגנס מיט די וואַרעמע זונשטראַלן. דער הויף איז שטענדיק איבערגעשניטן געוואָרן דורך אַ „קאָמעדאָר" (עסזאַל) — אַ גרעס־סער צימער מיט אַ ביסל מער פּריווילעגיעס דורך דעם, וואָס ער האָט געהאַט צוויי אַרויסגענג, אָבער אויך אָן וועלכן עס איז פענצטער. מען איז דורכגעגאַנגען אַ שמאָלן קאָרידאָר, און ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ מער ברייטערן הויף, ווו עס זענען געווען די צימערלעך פון אַ נידעריקערער קאַטעגאָריע, פאַר קבצנים און נישט פאַרהייראַטע. דאָ זענען אויך געווען די בשותפותדיקע קיכן, די אָפּטריט־צימערלעך און טוש־קעמערלעך פאַר אַלע שכנים.

הערשל האָט דורכגעקרייצט ביידע הייף, ווו קליינע קינדער האָבן זיך געשפּילט אויף דער שיין־ברוקירטער פאָדלאָגע און אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל. זיי האָבן אים נאָכגעקוקט, ווי ער שלייכט זיך דורך מיט די פּעקלעך, און האָבן אים באַגלייט ביז צום סוף פון צווייטן הויף, און אַפילו פאַרלאָפן אים דעם וועג און באַגלייט מיט קולי־קולות, ווי אָנצוזאָגן זיין אָנקומען:

— דאָניאַ ראָסאַ, דאָניאַ ראָסאַ! מען זוכט אייך!

צווישן די בלעכענע קיכן האָט אָנגעווייעט אַ שאַרפער ריח פון גע־פּרעגלטע פּאָטראַוועס און נאָך נישט אויסגעוואַשן געשיר. עס האָט געצויגן און געאיבלט, אָבער אין ווייטערן עק פון הויף, ווייטער פון די קיכן און די שלעכט אָפּגעהיטענע אָפּטריט־קעמערלעך, איז ווי אַ גרינע טרייסט פאַר די באַוווינער פונעם אָנגעפּראָפּטן הויף, געשטאַנען אַ גרויסער צע־צווייגטער פייגנבוים. ער האָט געוואָרפן זיינע געדיכטע שאָטנס איבער אַ בלעכענעם באַראַק, וואָס איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון אַלץ און פון אַלע־מען. ס'איז געווען אין די פריִע נאָכמיטאָג־שעהען פון שפּעטן זומער, און די פרויען אין הויף זענען געווען פאַרטאָן מיטן ריין־מאַכן די בשותפותדיקע קיכן; פון דאָרט האָט זיך אַרויסגעהערט זייער שמועס אין אַ הויכן טאָן.

פון אַ קיך האָט אַרויסגעקוקט אַ באַקאַנט פּנים. די צייט האָט אַ ביסל פאַרווישט די געזיכט־שטריכן, וואָס זענען אים אַ מאָל אַזוי נאָענט געווען, ער האָט אָבער באַלד דערקענט זייער אַמאָליקער שכנה, וואָס זייער שטוב איז געשטאַנען פאַררוקט אין וויַיטן עק פון דער קאָלאָניע. דאָס איז געווען די בלאָנדע רייכל, וואָס איז אויך אַ שטיקל קרובה פון דער משפּחה, אַ נאָענטע פון אַבעלעס פרוי.

— דאַניאַ ראָסאַ, דאַניאַ ראָסאַ, אַ גאַסט איז געקומען צו אייך!

די קינדער האָבן אין זייער נייגעריקייט זיך געשטופּט גלייך אין אַריינגאַנג פון קיך און אָנגעזאָגט די בשורה. רייכל האָט אים באַלד דערקענט און אים צוגעטראָגן, אַ ביסל אַ צעמישטע, איר פייכטע האַנט, וואָס זי האָט איילנדיק אָפּגעווישט מיטן פאַרטעך. זי איז געווען אָנגערויטלט פון דער היץ אין קיך און פון זיין פּלוצלינגן באַוויַיזן זיך.

— גוט, קינדערלעך, אַ דאַנק! גייט זיך שפּילן, אַ דאַנק, קינדערלעך!

אין דער קאָלאָניע האָט רייכל געשמט פאַר אַ קראַסאַוויצע. זי איז נישט געווען גאָר עלעגאַנט, אָבער קערנדיק און מיט פולע רונדיקע באַוועגונגען. ווען זי פלעגט דערשיינען אין די שבת־נאָכמיטאָגן אויף די ליטעראַרישע באַגעגענישן, אָן אויסגעפּוצטע און מיט אַ העל־בלויער לענטע אויף אירע לאַנגע גלאַט־פאַרקעטע בלאָנדע האָר, האָבן די בחורים אין דער קאָלאָניע גענומען אָנווענדן אַלע מיטלען צו פאַנגען איר האַרץ. זי איז נישט געווען זייער אינטעליגענט, אָבער אין איר געזעלשאַפט האָט מען פאַרבראַכט און זיך פאַרוויילט, ווי זי וואָלט געווען די צענטראַלע פיגור אין דער חברותא. זי האָט געקענט אַרויסברענגען די טיפן און העלדן פון געלייענטע ראָמאַנען, און די קאָמישע סיטואַציעס, וואָס זי פלעגט מימיש און מיט חן נאָכמאַכן, האָבן אַרויסגערופן הילכיקע געלעכטערס.

דאָס איז געווען אַ דורכשניטלעך מיידל, וואָס האָט אין דער דאָרפישער פּאַנאָראַמע צוגעגעבן חן און פאַרב. זינט עטלעכע יאָר האָט זי פאַרלאָזן דאָס דאָרף, געצויגן נאָכן רוף פון איר קרובה, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן זיך אַרויפאַרבעטנדיקן אַבעלע. זי האָט געוווינט אַ צייט ביי זיי, אָבער זי האָט זיך נישט געקענט צוגעוווינען צו זיין תקיפדיקן אופן פון רעדן און באַציִען זיך צו מענטשן, און זי האָט זיך אויסגעזוכט אַרבעט און אַ צימערל. שפּעטער האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ וועבער, און כאָטש ער איז געווען אַ יאָרצענדליק עלטער פון איר, האָט ער איר געגעבן אַ

רויִקע און זיכערע היים, אַ לעבן פון אַ טיפּישער יידישער אַרבעטער־משפּחה פון דער הויפּטשטאָט אין די דרייסיקער יאָרן.

— אַך, סאַראַ גאַסט! כמעט ווי נישט דערקענט אייך! איר זעט גוט אויס, הערשל. ווייזט אויס, אַז נישט אויף קוראַציע זענט איר אַראָפּגע־קומען.. וואָס האָט אייך פּלוצלינג געבראַכט אַהער?

ער האָט גערדריקט איר פּיכטע האַנט און זיך נישט געוווּנדערט אויף דער פראַגע. מען קומט דאָך אין שטאָט אַריין נישט סתם צו פאַרברענגען און אויסגעבן געלט. מען פאָרט אַרויס פון דאָרף אויף קוראַציע אין שפּיטאָל אָדער צוליב אַ סיכסוך מיט דער „געזעלשאַפט".

— צי ווייסט איר דען נישט, אַז מאָרגן אין אָוונט קומט פאָר אַ צוזאַ־מענפאָר פון די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון? — ער האָט דאָ געפונען אַ גוטע געלעגנהייט אָנצוטאַפּן ווי עס האַלט מיטן אינטערעס פון די „געוועזענע" פאַר די געשעענישן אין און אַרום די קאָלאָניעס.

זי האָט געצויגן מיט די אַקסלען. אַ מאָל האָט זי געלייענט די אַמערי־קאַנער יידישע צייטונגען און פלעגט אויסלעקן ביזקל לעצטן אות די ראָ־מאַנען, וואָס זענען געדרוקט געווען אין פאָרזעצונגען. דאָס האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל לייענען אַנדערע אָפּטיילונגען, און שפּעטער איז מען אַריבער צו לייענען די לאָקאַלע יידישע בלעטער. די קאָלאָניע־יוגנט האָט זיך געהאַדעוועט אויף יידישער אינפאָרמאַציע און ביכער אויף מאַמע־לשון. שפּאַניש האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן אויף די באַלעס, ווו שקצים האָבן אויך קאָקעטירט און זיך געריבן אַרום די „רוסיטאַס". אָבער אין שטאָט האָבן נישט ווינציק פון דער דאָרפישער יוגנט אויפגעהערט צו לייענען יידישע ביכער און צייטונגען. בלויז אַ געוויסער שיכט פון די אַמאָליקע דאָרפס־אינטעליגענטן האָבן אָפּגעהיטן דאָס יידישע וואָרט.

רייכל איז, זעט אויס, געווען פון די, וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט פונעם אַמאָליקן לעבן. איר ציִען מיט די אַקסלען האָט עדות געזאָגט, אַז זי איז ווייט פון דאָרף, מער מיט דער נשמה, ווי מיט קילאָמעטערס...

— יאָ, רייכל, איך בין געקומען ווי אַ דעלעגאַט צום צוזאַמענפאָר — ער האָט מיט אַ באַזונדערן שטאָלץ אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „דעלעגאַט" — איך האָב געקלערט: ביז מאָרגן אָוונט האָב איך צייט, וועל איך אָפּגעבן אַ גרוס פון דער היים און אַ קליין פּעקעלע, וואָס די מאַמע האָט צוגעשיקט... דאַכט מיר, אַז סמעטענע...

— טאַקע? וואָס שטייט איר אין דרויסן! קומט, קומט אַריין — סאַראַ ווילדע חיה בין איך, אַפּילו אויף קיין מאַטע נישט איינגעלאַדן, קומט. קומט אַריין! ווי אַ פּרעמדער אויף פּרעמדע שוועלן — — — קומט אַריין, סאַראַ נאַרישקייט פון מיין זייט. זי האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און געהאָלפן אַריבערצוטרעטן די שוועל.

— איר ווייסט, הערשל, איר זעט אויס ווונדערבאַר. געזעצט, ווי אַ פּולער זאַק מיט קאָרן, פריש, ווי דאָס ערשט אויסגעמאָלקן מילך פון די קי, און אייער פעסטע טשופּרינע איז ווי די גריווע פון אונדזער אָמאָליקן „אַלאַסאַן", הלוואי אויף מיין שאַיען געזאָגט געוואָרן. ער איז נעבעך אַ גלאַט לאָקשנברעטל... נו, ווי געדענק איך נאָך די טערמינאָלאָגיע פונעם דאָרף? סמעטענע האָט איר געזאָגט, און די מאַמע האָט עס אַליין מיט אירע אייגענע שוואַכע הענט אויסגעקלאַפּט? אוי, אַ געזונט אין אירע אַלטע ביינער! אפשר וועלן מיר זיי, די אַלטע לייט, ווען עס איז אַהער אַראָפּ־ברענגען. צו וואָס זיך פּלאָגן דאָרט אַליין, אָן קינד און רינד?...

— איר וועט זיי נישט אָנטאָן קיין נחת מיטן ליקווידירן די ווירט־שאַפט. איין מאָל האָבן זיי זיך שוין אויסגעריסן פון באָדן און אַריבער צו אונדז פון דער קאָלאָניע מאָנטיעל, פאַרלאָזן די זאַמדן און די ווינטן פון דער פּאַמפּאַ, און איצט, אויף דער עלטער ווילט איר זיי צוטיילן אַ פּאָר מעטער אויף צו באַוועגן זיך און אַ פּאָס לופט אויף צום אָטעמען?

זי איז אויף אַ ווײַלע אַרויס אין קיך צוגרייטן די מאַטע, און ער האָט אויסגעטאָן דעם ראָק און באַטראַכט דאָס צימער. דאָס איז געווען אַ היפּש־גרויסע וווינונג; ער האָט געקענט באַמערקן, אַז דאָס צימער איז צוגעגרייט פאַר צוויי פּאָרלעך. די מעבל־שטיקער, די צוויי שרענק, די צוויי גרויסע בראָנדזענע געטאָקטע בעטן און די באַזונדערע ווינקעלעך, האָבן קלאָר געמאַכט, אַז אינעם צימער האַלטן זיך אויף צוויי פּאָרלעך. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ערגעץ האָט ער ווען עס איז געלייענט אַ דערציילונג, וואָס שילדערט אַזאַ מין סיטואַציע: צוויי פּאָרלעך, פון די „גרינע" יאָרן, האָבן זיך איינקוואַרטירט אין איין צימער און זיי פּלעגן זיך מאַטערן, אַז איין פּאָרל זאָל נישט אויפנעמען די אינטימע פאַרבינדונגען פונעם צווייטן. אַזוי איז אַוועק די צייט, און מ'האָט זיך צוגעוווינט צו דעם, אַז ס'האָט שוין נישט געאַרט און נישט געשטערט דאָס גערויש אין די שכנישע בעטן.

רייכל איז צוריקגעקומען פון דער קיך, באַלאָדן מיט אַ רייך געפּוצטן טשייניק, מיט דער צוגעגרייטער מאַטע. הערשל האָט באַוויזן אויפצובינדן דעם רוקזאַק און אַרויסצונעמען פון דאָרט אַ פאַרמאַכט בלעכל. רייכל איז צוגעפאַלן צו דעם, ווי צו אַ משפּחה־חפץ, וואָס איז לאַנג געווען אָפּגעשיידט פון איר. ביים אויפרייסן דעם דעקל האָט אַ זעץ געטאָן אַ לייכטער טוכלער ריח פון דער געדיכטער סמעטענע, וואָס איר אייבערשטער שיכט איז געווען פאַרצויגן מיט אַ דין שימל־הייטל. דווקא אָט דאָס הייטל און דער ריח פון זויערלעכן הייוון, האָט אין איר, אין רייכלס געמיט, אָנגעוויעט אַ שטראָם פון זכרונות און איבערלעבונגען.

— מאַמעניו, מיט דיינע אייגענע אויסגעאַרבעטע הענט אויסגעשלאָגן! אין דער קיך אַוודאי געשטאַנען אָנגעבויגן איבער דער סטופּקע און אויס־געשלאָגן! מיט די אַלטע אויגן געוואַרט, געדולדיק געוואַרט, אַז... וואָס רעד איך? דאָס איז דאָך סמעטענע און נישט קיין פּוטער!... איר הערט, הערשל, ביי נאַכט, ווען מיר פלעגן שוין ליגן אין די בעטן און צוגעדעקט זיך די קעפּ, אַז די מאַמע זאָל מיינען, אַז מיר שלאָפן שוין, פלעגט זי אויס־שלאָגן די פּוטער, קלאַפּן אָן אויפהער. טייל מאָל, אַז עס האָט צו פיל גע־דויערט, פלעגט זי אָנוואַרעמען די סמעטענע אין אַ טאָפּ וואַרעם וואַסער. סאַראַ פרייד עס האָט זי אַרומגעכאַפּט, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן די ערשטע קערנדלעך, ווי אַן אָנזאָג אויף דער נאָענטער פּוטער־מאַסע. נאָך דעם האָט זי מיטן קלאַפּער פון דער סטופּקע געדרייט אַ פּאָר מאָל, אַז עס זאָל זיך צוזאַמענעמען, און די מאַסלינקע זאָל אָפּשטיין באַזונדער. די מאַמע האָט אָפּגעהיט די פּעטע לויזע מאַסלינקע פאַר אונדז, די קינדער, אַז מיר זאָלן עס טרינקען אויפן ניכטערן מאָגן. „דאָס איז אַ רפואה צום מאָגן״ — פלעגט זי זאָגן. מיר האָבן אָבער געוואָלט מיט דער פולער האַנט אָנשמירן די פרישע פּוטער, אַזאַ אַ שיכט! נו, אָבער דאָס איז געווען אַ פּוסטער חלום. די מאַמע פלעגט אויסשלאָגן די פּוטער ביי נאַכט, אַריינדריקן זי אין קיי־לאַגראַמענדיקע פּושקעס און זיי אַוועקגעשטעלט, אַז מיר זאָלן זיי נישט דערטאַפּן, אינעם אונטערשטן קעסטל, אונטערן זיץ פון דער סולקי. אָבער מיר האָבן געוווּסט, אַז פאַר דעם וועט מען ברענגען אַ פּאָר קילאָ צוקער, זשערווּאַ, אָדער אַ סיצענעם כאַלאַט פאַר עמעצן אין שטוב. האָבן מיר זיך באַגנוגנט מיט דער זויערלעכער מאַסלינקע...

דאָס אַלץ האָט זי געזאָגט מיט פון טרערן פאַרלאָפענע אויגן. איז דאָס

געווען צוליב די שווערע קינדער־זכרונות, אָדער צוליב דער אויפגעגאַנ־
גענער בענקשאַפט נאָך דער מאַמעס שטוב?

ער האָט נישט געוווּסט מיט וואָס זי צו באַרויִקן. ער האָט אַרויסגענו־
מען פון אירע הענט דעם טשייניק און אַליין אָנגעהויבן סערווירן די
מאַטע. ער איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון איר און טראָץ דער
משפחה־נאָענטקייט, איז שטענדיק געווען אַ דיסטאַנץ צווישן זיי. אָבער
דאָ, ביים אָנבליק פון אירע טרערן, וואָס זענען גערונען איבער אירע שיינע
אָבער אָפּגעבלייכטע באַקן, זענען עפּעס אָפּגעפאַלן מחיצות, און ער האָט
געפילט כמעט ווי אַ פליכט צו דערנענטערן זיך צו איר. ער האָט געטאָן
אַ לייכטן גלעט איבער אירע בלאָנדע אַראָפּפאַלנדיקע האָר.

— נו, אָבער קיינער האָט אייך פון דאָרט נישט אַרויסגעטריבן. פאַר־
קערט, איר רעדט דאָך פון ברענגען אַהער די אַלטע לייט... ווו וועט איר
זיי אַהינטאָן? — ער האָט איר צוגעטראָגן די מאַטע ממש ביז צו די ליפּן
און באַמיט זיך צו שמייכלען מיט אַזאַ צודרינגלעכקייט, אַז זי האָט דורך
די פאַרגלאָזטע אויגן אויך אים אָפּגעענטפערט מיט אַ מונטערן קוק. ער
האָט ווידער אַ מאָל אָפּגעמאָסטן מיטן בליק די מעבל־שטיקער אין צימער.
זי האָט פאַרשטאַנען זיין פאַרשנדיקן קוק.

— איר האָט נישט וואָס צו ווונדערן זיך... אייגנטלעך יאָ... ווי איר
זעט, איז דאָס צימער אַ בשותפותדיקער פּאַלאַץ פאַר צוויי פּאָרלעך. וואָס,
איר גלייבט נישט? איר מיינט אַוודאי, אַז נאָר אין מעשה־ביכלעך דערציילט
מען אַזעלכע פּיקאַנטע זאַכן? נאָר אַ גליק, וואָס איצט האָט זיך עס דערווייל
געענדיקט, דערווייל...

— דערווייל געענדיקט, זאָגט איר? איך פאַרשטיי נישט...

— וועל איך אייך געבן צו פאַרשטיין, הערשל: אין די ערשטע מאָנאַטן
נאָך אונדזער חתונה, האָבן מיר נישט געהאַט קיין געלט, נישט אויף קיין
צימער און נישט אויף קיין מעבל. וואַרטן? די צייט האָט זיך נישט פאַר־
בעסערט און מען ווערט נישט ייִנגער. אַזעלכע ווי מיר זענען געווען נישט
ווינציק. עס איז נאָך אַ האַלבע צרה, וואָס די, וואָס האָבן געוווינט מיט
אונדז, זענען משפחה פון מיין מאַן, פאָרט נישט קיין ווילד־פרעמדע. גע־
מיינט האָבן מיר, אַז ס'וועט דויערן אַ האַלב יאָר, אַ יאָר, מיר וועלן אָפּשפּאָרן
עפּעס געלט און אָפּאָטעמען פרייער... אָבער מיין מאַן האָט אַנדערש גע־
טראַכט. וועבעריי איז געגאַנגען שלעכט, געאַרבעט האָט מען אַ פּאָר טעג

אין דער וואָך, און ווען עס האָט זיך פאַרבעסערט, האָט ער אָנגעהויבן קלערן וועגן אַראָפּגיין אויף אייגענער קעסט. קויפן אַ וועבמאַשין? פאַנ־טאַזיעס. האָט מען אים צוגערעדט אַ גאָלדן געשעפט: הויזן נייט מען? הויזן נוצט מען? הויזן און העמדער האָבן קנעפּלעך, קנעפּלעך מוזן האָבן לעכלעך. טאָ זאָלן זיך צוזאַמענגעלייגן עטלעכע לאַנדסלייט און פון די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס אײַנהאַנדלען אַ לעכער־שליף־מאַשין. אַ ביסל — מיט „אַל־קאָנטאַדאָ" (אין מזומן), און די רעשט — אויף אויסצאָלן. יעדער וועט נאָך דער אַרבעט אויסקנאַקן אַ פּאָר הונדערט לעכער, און דאָס וועט עפענען די אויגן. איר וועט עס אַליין הערן, הערשל. נאָך פינף אַזייגער וועט די מאַשין אָנהייבן אַרבעטן. איר וועט עס גוט הערן. דאָס איז אָבער אויפן חשבון פון אַן אייגענעם זעלבשטענדיקן צימער... אָבער ער האָט אַזוי גע־וואָלט, שאַיע...

— אָבער, מיט וואָס האָט זיך עס איצט דערוויַיל געענדיקט, האָט איר געזאָגט?

— מיט וואָס, פרעגט איר? אַ מזל. — שטעלט אייך פאָר, ווי אָנגע־נעם עס איז אַזוי צו לעבן — אַ שותפותדיקע קיך און אַ שותפותדיקער צימער פאַר צוויי פּאָרלעך. מאַכט זיך, אַז עס ברעכט אויס די שפּאַנישע בירגערקריג, און צווישן די ערשטע פריַיוויליקע מאָביליזירן זיך אונדזערע שכנים פון צימער. זיי גייען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וואָס מען פלאַנט צו פאָרמירן.ביידע פאַרברענטע קאָמוניסטן — האָבן זיי געזען פאַר זיך אַ מצווה צו זיין צווישן די ערשטע. בריוו באַקומען מיר פון זיי פול מיט ענטוזיאַזם. זיי דערציילן וועגן דעם צוזאַמענמיש פון פעלקער, וואָס קומען אויף דער רעפּובליקאַנער זייט... מילא, זאָלן זיי זיך צופרידן, אַבי מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט... יאָ, איר וועט טאָקע קענען שלאָפן ביי אונדז, ביי זיי אין דעם ברייטן בעט. איר וועט אונדז נישט שטערן... פּאַרקערט, אַזאַ גאַסט! וויפל יאָר, ווי מיר האָבן זיך נישט געזען? זייט אַזוי גוט, איצט וויל איך סערווירן...

די ברייטע גוט צוגעריכטע בראָנדזענע בעטן זענען געשטאַנען, ווי אַ גוטער אָנזאָג אויסצורוען די ביינער. קיין שטראַל ליכט איז איצט נישט אַדורך איבעם אייבערשטן לופטשיק, און דאָך האָט די שטילע טונקלקייט געווירקט אויף אים צו קילן און איינגעמען די נערוון, נאָך עטלעכע שעהען פון אָנגעשטרענגטן אַרומבלאָנקען און נאָך אַ נאַכט פון שלעכטן שלאָפן

אויף דער האַרטער וואַגאָן־באַנק. ער האָט דערפאַר געדן מסכים געווען זיך צוצולייגן אָפּרוען אויף אַ פּאָר שעה. זי וועט דערווייל אויפראַמען אין קיך, אַרויסגיין טעלעפאָנירן און צו וויסן געבן אַ פּאָר באַקאַנטע, אַמאָליקע קאָלאָניסטן און שכנים, און זיי פאַרבעטן אין אָוונט צו פאַרברענגען אַ פּאָר שעה צוזאַמען.

ער האָט אַראָפּגעצויגן דעם אָנצוג און פריי געמאַכט דעם שניפּס. ער איז געלעגן אין טונקלען צימער, און דאָך נישט געקענט צומאַכן קיין אויג. רייכל איז פון צייט צו צייט אַריין אויף די שפּיץ פינגער מיינענדיק, אַז ער שלאָפט און באַלד זיך אַרויסגעמאַכט פון צימער. פון דרויסן אַרויס האָט זיך געהערט דער אָפּקלאַנג פון קינדערשע קולות, דער טעמפּער עכאָ פון דעם געריוש פון פאַרנדיקע טראַמווייען אויף דער גאַס און דער שמועס צווישן די שכנות, אויף יידיש און שפּאַניש, וואָס האָבן לאַנגזאַם צורעכט געמאַכט די קיכן אָדער געוואַשן וועש אין בלעכענע באַליעס.

פון די אָפּגעריסענע ווערטער, וואָס זענען צו אים דערגאַנגען, האָט ער געקענט אַרויסדרינגען, אַז דאָס רעדט מען וועגן אים. רייכל האָט געהויבן זיין חשיבות אין די אויגן פון די שכנות און דורך דעם געוואָלט אַליין זיך שטעלן אויף אַ שטאַפּל העכער. זי האָט אים באַלד באַצייכנט ווי אַ דעלע־גאַט און דערציילט וועגן זיין אַמאָליקער עקשנות אויפצוהאַלטן זיך צוזאַ־מען מיט דער משפּחה און איבערקומען די שווערע צייטן — ביז פון דער וויסטעניש איז אויסגעוואַקסן אַ גרויס דאָרף.

— פון דער וויסטעניש אַ דאָרף און פונעם דאָרף צוריק אַ וויסטעניש — האָט עמעצער פון די ווייבער מיט אַ יונגן קוויטשיקן קולכל אַרויסגעפּלאַצט. עס איז קלאָר געווען, אַז אַ גרויסער טייל פון די איינוווינער פון הויף זענען געוועזענע דאָרפסלייט.

הערשל האָט זיך געוואָרפן אויפן ברייטן בעט, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ געבלימטן זיידענעם צודעק, און נישט געקענט איינשלאָפן. פון די פּאָר באַגעגענישן אינעם ערשטן טאָג פון זיין באַזוך אין שטאָט האָט זיך ביי אים געשאַפן דער איינדרוק, אַז נישט געקוקט, וואָס די „געוועזענע" זיצן שוין יאָרן אין שטאָט און זיי האָבן אַפילו זיך איינגעוואָרצלט, האָבן זיי נישט איבערגעריסן די פעדעם, וואָס פאַרבינדן זיי נאָך מיט די פאַרגאַנ־גענע יוגנט־יאָרן אין דאָרף.

דורך די האַלב צוגעמאַכטע וויִעס, און מאַכנדיק אַן אָנשטעל, אַז ער

שלאָפֿט, האָט ער געזען ווי רייכל האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דאָס לייכטע שטוב־קליידל און אָנגעצויגן אויף זיך אַ בגד, וואָס זי האָט אַרויסגענומען מיט לייכטע באַוועגונגען פֿון דעם אַלטן סקריפּענדיקן שראַנק מיט דריי שפּיגלען. דאָס צימער איז פֿול געוואָרן מיטן זיסלעכן ריח פֿון פּאַרפֿום און נאַפֿטאַלין און ווען רייכל האָט אַרויסגעשלייכט אין דרויסן און צוגעשפּאַרט לייכט די טיר, האָט ער דעמאָלט ערשט זיך איבערגעדרייט, איינגעגראָבן דעם מידן קאָפּ אין קישן און איינגעשלאָפֿן.

*

אין אָוונט זענען עטלעכע „לאַנדסלייט" פֿון דער קאָלאָניע זיך צונויפֿ־ געקומען אין צימער פֿון רייכל און איר מאַן. ס'איז קענטיק געווען, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ נאָענטער צוזאַמענבונד צווישן די דאָזיקע מענטשן, און אין די זונטיקן, אָדער אין פֿרייע יום־טוב־טעג, טרעפֿט מען זיך און מען פֿאַר־ברענגט צוזאַמען. די רייזע צו באַזוכן אין דער קאָלאָניע פֿלעגט מען מאַכן איין מאָל אין אַ פּאָר יאָר, און ערשט דעמאָלט, ווען דער „געוועזענער", האָט דורכגעמאַכט אַלע גלגולים פֿון פּרנסה־זוכענישן, און ווי עס איז זיך איינגעריבן אין אַ פֿאַך. אין אָנהייב האָט מען פֿאַרדינט נאָר צו דער־האַלטן די נשמה, געגעסן טרוקנס און זיך נישט פֿאַרגונען צו דינגען אַליין אַ צימער. האָט מען זיך איינגעפּרעסט דריי־פֿיר בחורים אין איין צימער. די היגיענישע באַדינגונגען זענען געווען שווערע און די עיקר פֿאַרוויי־לונגען זענען באַשטאַנען אין אַרויספֿאָרן אין די זונטיק־נאָכמיטיקן אין די פּאַלערמאָ־וועלדער, אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, אָדער זיצן אויף דער „פּלאַ־סאַ־איטאַליאַ" און נאָכקוקן ווי די שפּאַניאָלישע דינסטמיידלעך שפּאַצירן מיט די סאָלדאַטן אויף אורלויב אָדער מיט די „גרינע" אָנגעשטעלטע פֿון די שפּייז־קראָמען.

ערשט, ווען מען האָט זיך געקענט אָנקלייבן, פֿון „קישקע־געלט", עטלעכע פּעזעס, אַרויפֿצײַען אַן אָנשטענדיקע „טראַכע" (אָנצוג) און אָנגורטן אויפֿן קאָפּ אַ קאַפּעליוש מיט ברייטע ראַנדן און אַ שמעטערלינג־שניפּסל אונטערן האַרטן קאָלנער, וואָס מ'פֿלעגט איבערדרייען נאָך אַ וואָך נוצן — האָט מען זיך אַראָפּגענומען אַ בילד און צוגעשיקט אַהיים, אין דאָרף אַריין, און דאָרט האָט מען אָנגעקוואָלן און מקנא געווען...

די וועגן זייערע פֿלעגן זיך פֿונאַנדערשיידן נאָר דעמאָלט ווען עמע־

צער האָט מצליח געווען, און דורך מסחר, אָדער אַ „לאָטעריע"־צעטל, זיך אַרויפגעדראַפּעט און אָנגעהויבן זוכן אַנדערע קרייזן און בעסערע געזעלשאַפט.

אַ נישט קליינער חלק פון אָט די אַמאָליקע קאָלאָניע־קרייזן האָט דאָ אין שטאָט פאַרגעזעצט זיין פּאָליטישער אַקטיווקייט. דאָס רוב איז געווען לינק געשטימט און זיך אַריינגעוואָרפן אין די אַרבעטער־קלובן, אין די פאַרשידענע „רעטונגס"־קאָמיטעטן, און אין די לעצטע מאָנאַטן — אין דער הילפס־אַרבעט פאַר דער רעפּובליקאַנישער שפּאַניע, וואָס האָט גע־רופן די פרייע וועלט צו ראַטעווען איר לעגיטימע רעגירונג.

דאָס צימער איז פול געוואָרן פון באַזוכער און שכנים אין הויף. אַ טייל האָט הערשל געקענט און אַ טייל קוים דערקענט. עס זענען אויך געווען צווישן די שכנים עטלעכע מיידלעך פון די קאָלאָניעס פון וויטן און טרוקענעם צפון, און אַרום זיי האָבן די בחורים געקלעפּט און געפּאַדעט. פון די קאָלאָניעס איז אָנגעגאַנגען די אויסוואַנדערונג, דער עיקר פון יונגע בחורים. מיידלעך פלעגן אַראָפּקומען זוכן אַ חתן נאָר דעמאָלט, ווען דער ברודער פלעגט זיין אין שטאַנד שוין צו דינגען פאַר זיך אַליין אַ קליין צימערל. די „קאַמפּעוואָיע" בחורים האָבן בדרך כלל נישט געהאַט דעם קוראַזש צו זוכן און פרוון זייער מזל צווישן די שטאָטישע יידישע מיידלעך, וואָס פלעגן לאַכן פון זיי און פון זייער מאָדנעם שפּאַניש לשון.

און דווקא די שטאָטישע אַרבעטער האָבן געוואָלט חתונה האָבן מיט די אַהערגעקומענע דאָרפס־מיידלעך. געוווּסט האָבן זיי, אַז יענע האָבן נישט קיין גרויסע פּרעטענזיעס און וועלן זיי נישט אַריינטרייבן אין איבעריקע חובות מיטן חשק נאָך לוקסוס. שאַיע, רייכלס מאַן, האָט זעט אויס, געהאַט אָט דעם חשבון פאַר זיינע אויגן, ווען ער האָט איר "אויכאַזשעוועט"· אַפילו די חתונה זייערע האָבן זיי געמאַכט באַשיידן, אין קרייז פון עטלעכע נאָענטע. אין די פּאָר שעה, וואָס הערשל האָט געהאַט די געלעגנהייט צו באַטראַכטן די משפּחה־באַציִונגען צווישן זיי, האָט ער אַרויסגעדרונגען, אַז רייכלס מאַן איז אַ שקלאַף פון פרנסה־זאָרג, אַ צוגענאָגלטער צום וואָגן, וואָס פירט אים פון איין אַרבעט צו דער צווייטער — דורכן טאָג ביי דער שטריק־מאַשין, און אין די אָוונטןביים אויסקלאַפּן די לעכער פון אַרבעטס־הויזן און העמדער.

מאָדנע, ווען הערשל האָט פון דער וויטנס אויפגעכאַפּט דעם גערויש

פון דער מאַשיןביים אויסקנאַקן די לעכער — און שאַיע האָט נישט מוותר געווען אַפילו היינט אויף אַ פּאָר שעה איבערשטונדן — זענען צו זיינע אויערן דערגאַנגען די שוין לאַנג אויסגעלאָשענע קלעפּ פון דער שנייד־און־בינד־מאַשין ביים צוזאַמענדריקן און אויסבינדן די סנאָפּעס. דאָס איז געווען שוין לאַנג, אין די ערשטע יאָרן פון זייער זיצן אויפן באָדן, אָבער יענער גערויש איז אים געבליבן איינגעקריצט אין זכרון, ווי די ראַזמוטנע שקיעות פון דער זון איבער די האָריזאָנטן פון דער פּאַמפּאַ. די זעלבע רוטינע האָט זיך איצט אַרויסגעהערט פון דעם בלעכענעם ביידל, וואָס שטייט אונטערן ברייטן פייגנבוים אין ווייטן עק פון הויף. אין אָנהייב — אַ מין שיטנדיק־לויפנדיק גערויש, ווי דאָס אָפּהאַקן פון די תבואה־שטאַמען. זיי לויפן אויפן געוואַנט ביז צו דעם אָפענעם מויל פון דער בינד־מאַשין און צום סוף — אַ האַרטער קנאַק, וואָס קלאַפּט אויס דעם לאַך אין געוואַנט, פּונקט ווי דאָרט אויפן פעלד גיט די מאַשין אַ קנאַק, וואָס זאָגט אָן, אַז דער סנאָפּ איז אַרומגעגורט מיטן פאָדעם, דאָס מעסער האָט אָפּגעהאַקט דעם שנור און מיט צוויי שטאָלענע אָרעמס אַ שליידער געטאָן דעם סנאָפּ צום באָדן. לאַנג האָט הערשל אויפגענומען דעם טרוקענעם טאַר־טאַר־טאַר־טאַר פון דער מאַשין און געוווּנדערט זיך אויף אַזאַ פולער ענלעכקייט.

הערשל האָט אויפגעבונדן זיין פּעקל און מכבד געווען די געסט מיטן היימישן געבעקס, וואָס מ׳האָט מיט אים מיטגעשיקט. אויפן טיש זענען געשטאַנען סיפאָנען סאָדע־וואַסער און פלעשער מיט רויטן ביליקן וויין. ווי אין דאָרף, איז די מאַטע געווען דער געטראַנק, וואָס איז געגאַנגען פון מויל צו מויל. דער עיקר שמועס האָט זיך געדרייט אַרום דער פראַגע פון זיין אָדער נישט־זיין אין דאָרף, און ווי די היגע „געוועזענע" איז געלונגען, אָדער נישט געלונגען, זיך איינצואָרדענען אין שטאָט.

הערשל איז געווען דער צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך, וואָס אַן אמת, געפילט אַ ביסל דערהויבן, וואָס אינעם ערשטן טאָג פון זיין באַזוך אין שטאָט, האָט ער די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט לאַנדסלייט פון דאָרף און קען זיך שאַפן איינדרוקן פאַר דער דערעפענונג פונעם צוזאַמענפאָר. ער איז אָבער פון שטענדיק אָן געווען אַ צוריקגעהאַלטענער און זיך געפילט אַ ביסל פאַרלאָרן, ווען ער איז אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון אַלגעמיינעם שמועס. ער האָט אויך געוווּסט, אַז בכדי

אַרויסצובאַקומען די געפילן און שטימונגען צווישן די געסט, דאַרף ער, קעגן זיין ווילן אַפילו, אָנגרייפן און מאַכן פּראָוואָצירנדיקע באַמערקונגען:

— אַנשטאָט צו וויינען אויפן חורבן פון דער קאָלאָניע, וואָלט געווען מער רעכט, אַז מען זאָל צוזאַמען זוכן אַ לייזונג. אָט, וויפל פון אייך ווייסן, אָדער אינטערעסירן זיך דערמיט, אַז מאָרגן אין אָוונט דאַרף זיך פאַרזאַמלען אַ קאָנגרעס פון די אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון? דאָס איז דאָך פאַר אונדז אַ געוואַלדיקע איבערלעבונג! צי האָט ווער פון אייך אָפּגעמאַכט ביי זיך, זיך אָפּצורייסן פון דער טעגלעכער פּרנסה און כאַטש אויף אַ פּאָר שעה קומען אַ בליק טאָן אויף די, וואָס ווילן נאָך לעבן אויפן דאָרף? איך ווייס נישט, צי עס איז דווקא פּלאַנירט געוואָרן, אָבער איך פיל, אַז דער קאָנגרעס איז ווי אַן אַרויסרוף צו די טויזנטער, וואָס האָבן פאַרלאָזן די קאָלאָניע. דאָס איז אַ מין אַליאַרם פון דער לעצטער שעה, וואָס די אָרגאַניזירער אַליין האָבן אפשר נישט געטראַכט וועגן דעם.

— טאָ פאַר וואָס האָט מען זיך צו אונדז נישט געווענדט? זאָל זיין דורך דער צייטונג, אויב פּערזענלעך איז אוממעגלעך? — האָט ווער אָפּגעשלאָגן.

— אויב עמעצער איז נאָך ווי עס איז פאַרבונדן מיטן דאָרף, דאַרף מען אַזעלכע איינלאַדונגען נישט שיקן. ווער עס איז אָפּגעפרעמדט, נאַטירלעך אָדער מיט אַ כוונה, דעם וועט קיין רוף נישט העלפן — האָט הערשל מיט פעסטקייט צוגעגעבן.

— און איך האַלט זיך ביי מיינס: עס איז געקומען די העכסטע צייט, אַז מיר, די אַרויסגעקומענע פון דאָרף, זאָלן זיך דאָ אָרגאַניזירן...

— אָרגאַניזירן? צוליב וואָס? שאַפן אַ נייע פּאָליטישע פּאַרטיי?

דער, וואָס האָט געוואָרפן דעם אָריגינעלן געדאַנק, איז געווען אַ נידעריקער מאַן מיט רויטלעכע האָר און מיט אַ סך זומערשפּרענקלעך אויף זיין ברייטן פּנים. ער האָט גערעדט מיט אַ פולן „ריישיקן" בעסאַראַבער לשון און זיין גאַנצער אויסזען איז געווען פון אַ ריכטיקן דאָרפסמאַן, צו וועמען עס קלעפּט זיך נישט די שטאָטישע אויסערלעכע אויסגעאיידלטקייט.

— פון דעסטוועגן האַלט איך, אַז דאָס וועט ברענגען נוצן, שאַטן וועט דאָס זיכער נישט.

— וועמען נוצן? — האָט דאָס מאָל רייכל זיך אַריינגעמישט און אַ הייסן בליק געטאָן אין הערשלס זייט — צי איז פאַראַן אַן ערנסטער

אויסקוק, אַז מיר זאָלן ווען עס איז זיך צוריקקערן אין דער קאָלאָניע? אָדער אפשר צו זוכן וועגן אויסצומיידן, אַז אַנדערע זאָלן פאַרלאָזן?

— יאָ, ווי דיין שוואָגער אַבעלע פּרעדיקט מיט פּאַטאָס: „די קאָלאָניע מוז עקזיסטירן, כדי אָפּצוהיטן דעם יידישן כבוד צווישן די גויים". געהערט אַן איינפאַל? די קאָלאָניסטן, אַפילו זיי זאָלן עסן קלייען און באַקן בייגל, מוזן בלייבן אין דאָרף, כדי צו באַשיינען די פיינע יידן, וואָס לעבן אין שטאָט... און ער אַליין? אַ וויסטער עקספּלואַטאַטאָר פון אָרעמע שיקסעס!

— איך ווייס נישט צי מעג איך אויך זיך אַריינמישן אין אייער וויכוח — האָט שאַיע געציילט לאַנגזאַם זיינע רייד מיט אַ טיף־ליטווישן אַקצענט — אָבער איך מיין, אַז איר דאַרפט שאַפן דעם פאַראיין צוליב עטלעכע מאָטיוון. ערשטנס, וועט מען נישט אויסמיידן דאָס פאַרלאָזן דאָס פעלד. נישט די, וואָס זיצן דאָרט, און נישט די, וואָס וווינען אין שטאָט, זענען אין דעם שולדיק. אָבער אויב מען קומט שוין יאָ אַהער, טאָ פאַר וואָס זאָל זיך יעדער איינער פילן עלנט און אָפּגעזונדערט? סיי ווי זע איך דאָך, אַז איר קלעפּט זיך איינס לעבן צווייטן אַ סך צייט נאָכן אַהערקומען. דאָס איז אַ באַווייז, אַז מען דאַרף אַזאַ פאַראיין. אויסער דעם, איז נישט קיין אומגליק, אַז מען קומט פון דאָרט אין שטאָט אַריין. דאָס איז אַן עלעמענט, וואָס קען נאָר נוצן ברענגען. די שטאָטישע געזעלשאַפט קען פון דעם גאָר געניסן, אַזוי ווי איך, למשל...

אַלע האָבן גוטמוטיק געלאַכט און אַפּלאָדירט זיין איינפאַל.

— איך ווייס, אַז דער פּראָצעס פון אַקלימאַטיזירן זיך אין שטאָט איז זייער אַ שווערער און אַ לאַנגער — הערשל האָט זיך געהיט מיט אַ וואָרט, וואָס האָט געקענט אָנרירן דעם כבוד פון די „געוועזענע" — איך בין זיכער, אַז דורך די ערשטע פּאָר יאָר איז יעדער פון אייך, מיט דער נשמה וויניק־סטנס, מער „דאָרט" ווי „דאָ". איך וואָלט אַפילו געוואַגט צו זאָגן, אַז ווען מען וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט נישט איינער זיך צוריקגעקערט. דאָ שפּילן אָבער אַ ראָל פּרעסטיזש־מאָמענטן. זיך צוריקקערן? דאָס הייסט דאָך אַ צוריקטריט אין די אויגן פון די קאָלאָניע־לייט, דאָס הייסט אַ דורכפאַל, מען וועט קוקן אויף דיר ווי אויף אַ טויגענישט...

— נו, דאָס איז ריכטיק. דערפאַר דוכט זיך מיר, אַז פון אונדזער קאָ־לאָניע האָט זיך נאָך קיין איינער נישט צוריקגעקערט. מען שעמט זיך...

— דערפאַר זע איך נישט קיין אומגליק אין דעם, אַז מען זאָל זיך אויך

אין שטאָט אָרגאַניזירן אין אַ, לאָמיר זאָגן, אַן „אַגראַר־צענטער". עס קלינגט אַ ביסל ווילד — אַן אַגראַר־צענטער אין שטאָט? — דער רויטער יונגערמאַן האָט זיך ווי אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד — אפשר וועט אַ מאָל געבוירן ווערן דער געדאַנק זיך צוריקקערן, אַזוי זיך, אַ גאַנצע גרופּע צוזאַמען... וועט מען זיך טאַקע נישט דאַרפן שעמען... ווער וועט זאָגן, אַז דאָס איז אַ דורכפאַל? פאַרקערט, מען וועט נאָך שרייבן אין די צייטונגען...

— אָבער איר פאַרגעסט, צאַלעל, איר פאַרגעסט, אַז נישט דורך אַ קאַפּריז זענען מיר אויסגעשפּיגן געוואָרן. דאָ האָבן געווירקט פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן. אויך דער סאָציאַלער מאָמענט פון קאַמף מיט דער „גע־זעלשאַפט". צי וועט זי איצט מסכּים זיין באַזעצן די צוריקגעקערטע זין אויף באָדן? באַקוועמער איז צו פאַרדינגען דייטשן און איטאַליענער...

— איך געדענק דעם טאָג, ווען דער גורל איז געפאַלן אויף מיר צו פאַרלאָזן — האָט דער באַשפּרענקלטער מיט אַ זינגענדיקער נאָסטאַלגיע אַרויסגעזאָגט — מיר זענען דאָך פון דער זאַמדיקער ווילדער מאַנטיעל. נאָך דרייסיק יאָר זיצן אויפן פעלד — און איך בין דאָך דאָרט געבוירן געוואָרן — האָט מען געפּסקנט, אַז אויף דעם באָדן, וואָס דער פאָטער האָט באַקומען, קען מיט שוועריקייט זיך אויסלעבן איין זון מיט זיין משפּחה. עס איז נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו וואַרפן גורל, און אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער ביטערער גורל צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף. איך האָב געוווּסט, אַז די „געזעלשאַפט" וועט זיך נישט רעכענען מיט דעם פאַקט, וואָס איך בין דאָרט געבוירן, דערצויגן געוואָרן, זיך איינגעלעבט מיט די ווינטן און קלימאַט — זי וועט מיר קיין אַנדער באָדן אין קאָלאָניע נישט צוטיילן. איך האָב ביטער געוויינט אין די נעכט, געביסן דאָס קישן און אויסגעגעסן די קנעפּ פון די ציכלעך. איך האָב זיך צעזעגנט, צעקושט מיט מיין ברודער און אים באַשוווירן, אַז אויב דער גורל איז געפאַלן אויף אים, טאָ זאָל ער מיט אויסדויער און שטאָלץ זיך האַלטן און קלאַמערן אין באָדן. איך אַליין בין אַ קלאַפּער אין גאַס, שלאָג אָפּ די טירן פון די „מאַריעס", און פּרנסה פעלט נישט. אָבער צי איז דאָס אַ ציל און אַ צוועק?

— ציל אַהער און צוועקעס אַהין — האָט אַ נידעריקער בחור מיט אַרויסגעזעצטע גרויסע אויגן זיך געהיצט — איך גלייב נישט, אַז מיט אַזאַ בענקענדיקער נאָטע וועלן מיר אונדזער צוקונפט פאַרבעסערן. ווער פון אונדז וועט זיין דער ערשטער צו געבן דעם שפּרונג צוריק, און ווער פון

אונדז קלערט באמת עס צו טאָן? רעדערייען! עס פּאַסט אַזוי, כדי איינצו־שטילן דאָס געוויסן...

— זאָגט מיר דעם אמת, ווי רופט מען אייך? צאַלעל, איר זענט דאָך פון דער אומגליקלעכער מאָנטיעל — צי וואָלט איר נאָך איצט איינגעווי־ליקט זיך אומצוקערן אויף באָדן, וואָס מען וואָלט אייך פאַרגעלייגט, לאָמיר זאָגן, אין דער רייכער מאָזעסוויל? צי וואָלט איר גרייט געווען אָנצוהייבן פון דאָס ניי?

הערשל האָט דאָס מאָל הנאה געהאַט פונעם צושטעלן דעם רויטן בחור „צו דער וואַנט".

— און איך האָב געהערט גאָר אַנדערע קלאַנגען — האָט אַ הויכער בחור, אויך אַן אַמאָליקער שכן פון דער קאָלאָניע „די זיבן פיילן", וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס סטאָלער־אַרבעטער, זיך אַריינגעמישט — איך האָב געהערט רעדן וועגן אַ נייעם טיפּ קאָלאָניע, וואָס מען וויל אויפשטעלן דאָ אין לאַנד. מען וויל מאַכן עפּעס אַזאַ מין צוזאַמענמיש, וואָלט איך גע־זאָגט, צווישן שטאָט און דאָרף. אַזאַ זאַך האָט אַ זשורנאַליסט באַצייכנט ווי „ביישטאָטישע קאָלאָניזאַציע". האָט איר געהערט וועגן דעם? וואָס איז אייער מיינונג, הערשל, וועגן דעם?

אויף איינעם פון די קאָלאָניסטן־צוזאַמענפאָרן האָט מען געוואָרפן דעם געדאַנק וועגן שאַפן אַ נייעם טיפּ יידישן דאָרף. אינעם זוכן צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון קאָלאָניסטישע זין, וואָס די „געזעלשאַפט" וויל נישט קאָלאָניזירן אויף איר באָדן, האָט מען געזוכט זיך דערנענטערן צו יענעם טיפּ פון דאָרף, וואָס אַ סך יידן אין צפון־אַמעריקע האָבן זיך אין אים אויס־געלעבט. דאָס איז געווען די „קאָונטרי", וואָס האָט זיך נישט דערווייטערט פון דער שטאָט און דאָך געווען אויסער אירע גרענעצן. דאָס זענען געווען אַ מין דאַטשעס, וווּ די עטוואָס פאַרמעגלעכע יידישע סוחרים און פאַברי־קאַנטן פלעגן אַרויספאָרן אויף סוף וואָך הנאה האָבן פון דער לופט אין די בערג, עסן אַ פריש געבראָטן הינדל פון „יידישן" קאָטוך און טרינקען די מילך פון „יידישע" קי...

— יעדע דערנענטערונג צו דער שטאָט איז צום שלעכטן פון יידישן דאָרף. איך גלייב, אַז נישט דורך אַ צופאַל האָט דער באַראָן איינגעהאַנדלט באָדן, וואָס איז געלעגן עטלעכע הונדערט קילאָמעטער פון דער גרויסער

שטאָט. יעדע נאָענטקייט וואָלט געפירט צו איינפירן פּרנסות, וואָס וואָלטן באַלד אַרויסגעריסן דעם ייד פונעם דאָרף...

הערשל האָט זיך אַ רגע אָפּגעהאַלטן, באַטראַכט די אַרומיקע און געפונען פאַר נויטיק זיך צו פאַרריכטן:

— דאָס מיינט נישט, אַז די הונדערטער קילאָמעטערס האַלטן אָפּ דעם פּראָצעס פון גיין אין שטאָט אַריין, אָבער ווען מען בויט פון אָנהייב אָן לעבן דער שטאָט, איז דאָס אַוודאי פאַראורטיילט צו באַלדיקער צעברעקלונג. דאָס איז די טבע פון יידן...

דאָס צימער איז שוין געווען אָנגערויכערט און דער דינער וואָלקן האָט נישט געהאַט קיין אַרויסגאַנג אויסער דעם קליינעם לופטשיק איבער דער שמאָלער און הויכער טיר. אַ מידקייט איז געפאַלן אויף די פאַרזאַמלטע און ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן. מען האָט געדריקט הערשלס דיקע אויסגעאַרבעטע האַנט און אים איינגעלאַדן אויף אַ באַזוך. נאָך האַלבער נאַכט איז הערשל געבליבן אַליין מיטן פּערל אין גרויסן און מיט מעבל־אָנגעפּראָפּטן צימער.

נישט געקוקט, וואָס ער איז געווען מיד פון אַ גאַנצן טאָג אַרומפּאַדען איבער די גאַסן פון דער שטאָט און פון די שמועסן, איז ער איצט געלעגן אין בעט פון דעם אָפּוועזנדיקן פּערל און נישט געקענט איינשלאָפן. ער איז געלעגן רויִק און זיך באַמיט נישט איבערצודרייען זיך, נישט צו שטערן דעם געזונטן שלאָף פון שאַיען און רייכלען, וואָס זענען געלעגן אינעם ברייטן בעט אין אַנדערן ברעג פון צימער. ער האָט געפילט, ווי אַ גרויסער תהום, וואָס ציט זיך ווייטע קילאָמעטערס, צעשיידט אים פון זייער געלעגער. די פינצטערניש פונעם צימער האָט זיך איבערגעגאָסן אין אַ מין צעפלאָ־סענער ווייסקייט, וואָס נאָר אַ שטאָק פינצטערניש קען אָנקליידן. אין דרויסן האָט זיך דורכגעטראָגן אַ קלינגענדיקער טראַמוויי אויף די שינעס, אָדער אַ וואָגן אויף די גרויסע ברוק־שטיינער. דער אָפּגעהאַקטער גערויש, צו וועלכן ער איז נישט געוווינט געווען, האָט אים צוגעגעבן וואַכיקייט, און אין זייער מידער מחשבה האָבן אָנגעהויבן אויפקומען אָפּגעריסענע בילדער פון אָט דעם צימער אין די פאַרגאַנגענע טעג, אין יענע טעג און נעכט, ווען דאָס צווייטע פּערל, וואָס בלאָנקעט איצט ערגעץ איבער די פאַרבלו־טיקטע פעלדער פון שפּאַניע, האָט נאָך דאָ געוווינט און געשלאָפן אין דעם בעט, ווו ער ליגט איצט אַ וואַכיקער.

געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַ לייכטע וואַרעמקייט פון זייערע קערפּערס איז נאָך אָפּגעהיט, און געבליבן אינעם בעטגעוואַנט, וואָס דעקט אים איצט צו. ווי אַזוי האָבן זיי, צוויי יונגע פּאָרלעך, זיך געקענט אויסלעבן נאָרמאַל אין אַזעלכע באַדינגונגען?

ער האָט זיך פאַרשטיקט אין זיינע פאַרשטעלונגען און נישט געפילט, ווי ער האָט עטלעכע מאָל זיך איבערגעוואָרפן אויפן געלעגער און אַרויס־געלאָזן אַ לייכטן זיפץ.

— איר פילט זיך נישט גוט? עפּעס טוט אייך ווייַ? — רייכל האָט געשעפּטשעט דורך די שוואַרצע געוועבן פון דער נאַכט. זי איז אויך געווען וואַך.

— ניין, גאָרנישט. דער רעש פון דער גאַס שטערט מיר איינצושלאָפן — האָט ער אַ ביסל אָן איבעררעשטער איר אָפּגעענטפערט מיט אַ שטילן טאָן — שוין שפּעט, איר וועט נאָך אויפוועקן אייער מאַן, ער באַדאַרף פרי אויפ־שטיין...

— דאָס איז אַ שווערע זאַך, ער שלאָפט שטענדיק ווי אַ שטיק האָלץ. דאָס קלאַפּן פון דער שטריק־מאַשין און פון די לעכער־שלייפן איז אים שוין געבליבן אין מוח, ווי די שענסטע מוזיק... אונדזער רעדן וועט אויף זיין שלאָף נישט ווירקן...

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט פונאנדערצורייסן מיט די אָפענע אויגן די געדיכטקייט, וואָס האָט אים אָפּגעשיידט פון איר געלעגער. איר לייכט שעפּטשען האָט אים געקלונגען ווי אַ קלאַנג, וואָס קאָלערט זיך צווישן בערג און טאָלן און זוכט אַ שפּאַלט זיך איינצונעסטן. ער האָט אַפילו אינס־טינקטיוו אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי אויפצוכאַפּן עפּעס, וואָס קומט פון יענער זייט, פון יענעם ווינקל, פון וואַנען איר קול האָט אים דערציילט וועגן זאַכן, וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן, ווען זי איז אַהערגעקומען ביים פאַר־לאָזן די קאָלאָניע.

*

נעכטן, פאַרן אַריבערטרעטן דעם אַריינגאַנג פון אָט דעם הויז, האָט הערשל פאַרטיק געהאַט דעם פּלאַן, ווי אַזוי איינצוטיילן דעם מאָרגנדיקן טאָג, איידער ער וועט זיך טרעפן מיט מאָריסיאָ ליפּאָווין, ווי ער האָט זיך אָפּגערעדט. די טרעפונג האָט געדאַרפט זיין פאַר נאַכט, און פון דאָרט האָט

ער געהאַט בדעה צו פאָרן גלייך צו דער דערעפענונג פונעם קאָלאָניסטן־צוזאַמענפאָר.

אָבער אין דער פרי איז דער פּלאַן זיינער צעמישט געוואָרן. ער איז נישט געפאָרן מיטן פרימאָרגן אין די ביוראָען פון דעם צענטראַל־ראַט פון די קאָאָפעראַטיוון, ווו ער האָט געמיינט צו באַקומען געשריבענעם מאַטע־ריאַל וועגן צושטאַנד פון די קאָלאָניעס און אויך אפשר כאַפּן אַ שמועס מיט דעלעגאַטן פון די פּאַרשידנסטע פונקטן. ער האָט אויך דעם טאָג נישט באַוויזן שוין צו באַזוכן זיין שוואָגער אַבעלע אין זיין פיין איינגעאָרדנטן הויז אין יענער געגנט, ווו די יידישע באַפעלקערונג דאָרט איז געווען אַ גאַר שיטערע.

דער שפּעטזומער־פרימאָרגן איז אַריינגעדרונגען דורכן אָפענעם לופ־טשיק און אים אויפגעריסן פון זיין שלאָף. אין צימער איז נאָך געווען צעוואָרפן דאָס בעטגעוואַנט. די רעשטן פון ציגאַרן־רויך און איבערגעבליבענע וויין האָבן זיך איצט געפילט שאַרפער ווי אין די שעהען פון איינשלאָפן.

רייכל האָט פון דער שותפותדיקער קיך אַרויס געזונגען די אַמאָליקע לידער, וואָס מען פלעגט זינגען אויף די טרעפונגען אין דער קאָלאָניע. דאָס זענען נישט געווען ספּעציפישע לידער פון דאָרף, אָבער זיי האָבן דערמאָנט די נאָסטאַלגיע פון פאַרלאָפענע טעג און געשעענישן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן וואַקסן און מיטן אָפּגאַנג פון זאַפטיקן יידישן דאָרפס־לעבן. צי האָט רייכל באמת געזונגען „קום, קום, ישראליקל אַהיים" אָדער „צו אייך, מיינע אָרעמע ברידער און שוועסטער" מיט יענער אויפגעוואַכטער וואַרעמקייט פון עכטער בענקשאַפט, אָדער איז דאָס געווען אַ חניפהדיקער אַרויסרוף לכבוד אים, דעם גאַסט פון דער קאָלאָניע, וועמען זי האָט פון שטענדיק אָן געשעצט?

מיטן האַנטעך אויפן נאַקן האָט ער זיך געלאָזט איבערן הויף צו זוכן די וואַש־„פילעטע" (וואַסער־בעקן). פון די אָפּטריט־פּלעצער האָט געשלאָגן אַ שאַרפער איבלדיקער ריח, וואָס האָט אָנגעשלאָגן ביז צו די שותפותדיקע קיכן, פון וועלכע דער אַראָמאַט פון פרימאָרגנדיקער געקאָכטער קאַפע האָט זיך אַרויסגעלאָזן, ווי אָפּצושלאָגן זיי. אַ בלאָנד מיידל מיט לאַנגע האָר האָט געוואַשן די הייף מיט גרויסע עמערס וואַסער און מיט אַ שטרויענעם באַרשט און געזונגען די שלאַגער־לידער פון קאַרלאָס גאַרדעל. זי האָט אויף אַ רגע אויפגעהערט דאָס רייבן און זינגען און געמאַכט אַ וועג פאַרן

אַנקומענדיקן הערשל. אין אַן אַנדער עק פֿון הויף האָט אַ כאָפּטע פֿון
פֿאַפּוגייען זיך דורכגעשמועסט אויף יידיש און שפּאַניש מיט יענעם קווי־
טשנדיקן־אָפּגעריבענעם קול פֿון אַלטע מאַרק־יידענעס... דאָס קלאַפּן פֿון
אַ ניימאַשין אין אַן אַנדער טיפֿן עק האָט פֿאַרפֿולט דאָס טעמפּע, נישט
ריטמישע צוקלאַפּן פֿון אַ שוסטערישן האַמער. פֿון אַן אָפֿענער טיר האָט
הערשל געקענט דערזען דאָס שערן פֿון אַ קינדערשן קעפּל דורך אַ רויט־
פֿאַרשוויצטן באַרבער.

רייכל האָט אים איצט סערווירט אַ מאַטע מיט מילך און די היימישע
קיכלעך, וואָס זענען איבערגעבליבן פֿון דער נעכטיקער טרעפֿונג. זי האָט
אויסגעזען אַנדערש ווי נעכטן ביי זיין אַריינקומען. אירע האָר זענען געווען
זאָרגפֿעליק אַרומגענומען מיט אַ פֿיינעם קונציק־פֿאַרדרייטן קובליק און
דער געבלימטער שטוב־כאַלאַט איז אַ ביסל ברייטלעך געלעגן איבער די
פֿולע היפֿטן. איצט האָט ער קלאָר געקענט זען, אַז זי, רייכל, איז שוואַנגער.
און ער האָט עס באַלד פֿאַרקניפּט מיט דעם פּריי־געוואָרענעם בעט פֿונעם
פּאָרל, וואָס איז אָפּגעפּאָרן אויפֿן שפּאַנישן פּראָנט... „אַ נייע בריאה וועט
געבוירן ווערן, און ווער ווייס אויפֿן חשבון פֿון וועמענס לעבן” — איז אים
דורכגעלאָפֿן אַ ווילדער געדאַנק.

— און וואָס איז אייער פּלאַן איצט? — האָט רייכל זיך געפֿילט אַ
ביסל אומבאַקוועם פֿון זיין בליק — צי וועט איר קומען אויף מיטאָג?

— פּלענער האָב איך מער ווי שעהען אין טאָג. אָבער איך ווייס נישט,
צי מיט מיין געמאָסטענער דאָרפֿישער געדולדיקייט וועל איך באַווייזן
אַפֿילו עפּעס פֿון דעם אויספֿירן. איך זע, אַז איך וועל זיך אין אייער אימפּעט
נישט איינפּאַסן. צי איך וועל קומען אויף מיטאָג? עס איז געווענדט...

אין דער אָפֿענער טיר האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ דאַרע הויכע פֿיגור
פֿון אַן עלטערן מאַן, וואָס זיינע שיטערע האָר אויפֿן געזיכט, אָפּגעלאָזן פֿון
נישט ראַזירן זיך עטלעכע טעג, האָבן קרום און בייזלעך געשטאַכן. דאָך
האָט זיין פּנים גופֿא געשמייכלט און די וואַסערדיקע אויגן האָבן זיך באַ־
וועגט אַ ביסל פֿאַרלאָרן, ווי צו אַננעמען זיכערקייט אין זיין אַריינרייסן זיך
אין דער שכנהס צימער.

— געהערט האָב איך, אַ יונגערמאַן פֿון „קאַמפּ” איז אַראָפּגעקומען,
האָט עס מיך אַ צי געטאָן. פֿון שטענדיק אָן געוואָלט זיך באַזעצן, אָפּגעָ־
שלאָגן די טירן פֿון דער „געזעלשאַפֿט”, אָבער עפּעס ווי אויף מיין פּנים

וואָלט געלעגן אַ... אַ שרץ... ביז היינט צו טאָג ווייס איך נישט פאַר וואָס. צו דער נחלה בין איך נישט דערגאַנגען.

— יאָ, גוט מאָרגן, יאָסל, דאָס איז אונדזער שכן יאָסל בלאָזניק. געווען אַ מאָל אַ לעגיאָנער אין פּאַלעסטינע... זיצט, ר׳ יאָסל...

— אַ דאַנק. יאָ, געווען אין לעגיאָן. אין פּאַלעסטינע בין איך נישט דערגאַנגען, אָבער אין מצרים האָבן מיר געלאַגערט. איבער די לאָנדאָנער גאַסן האָבן מיר געמאַכט אַ פּאַראַד. איר שטעלט זיך פאָר יאָסל בלאָזניק, דעם שניידער, אינעם אוניפאָרם פון יידישן לעגיאָן? און ווי איר קוקט מיר אָן, אַזוי האָב איך מאַרשירט, געהאַלטן די ביקס צו דער ברוסט, און איך האָב געמיינט, אַז איך בין באמת אַ העלד, כאָטש קיין איין טערק האָב איך דעם ווידל נישט אָפּגעסמאַליעט. אַזוי האָבן מיר מאַרשירט...

ער האָט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט זיך אויסגעצויגן, זיין בליק געשיקט צו דער וואַנט און די הענט אַרונטערגעלאָזן ביז צו די ליטקעס. זיין גלאַטע ברוסט האָט ער אַרויסגעצויגן פאָרויס און אויסגערופן: יעס. קייפּטען מאַרגאָלין, צו אייער דינסט! נאָך דעם האָט ער זיך מיליטעריש אַ דריי געטאָן אויפן אויסגערייבענעם אָפּצאַס און אָנגעהויבן צו מאַרשירן אַהין און צוריק איבערן צימער און באַגלייט זיך צום טאַקט: „חושו אַחים, חושו, נרימה פעמינו“ — אָפּגעמאַרשירט און געביטן אַ פּאָר מאָל דעם טאַקט פון די פיס, האָט ער שטרענג און מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן סאַלוטירט רייכלען און אַלע האָר אויף זיין געזיכט האָבן זיך ווי שפּיזלען אויפגעשטעלט. דערנאָך האָט ער אַרויסגעפּלאַצט אין אַ הילכיקן געלעכ־טער און מיט די ביינערדיקע פינגער אָנגעכאַפּט אַן אייערקיכל פון דער וואַזע אויפן טיש.

— דאָס איז געווען אַ מאָל — האָט ער שווער אָפּגעאָטעמט — אַ מאָל פלעג מען אַריינלייגן אַ בולקע אין בוזעם־קעשענע, פלעגן עס די לייז אויפעסן. היינט איז פאַר זיך נישטאָ...

הערשל און רייכל האָבן געלאַכט. דער לוסטיקער שניידער האָט זיך נישט געאיילט אַוועקצוגיין און ער האָט זיך נאָך אַ מאָל מכבד געווען מיט אַן אייערקיכל.

— איר, אפשר ווייסט איר, פאַר וואָס מען האָט מיך נישט געוואָלט קאָלאָניזירן? — האָט ער ראַפּטעם זיך אַ ווענד געטאָן צו הערשלען — איך האָב געהערט, אַז די קאָלאָניסטן אַליין האָבן נישט קיין חשק אויפצו־

נעמען נייע שכנים. איז דאָס אמת? יאָ, עס איז פאַרשטענדלעך. וואָס מער שכנים, אַלץ ווינציקער באַדן... אויסגערעכנט...

— דאָס איז נישט אין גאַנצן ריכטיק — האָט אים הערשל אויפגע־קלערט — די „געזעלשאַפט" האָט רעכט אויסצוקלייבן די קאַנדידאַטן, וואָס זי באַזעצט אויף איר באָדן. צווייטנס, ביי איר איז דאָ אַ געזעץ אָדער אַ מנהג: זי זאָרגט פאַר די אימיגראַנטן, וואָס זי אַליין ברענגט אַראָפּ.

— נו, איז לא פידאַלתי — האָט יאָסל בלאַזניק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ווי אָפּצוטרייסלען זיך פון דער טעמע — יאָסל דער שטעפּער וועט זיך שוין אָן עצה געבן...

ער איז אַרויס פון צימער נאָך דעם, ווי ער האָט אַריינגעקערט אין זיין האַלדז אַ פּאָר כוסות פונעם וויין, וואָס איז נאָך פון נעכטן געשטאַנען אויפן טיש. הערשל האָט אים נאָכגעקוקט און ווי געצויגן פון אָט דער זעלטענעם עקזעמפּלאַר, האָט ער זיך אָפּגערופן צו רייכלען:

— יאָ, וועגן מיין פּלאַן פון היינטיקן טאָג... איך האָב זייער אַ סך באַזוכן. אָבער אויב איר האָט נישט דאַקעגן, וועל איך דאָ זיין ביז מיטאָג. איך ווייס נישט פאַר וואָס, אָבער עס ציט אַרויסצוגיין אין הויף און זיך צוקוקן צום לעבן פון די שכנים. איך האָב נישט אָפט אַזעלכע געלעגנהייטן...

ער האָט באַמערקט איר פרייד פון זיין באשלוס.

— אַך, מיט פאַרגעניגן — האָט זי אויסגערופן — איך וועל נאָר צולויפן אין דער „פּעריע" (מאַרק אויפן גאַס), און איר קענט זיך אַליין דורכשלאָגן אַ וועג. אַלע זענען דאָ אָרנטלעכע מענטשן, אָרעמע, אָבער אָנשטענדיקע...

זי האָט צוגעפּודערט דאָס געזיכט און אַרויפגעצויגן אַ געבלימט ציצן קליידל. ער האָט געשמייכלט פון איר באַמיִען זיך, אַכטונג צו געבן אויף איר אויסזען. מיט אַ שמייכל פון זיינע דיקלעכע עטוואָס אָנגעשפּאָלטענע ליפּן, האָט ער זי אַרויסבאַגלייט און אַליין אָנגעהויבן צו שפּאַנען איבער דער לענג און ברייט פון ביידע הייף. אין דער מאָס ווי רייכל איז געווען צעשטרייט פונעם גאַסט פון דאָרף, וואָס האָט אין איר אויפגעוועקט זכרו־נות פון די יוגנט־יאָרן, האָט ער דאָ געפונען אַ קאָלירפולע פּאַנאָראַמע, אַריינגעפּאַסט צווישן די שמאָלע ווענט פונעם הויף אויף דער זומפּן־גאַס.

הערשל איז אַרויס אין הויף, וואָס האָט איצט אויפגעלעבט מיט דער פולער באַוועגונג פון די באַווינער, געבליבענע אין דער היים. עס איז

קענטיק געווען, אַז דאָס איז אַ ריין־יידישער הויף, און כאָטש מען האָט זיך איבערגעשריגן צווישן שכנות אויף שפּאַניש, האָט זיך דאָך אַרויסגעהערט פון דעם דער בולטער יידישער אַקצענט. פון די בשותפותדיקע קיכן האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די ערשטע ריחות פון געפּרעגלטע ציבעלעס און אַנדערע גרינסן. אַלטע־לייט זענען געזעסן אויף די שוועלן, געטרונקען די מאַטע און קאָמענטירט די טאָג־נייעס, וואָס מ׳האָט אַרויסגעלייענט פון די יידישע צייטונגען.

פון זאַל, וואָס פירט צו דער גאַס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַן איינגעהויקערט יידל, וואָס האָט געטראָגן, אָנגעהאָנגען אויף פּאַרנט, אַ קאַטערינקע־קעסטל. אויף זיין אַקסל איז געשטאַנען, ווי איינגעקלאַמערט מיט די נעגל, אַ גרין־בלויער פּאַפּוגיי און האָט מקבל פּנים געווען די איינוווינער פון הויז מיט אַ היימיש פּאָלקסליד:

איך בין דאָך שוין אַ מיידל אין די יאָרן,

וואָס האָסטו מיר מיין קעפּעלע פּאַרדרייט...

ער האָט געזונגען מיט אַן איינגעהזרטן און מאָנאָטאָנעם ניגון ווי פון אַן אָפּגענוצטער פּלאַטע, אָבער די אַרומיקע האָבן געשמייכלט, געפּישטשעט צום פּאַפּוגיי און געוווּנקען צו הערשלען, ווי זיך צו יחוסן מיט אַזאַ מין תכשיט. די פּרוי פון קאַטערינשטשיק, אַ פּולבלוטיקע שיין־געבויטע דאַמע אין אַ רויטלעכער קימאָנע, האָט אַריבערגעשריגן צום מאַן:

— נו, אַ שאָד יעדע מינוט! וואָס שטייסטו ווי אַ גולם? אין גאַס איז דיין פּרנסה...

דאָס יונגע מיידל, וואָס האָט פריִער געוואַשן די גרויסע שטיינערנע פּאָדלאָגעס אין הויף, האָט אַריבערגעקוקט צו הערשלען מיט פאַרשעמטע זוכנדיקע אויגן. ווען דער פאָטער האָט צוגעקלאַפּט די טיר און איז איינגעשלונגען געוואָרן אין געריוש פון דער באַוועגלעכער גאַס, האָט זי אומזיכער זיך דערנענטערט צו הערשלען און אים אַ פרעג געטאָן:

— ביי אייך אין קאָלאָניע, דאָרט ווייט... איז פאַראַן אַזאַ עקזעמפּלאַר ווי מיין פּאַפּאַ?... אין יידישן טעאַטער האָב איך אַ מאָל געזען און זיך געשעמט...

— נישטאָ זיך וואָס צו שעמען, מיידעלע. יעדער פאָלק און זיינע פּרנסות. צי וואָלסטו זיך אַריבערעצויגן און געלעבט אין קאָלאָניע?

— האַ, זייער לאַנגווייליק דאָרט! דאָ גייען מיר עטלעכע מאָל אין

וואָך אין קינאָ... ווי קען מען לעבן אַן אַזאַ פאַרווילן זיך? צי איז דאָרט פאַראַן ביי אייך קינאָ? וועלכער אַרטיסט איז אייך מער באַליבט?...

ער האָט געשמייכלט און געגלעט אירע ווייכע אָפּגעצויגענע האָר. עס איז אים גוט און וואַרעם געווען אין די שפּיץ פינגער. זי האָט זיך פאַרשעמט און זיך צוריק אַריינגעשטעלט אין טיר, וואָס איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ דיקן פאַרהאַנג.

איצט האָט זיין געהער אויפגעכאַפּט דאָס מאָנאָטאָנע אָבער העפטיקן קלאַפּן פונעם שוסטער־העמערל. פון שטענדיק אָן האָט ער, נאָך פון דער אַלטער היים, ליב געהאַט צו שטיין און אויפכאַפּן די באַוועגונגען פון שוס־טער־אַרבעט. ער האָט ליב געהאַט דעם זויערלעכן גערוך פון פייכט־פאַר־שוויצטן לעדער און די בעל־מלאכהס, וואָס שטייען אויפן נידעריקסטן שטאַפּל אין דעם פאָלקס אָפּשאַצונג. אין דער אויסאַרבעטונג פון אַ שוך, אָדער אין דעם פאַרלאַטן אַ שוך, האָט הערשל געזען אַ מין אָרגאַנישן צוזאַ־מענבונד צווישן „חומר ויד היוצר״.

אין די קינדער־יאָרן פלעגט ער אָפּט שטיין שעהענווייז ביים אַריינ־גאַנג פון שוסטער־וואַרשטאַט און באַטראַכטן, ווי עס ווערט אַרויסגעענדיקט אַ נייער שוך אָדער ווי דער מייסטער עפּנט פונאַנדער אַ שוך צום פאַרריכטן. דעמאָלט, אין יענע יוגנט־יאָרן אין שטעטל, האָט ער אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ווען ער וועט גרויסן זיין, וועט ער אויסקלייבן שוסטעריי ווי זיין מלאכה. אין שטוב האָט מען געלאַכט פון זיינע פּלענער...

איצט איז ער געשטאַנען פאַרן קעמערל, פון וואַנען עס האָט זיך אַרויסגעהערט דאָס טעמפּע און מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון דעם שוסטער־העמערל איבער די פּאָדעשוועס. דאָס איז געווען אַ שמאָל פון בלעך צוזאַמענגע־לייגט צימערל, וואָס האָט געדינט פאַר אַן אַרבעטס־פּלאַץ, פאַר אַ מאַ־גאַזין פון אַלטע שיך, פון וועלכע דער שוסטער האָט אָפּגעטיילט די טויג־לעכע טיילן, און אויך פאַר אַ שלאָפצימער. דאָס נישט אויסגעוואַשענע גע־שיר און די רעשטלעך פון נאַכטמאָל האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָ ווערט אויך צוגעגרייט דאָס עסן.

דער שוסטער איז געווען פאַרטאָן אין זיין אַרבעט און נישט אויפגע־הויבן דעם קאָפּ, כדי צו זען, ווער עס פאַרשטעלט אים די ליכט פון טאָג. דאָס איז געווען אַ מיטליאָריקער מאַן מיט אַ גרויען עטוואָס פליכעוואַטן

קאָפּ. ווען ער האָט אַ ביסל אויפגעהויבן דעם בליק צו דער טיר, האָבן אַ פּאָר העל־בלויע אויגן זיך צעשמייכלט:

— סעניאָר, צי האָט איר עפּעס געוואָלט? צו פאַרריכטן?

נאָך איידער הערשל האָט באַוויזן צו געפינען אַ תירוץ פאַר דעם שוסטער, זענען צוויי מיידעלעך אינעם הויף אַהערגעשפּרונגען און אַזוי טאַנצנדיק און שפּרינגענדיק אויף איין פוס אַרויסגעזונגען מיט חוזק אויפן חשבון פונעם שוסטער:

— גוטער שוסטער, זאָג נאָר זאָג:
וואָס דו קלאַפּסט אַ גאַנצן טאָג,
קלאַפּסט און אַרבעטסט אַזוי גיך,
און אַליין האָסטו קיין שיך...
אין דיין פּאַלאַץ, אַזאַ גרויסן
שלאָפסטו מיט די פיס אין דרויסן...

דער שוסטער האָט פאַרלעגן געקוקט אויפן באַזוכער מיט זיינע העלע אויגן און אַרויסגעשטאַמלט:

— זיי לאַכן פון מיר, די קונדייסים, אָבער עס איז אמת... ביי נאַכט שטעל איך אויף דאָס בעטל און קיין פּלאַץ איז נישטאָ... שטעקן מיינע פיס אַרויס דורך דער אָפענער טיר. טרעפט, אַז עס רעגנט, קאַפּעט עס גלייך אויף מיינע פיס... נו, איז לאַכן זיי די קונדייסים. אַבי פּרנסה איז דאָ. מען וועט צולייגן אַ סענט צו אַ סענט, און אפשר וועט עס געלינגען אַראָפּצו־ברענגען ווייב און קינד פון יענער זייט ים — נו, סעניאָר, האָט איר עפּעס געוואָלט פון מיר? יאָ, די אָפּצאַסן זענען אויסגעריבן...

— יאָ, אויסגעריבן... אַ טאָג ביי אייך אויף די שטיינער געטראָטן — און שוין...

— איר זענט פון „קאַמפּ״? — האָט דער שוסטער מעשה מומחה באַ־טראַכט די שיך און דורך זיי דערקענט פון וואַנען די פיס שטאַמען...

— יאָ, פון קאָלאָניע...

— קומט איר אַהער זיך באַזעצן, נישט אמת? נאָך אַ שכן וועט דאָ צוקומען. דאָרט אינעם צווייטן הויף, נאָך די קיכן איז פאַראַן אַ צימערל. נישט שמעקנדיק, אָבער דערווייל... גוטע מענטשן זענען זיי, די „קאַמפּע־וואָיע״ (אַזוי האָבן די שטאָטישע יידן באַצייכנט די פון דאָרף געקומענע)...

— איר האָט דווקא אַ טעות. איך בין געקומען אויף אַ קאָנפערענץ, וואָס דאַרף באַהאַנדלען ווי אַזוי צוריקקערן אַ טייל פון די „געוועזענע" אין דאָרף.

— כע, כע, כע — האָט דער שוסטער געשאָטן זיין דריבנעם געלעכ־טערל און האָט אפילו אויף אַ רגע אויפגעהערט צו קלאַפּן די פּאָדעשווע — דאָס איז אַ קלאַפּן פון ניס אין אַ פּוסטער כלי... יידן און ערדאַרבעט איז, ווי אַ גוי מיט כשרע תפילין. גיט נאָר אַ קוק אויפן הויף, און ער וועט אייך עדות זאָגן... צי ווייסט איר, אַמיגאָ, וויפל אייערע „געוועזענע" זיצן דאָ אין די „קורניקעס"? וואַרט נאָר אַ ווײַלע...

ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס העמערל, אַ לעק געטאָן מיט דער רויטער צונג די שוואַרץ־געפּאַרבטע שפּיצן־פינגער און אָנגעהויבן ציילן, ווי עמע־צער, וואָס ציילט ניי־אויסגעגלעטע באַנקנאָטן: אָט די משפחה, וואָס איז אין פּאָדערזאַל — זיבן נפשות, אינעם נאָענטן צימער — דריי „לינקע" מיידלעך, וואָס זענען געקומען פון דער טרוקענער קאָלאָניע אין צפון. איינע פון זיי „זיצט" אין „חד־גדיא" צוליב געלט־זאַמלען און דעמאָנסטראַציעס פאַר שפּאַניע. איז וויפל האָבן מיר אָקערשט? יאָ, און רייכעלע, יאָ, אָבער נישט דער מאַן... אַזאַ מין פאַרקויפטער צו זיינע מאַשינען. אויף איר איז אַ רחמנות, ווען זעט זי אים אָן? און נאָך דעם: אַן אַלט פּאַרפאָלק, וואָס וואַרעמט זיך, אָט דאָרט אין ווינקל, אויף דער זון. צוריק מיט אַ פּאָר חדשים אָנגעקומען, און דער מאַן זעט אויס ווי אַ שטיק גרויער אַש — זעט אויס, אַז ער בענקט... וואָס איז דאָ צו רעדן? מען זאָגט, אַז פינף און פערציק יאָר אָפּגעזעסן אין אַ ווייטן עק פון פעלד. אַז מען זאָגט „אַ וואָרעם זיצט אין כריין". וואָס קען אַזאַ הנאה האָבן פון דער שטאָט? האָבן מיר שוין אַ קיימא־לן פון... דאַכט זיך מיר. אויב איך האָב נישט קיין טעות...

מיט אָדער אָן אַ טעות איז דער חשבון פון די „געוועזענע" געווען אַ הויכער. דער שפּעטזומער־פרימאָרגן אין דעם שטאָטישן הויף האָט אים געגעבן אַ קלאָרע לעקציע פונעם פאַרנעם פון דער צעברעקלונג פון דאָרף, אויב די לאַגע אין זיין אייגענער קאָלאָניע האָט עס אים פריִער נישט געמאָלן מיט די פולע פאַרבן.

ס׳איז געווען גענוג. אַלץ איז ניחא, אַבי נישט צו זיצן אין דאָרף:

אַרומגיין מיט אַ פּאַפּוגיי און אַ קאַטערינקע איבער די גאַסן פון דער ריזנ־שטאָט, אויסקויפן אין די קראָמען לײדיקע זעק און זיי פאַרקויפן פאַר גראָשנס, אַרומגיין מיט קױשן אָנגעפּראָפּטע מיט פּרויען־זאָקן און פּאַ־טשערקעס און קלאָפּן אין פרעמדע טירן, זיך שטיקן און דריקן אין ענגע צימערלעך און אַרויסקוקן אויף אַ זונשטראַל, כדי זיך אָנצוּוואַרעמען די גלידער, וווינען זיך צו צוויי פּאָרלעך אין איין צימער, און דער עיקר: אַרויפקוקן צו דער גדולה, צו וועלכער געציילטע לאַנדסלייט פון דער קאָ־לאָניע האָבן זיך דערשלאָגן. זיי זענען די, וואָס גיבן צו מוט און האָפענונג, אַז מען קען און מ׳מוז זיך אַרויפאַרבעטן... זאָל מען נישט מיינען, דאָרט אין דער קאָלאָניע, אַז מ׳איז אַ שלימזל, אָט, אַבעלע זיין שוואָגער...

ער האָט דעם שוסטער באַצאָלט די עטלעכע סענט פאַרן פאַרריכטן די שיך. יענער האָט אים אַרויסבאַגלייט מיט אַ ווייכן בליק און לאַנג נאָך זיין אַרויסגיין האָט זיך נישט געהערט דאָס קלאַפּן פון זיין האַמער איבער די שיך. אָנגעבויגן איבערן צוגעדעקטן טיש איז הערשל געזעסן און גע־מאַכט זיינע פאַרצייכענונגען. ער האָט געשריבן גיך, גיך, און נישט אַכטונג געגעבן אויף דער גלייכקייט פון די ליניעס אָדער אויף דער גאַנצקייט פון דער פראַזע. ער האָט וואָס שנעלער געאיילט צו פאַרצייכענען, ווי איינער, וואָס לויפט און איז אַרומגעכאַפּט פון דער שרעק נישט צו דער־גרייכן דעם ציל אין דער צייט. הערשל האָט פּשוט מורא געהאַט, אַז אין זיין אויפרעגונג זאָל ער איבערהיפּערן זאַכן און איינדרוקן, וואָס קענען אים ד׳ינען אין דער דיסקוסיע אויף דער קאָנפערענץ. ער האָט אַפילו נישט איין מאָל אויפגעעפנט די פּלוס־פען צו זען, אויב עס וועט אים סטייען טינט אויף צו פאַרצייכענען דעם שטראָם פון די איינדרוקן.

ער איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין זיין וועלט, אַז ער האָט אַפילו נישט באַמערקט רייכלס אַריינקומען. זי האָט אים געזען אָנגעלענט און פאַרטאָן אינעם שרייבן און דעריבער זיך אַריינגעשלייכט אויף די שפּיץ־פינגער. ער האָט אָבער דערפילט איר אָנוועזנהייט דורך דעם ריח פונעם פּאַרפום, וואָס זי האָט אָנגעווייעט.

די האַנט האָט מער נישט געדינט צום שרייבן און די אויגן זענען אָפּגעריסן געוואָרן פונעם פּאַפּירבויגן. עפּעס ווי אַ וויכער וואָלט זיך דאָ אַריינגעשטעלט און צעפּיצלט די אידיליע פון אַ רויִקן לאַנד־פּייזאַזש. ער האָט איר נאָכגעקוקט און באַוועגט זיין בליק נאָך יעדן פאַליען זיך פון די

פֿאַלדן פֿון איר געבלימטער קימאָנע. דאָס האַרץ האָט געשלאָגן האַסטיק און ער האָט פֿאַרלעגן איר סתּם אַזוי אַ פֿרעג געטאָן:

— שוין איינגעקויפֿט? איך שטער זיכער, רייכל... דאַרפֿסט דאָך אויפֿראַמען און צוגרייטן מיטאָג... איך וועל אַרויסגיין אויף אַ פּאָר שעה...

— וואָס רעדט איר... וואָס רעדסטו... מיר שטערן? אַזאַ גאַסט... וועט מיר שטערן? יעדן טאָג גרייט איך מיטאָג... יעדן טאָג ראַם איך דעם צימער און וואָס? יעדער טאָג איז ווי אַ טראָפּן וואַסער ווי דער אַנדערער. און היינט... היינט איז עפּעס אַנדערש... איר... דו שטערסט מיר? ווען וועל איך האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן וועגן אונדזער קאָלאָניע? צי האָסטו געשריבן אַ בריוו אַהיים? שוין? בענקסט?

— נישט קיין בריוו — האָט ער באַקומען זיין זיכערקייט — סתּם פֿאַרצייכענונגען. מ׳דאַרף זיך צוגרייטן צו דער קאָנפֿערענץ. אין אָוונט...

זי האָט געענדיקט אויסצולייִדיקן דעם קויש און אַריבערפֿירנדיק איר שנעלן בליק פֿון די גרינסן און שפּייז־פּראָדוקטן, איז ער געפֿאַלן אויף זיין בויגן פּאַפּיר, וואָס איז געווען געדיכט און אומגלייך פֿאַרזייט. זי איז צוגעטראָטן נענטער און אָנווייזנדיק אויף די ליניעס, האָט זי כמעט ווי אין חלום אַרויסגעשעפּטשעט:

— אַזוי האָט דער טאַטע פֿאַרזייט מיטן אַלטן ליסטער די מאַיִס... לאַנגע און נישט גלייכע שורות. אוי, האָבן מיר ליב געהאַט נאָכצוגיין און באַטראַכטן די פֿרישע ערד... — און נישט וויסנדיק ווי אַזוי און מיט וואָסער פֿלינקייט, האָט ער פּלוצלינג דערפֿילט אירע הייסע הענט אַרום זיין האַלדז און איר גאָמבע אָנגעלענט אויף זיין צעשויבערטן קאָפּ. זי איז געווען געשפּאַנט און ווי געשטוינט פֿון איר אייגענער געוואַגטקייט. הערשל האָט באַוועגט מיט די אויסגעאַרבעטע פֿינגער, לאַנגזאַם דערגאַנגען צו אירע צונויפֿגעפֿלאָכטענע הענט און מיט לייכטקייט זיי געגלעט.

זיינע צערטלעכקייטן האָבן אין רייכלען עפּעס אויפֿגערירט. אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט האָבן פֿון אירע אויגן געקאַפּעט טרערן און די טראָפּנס האָבן אויפֿן פֿאַרשריבענעם פּאַפּיר אויפֿגעלייזט און צעוויקט די אומגלייכע שורות. נאָך דעם האָט זי זיך באַפֿרייט פֿון דעם שווערן אַנגסט און מיט אַ שטילן שעפּטשען, ווי אויסצומיידן אַ פֿרעמדן אויער, האָט זי צו אים אַריבערגערעדט הייסע אָבער טרוקענע ווערטער, ווי דאָס לעקן פֿון שווערן פּאַמפּאַ־ווינט איבער דער שטיקנדיקער לופֿט אין פֿעלד:

— איר ווייסט נישט, הערשל, וויפל פּיין און יסורים מיר, די אַמאָליקע קאַמפּ־קינדער לעבן איבער אין שטאָט... אָפּגעריסענע שפּענדלעך, וואָס טראָגן זיך אין פרעמדן וואַסער און טוליען זיך איינס צום צווייטן. וואָס איז געווען אונדזער פאַרברעכן? זיך צונויפקומען אין די ענגע צימערלעך און דערמאָנען די טעג פון קאָלאָניע־לעבן. נאָך דעם זענען די בחורים אָפּ־געפאָרן אויסער דער שטאָט, מען זאָגט — אין די שאַנדהייזער, און מיר, די מיידלעך זענען געבליבן יעדע איינע מיט איר עלנט און חלומות. שדכנים האָבן זיך אָנגעטשעפּעט, ווי זלידנע פליגן, און געקומען מיט די ווילדסטע פאָרשלאָגן. „יעדער וויל אַ קאַמפּאָווייקע״... האָבן זיי אונדז אויס־געלויבט. יעדע פון אונדז האָט געוואָלט חתונה האָבן און נישט וואַלגערן זיך אַליין אין די „סאַלטערסקע״*־צימערלעך. אַהיימפאָרן? ווער וועט זיך עס אויסשטעלן צו אַזאַ דורכפאַל? זיך אומקערן אין קאָלאָניע מיט ליידיקע הענט? פאַרזעסן ווערן? האָט יעדע פון אונדז באַשלאָסן אָנצונעמען די שדכנישע פאָרשלאָגן. אויס מיט ליבע־חלומות! אויסקלייבן צווישן די לאַנדסלייט? עס האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט... עס האָט נישט געצויגן. צוליב דעם איז מען אַוועק זוכן גליקן אין שטאָט? — וועט מען זיך וואַנדערן אין דער היים... יעדע פון אונדז האָט געחלומט פונעם מאָרגן. און וואָס איז מיר פאַרבליבן? אַ מאַן, וואָס זיין שענסטע סימפּאַניע איז דער גערויש פון די מאַשינען... שווער, שווער, הערשעלע...

אין דרויסן האָבן די ווייבער אָנגעהויבן צו רופן איר נאָמען. מיט זיינע דיקע און טערפּקע פינגער האָט ער אויסגעווישט אירע אויגן און זיך לאַנגזאַם באַפרייט פון אירע הייסע הענט. די פּאַפּירן האָט ער שנעל צוזאַ־מענגעלייגט...

* סאַלטעראַ — נישט פאַרהייראַטער.

זעקסטער קאַפּיטל

## פאַמיליע מאַרטשעווסקי

אין זיין אָפּגעריבן נאָטיץ־ביכל האָט הערשל נעכטן פאַרצייכנט דעם נאָמען און אַדרעס פונעם קאַפּעהויז, ווו ער האָט אין אָוונט זיך געדאַרפט טרעפן מיט דעם שרייבער מאַוריסיאָ ליפּאָווין, וואָס האָט אים איינגעלאַדן אויף וועטשערע ביי אַ באַקאַנטער פאַמיליע.

נישט קענענדיק גענוי די גאַסן און די קאָמוניקאַציע־מיטלען פון דער גרויסער שטאָט, האָט ער באַשלאָסן אַרויסצופאָרן פונעם פּערטל, ווו ער איז איינגעשטאַנען, מיט אַ שעה פריִער און מאַכן אַ טייל פונעם מאַרשרוט צו פוס. נעכטן האָט ער נישט געהאַט די געלעגנהייט צו באַטראַכטן דעם אויסזען פון דער מעטראָפּאָליע אין די רוישנדיקע שעהען פונעם אָוונט; נעכטן איז ער געווען אַ ביסל אומרויִק און צעמישט. פאַרמאַטערט פון דער רייזע און אומגעדולדיק זיך צו דערשלאָגן צו עפּעס אַ באַקאַנטן אַדרעס — איז דער אַרום פאַרבייגעשווומען אָן צו מאַכן אויף אים אַ באַזונדערן רושם.

איצט, ווען ער איז אַרויסגעשטיגן פון טראַמוויי אינעם פּאַרק פאַר דער באַן־סטאַציע, פון וועלכער עס שיטן זיך אַרויס מאַסן איילנדיקע געשטאַלטן, האָט ער זיך געלאָזן גיין צו פוס איבער עטלעכע גאַסן. אויף דער ברייטער אַרטעריע איז איצט געווען אַ גרויסע באַוועגונג פון מענטש און טראַנספּאָרט; דאָס קאָלירפולע עלעקטרישע ליכט האָט זיך געגאָסן פון די שויפענצטער און באַדעקט די פראָנטן און די גאַלעריעס מיט זיך בייטנדיקע באַוועגלעכע רעקלאַמעס.

פאַר הערשלען איז אָט דער גערויש געווען אַ מין אָפּרו, אַן ענדערונג נאָך יענער מאָנאָטאָנער געוויינלעכער שקיעה אין די בלוילעכע בערגלעך. אָט דער אָוונט פון צעבאַלעוועטער נערוועזישקייט האָט אים איצט אינטריגירט

און אַפילו באַרויִקט. דער ווינקענדיקער אַנאַנס, וואָס האָט דערציילט וועגן די בעסטע פּילן קעגן קאַפּווייטיק און געווען אילוסטרירט מיט אַ קאָפּ, אַן אָנגעקלאַפּטן מיט טשוועקעס, האָט אים אַמוזירט. דער אָריגינעלער אויס־לויב פון אַן אַפּעריטיוו, אילוסטרירט מיט די תאוותדיקע בליקן פון אַן אַלט פּנים, האָבן ממש דערוועקט אין אים דעם חשק טועם צו זיין פון אַט דעם געטראַנק.

אין אַ רויט־באַלויכטענער ראָם פון ציטערדיקע נעאָן־רערלעך האָט ער דערזען דעם נאָמען „עלעקטראַ“, געצויגן אין גרינעם ליכט. דאָס איז געווען דאָס קאַפּעהויז, ווו ער האָט געדאַרפט זיך טרעפן מיט ליפּאָווין. ער האָט אַריינגעקוקט דורך דעם ברייט־באַלויכטענעם פענצטער, און נישט זעענדיק אים אינעווייניק, האָט ער אַ שטופּ געטאָן די שווערע גלאָז־באַ־שלאָגענע טיר און אַריבערגעטראָטן די שוועל. עס איז געווען ווייט פאַר נאַכטמאָל און דאָס קאַפּעהויז איז געווען שיטער באַזעצט. דער קעלנער, אין שוואַרצן פראַק און ווייסן העמד, האָט אים העפלעך באַגריסט און אים אָנגעוויזן אויף אַ ליידיק טישל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דער גאַס.

ער האָט באַשטעלט ווערמוט און ער איז איבערראַשט געוואָרן, ווען דער קעלנער האָט אים אויף אַ טאַץ געבראַכט, אויסער דער פלאַש מיט דער רויטלעכער משקה און אַ סיפאָן, אַן אויסוואַל פון אַ פופצן קליינע טעצעלעך מיט די פאַרשידנסטע פּאַטראַוועס אין אַ מיניאַטור: גרינע און שוואַרצע מאַסלינעס, געזאַלצענע רויע און געדעמפּטע ים־חיהלעך, געפּרעגלטע דינע קאַרטאָפל־רעפּטלעך, מיני סאָרטן קעז, קאָלבאַסן פון די פאַרשידנסטע קאָלירן און ריחות, רעטעכלעך־רעפּטן און פּיקלעס.

שוין לאַנגע יאָרן איז הערשל נישט געזעסן אין אַ קאַפּעהויז אין דער גרויסער שטאָט. דאָרט, אין שטעטל לעבן דער קאָלאָניע, פלעגט ער אין די זומער־טעג אַ מאָל אַריינכאַפּן זיך נאָכן איינקויפן די נויטיקע זאַכן און זיך אָפּפרישן מיט אַ לימאָנאַדע. ביי אַ טישל איז ער כמעט קיין מאָל נישט געזעסן; ער האָט פון שטענדיק אָן נישט געקענט באַנעמען, ווי אַזוי נעמט זיך ביי מענטשן צייט און געדולד צו זיצן שעהען לאַנג ביי אַ טישל, זופּן שוואַרצע קאַווע און רויכערן אָן אַ סוף. ער האָט עס צוגעשריבן צו דעם פאַקט, וואָס אַזעלכע לייט זוכן אַן אויסוועג צו אַנטלויפן פון נישט אָנגענעמע זאַכן אין שטוב אָדער אַריבערצופירן די מאָנאָטאָנע שעהען אין דער חברותא פון אַזעלכע, וואָס הרגענען אַוועק די צייט.

דערפאַר האָט ער זיך איצט געפילט מאָדנע האָפּערדיק, און אַפילו אַ ביסל שטאָלץ ביי זיך, וואָס ער איז אַרויס אויף אַ ווייל פון זיין איינגע־ריבענעם לעבנס־שטייגער און ער האָט אַ געלעגנהייט טועם צו זיין פון אַנדערע קוואַלן. אפשר בעסער אַזוי. אויף צו קענען באַנעמען די געדאַנ־קען־וועלט פון אָט דעם שמעלץ־טאָפּ מוז מען דאָך אויך אַ ביסל אַריינ־רוקן דעם קאָפּ אין זיין שוימיקן כוואַליען זיך. דאָס וועט העלפן צו באַ־נעמען און צו פאַרשטיין, און אפשר אויך — וואָס גיכער צו אַנטלויפן...

דער שאַרפער געטראַנק, אויסגעמישט מיט דער קאַלטער סאָדע, האָט אויפגעוועקט דעם אַפּעטיט און ער האָט ביסלעכווייז אויסגערייניקט טעצל נאָך טעצל. די בייגעריקייט איז געווען גרעסער ווי דער הונגער. די משקה האָט ביסלעכווייז אַראָפּגעזעצט זיך נידעריקער אין פלאַש און אַ זיסע מידקייט האָט אים אָנגעהויבן צו גלעטן. ער האָט זיך געפילט באַרויִקט, און זיינע אויגן האָבן מיט סימפּאַטיע זיך געגליטשט איבער די דורכגייער פאַרביי דעם גרויסן פענצטער. נאָך אַלעמען איז די וועלט פאַרשידן און יעדער באַמיט זיך בייצוטראָגן זיין חלק, אַז זי זאָל נישט זיין איינטאָניק. פאַרשידן זענען אויך די פרויען, וואָס ער זעט דאָ פאַרביישוועבן.

יעדער איינער האָט זיך זיין וועג, צו עפּעס אָדער פון עפּעס — און ער? און וואָס מאַכט איצט רבקהלע, דאָרט אין דער פינצטערניש פונעם פעלד? צי גרייט זי איצט צו נאַכטעסן פאַר דער מאַמען? פאַר וואָס פאַר־זאַמט זיך ליפּאָווין צו קומען?

ער האָט ראַפּטעם זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער קעשענע, און ווען זיינע דיקע פינגער האָבן זיך אָנגעשלאָגן אינעם בייכיקן בייטל, האָט ער זיך געפילט דערלייכטערט. די שעה ווען ליפּאָווין האָט באַדאַרפט קומען איז שוין פאַרביי. ווען ער וועט דערשיינען, וועט ער זיכער מעשה קאַוואַ־ליר אַוודאי וועלן צאָלן פאַר אים. ער האָט איילנדיק צוגערופן דעם קעלנער און געבעטן דעם חשבון, און ווען יענער האָט אים רעשט געגעבן, האָט הערשל אַפילו נישט איבערגעציילט און קיין חשבון נישט געמאַכט, וויפל אָט דאָס פאַרגעניגן האָט אים געקאָסט. ער האָט זיך נישט געוואָלט קאַליע מאַכן זיין גוטע שטימונג. ער האָט געוואַרט אויף ליפּאָווינען און אָפּגע־מאָסטן מיט זיין בליק יעדן דורכגייער.

ליפּאָווין האָט זיך אַריינגעשטעלט אין קאַפעהויז, געקליידט אין אַ טונקל־

גרויען אָנצוג מיט אַ ווייסער בלום אין לאַץ, מיט אַ באַהעמישן שמעטערלינג־שלייף, און נאַטירלעך — מיט זיין שטעקן אין האַנט.

ווען ער האָט מיט אַ שנעלן בליק אָפּגעמאָסטן דעם טיש, וואָס דער קעלנער האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצורייניקן, האָט אַ שפּילעוודיקער שמייכל זיך פאַרקליבן אין זיינע מויל־ווינקלען.

— זיך צעלאָזן, וואָס? אַ קאַמפּאַוואַישע קרענק... נאָך דעם טוט ווי דער בייטל...

— אָפּילו נישט דאָס האַרץ — האָט הערשל געשמייכלט — אויך מיר. די קאַרגע פּויערים, ווייסן ווי זיך אַ מאָל צו צעהוליען... אפשר אָן טעם, אָבער לויט אונדזער חשק...

ליפּאָווין האָט אַוועקגעלייגט דעם שטעקן אויף אַ ליידיקן שטול און זיך איינגעאָרדנט אויף זיין שטול.

— מען וואַרט אויף אונדז, גוטער ברודער, דאָרט איז נישט כדאי צו פאַרשפּעטיקן. אָבער אַ קאַווע וועלן מיר נאָך אַריינכאַפּן. איך זע אין אייערע אויגן, הערשל, אַז דאָס וועט אייך אויסטשוכען... כע... כע... כע...

ליפּאָווינס געלעכטערל האָט אים פאַרדראָסן. דאָס איז דער אַמאָליקער שרייבער פון דאָרף, וואָס האָט זיך פאַרגענומען צו שטודירן אַדוואָקאַטור נאָר כדי צו נעמען אין שוץ די פאַרפאַלגטע קאָלאָניסטישע ברידער. זיין אָפּגעריסנקייט פון דאָרף האָט אים ביסלעכווייז דערווייטערט פון יענער סביבה און אָפּגעפרעמדט פון יענע מענטשן, פון וועלכע ער איז אַרויסגעוואַקסן.

— איר מיינט, ליפּאָווין, אַז איך שעם זיך מיט דעם, וואָס איך קען זיך נישט פאַרגלייכן מיט די שטאָטישע לייט אין זייערע זיטן און געוווינהייטן... דערפאַר זענען מיר דאָך טאַקע אַנדערש! מיר ווערן לעכערלעך, ווען מיר ווילן נאָכמאַכן...

— איך האָב נישט געמיינט, חלילה, אייך צו טרעפן, הערשל, אָבער עס שיינט מיר, אַז ביסלעכווייז וואַקסט אָן ביי אייך אַ מין קאָמפּלעקס פון סענסיביליטעט, פון אָנגרייפערישקייט, וואָס שטאַמט פון דער שעמעוודיקייט.

— גוט, וואָס עס שאַפט זיך שוין אַ ספּעציפישע דאָרפס־פּסיכאָלאָגיע — האָט הערשל כמעט טריומפירנדיק זיך אָפּגערופן — דאָס איז אַ סימן פון סטאַביליטעט.

— אָבער דאָס זוכן אַן אָנשפּאַר פאַר סטאַביליטעט, ווו זי איז כמעט נישט פאַראַן, דאָס איז אויך אַ שוואַכקייט — האָט ליפּאָווין זיך באַפּעס־טיקט. — טרינקט די קאַווע, הערשל, די צייט שטייט נישט... די פאַמיליע מאַרטשעווסקי וואַרט אויף אונדז.

ווער איז די פאַמיליע מאַרטשעווסקי? הערשל האָט נאָך נישט באַוויזן צו פרעגן אויף איר. נעכטן האָט ליפּאָווין אָנגעווונקען, אַז ער, דער שטאָטישער תושב און שרייבער, וועט אים אַריינפירן דורך אַ שפּאַרונע אין אַ נייער וועלט מיט נייע פּירונגען. צי איז דאָס פאַרבונדן מיט דער פאַמיליע מאַרטשעווסקי? ער האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסווייזן קיין צו גרויסע נייגעריקייט און ער האָט געוואַרט, אַז זיין באַגלייטער זאָל אַליין געבן אַן אָנצוהערעניש. יענער האָט עס, ווייזט אויס, דערפילט, און ער האָט אַ ביסל אָפּגערוקט דעם פאַרהאַנג:

— יאָ, נאָר אַ רגעלע, מיין פריינד. איר דאַרפט דאָך וויסן צו וועמען מען פירט אייך. די פאַמיליע מאַרטשעווסקי, איין קליינקייט! די בירזשע שטייט אויף אירע קאָלומנעס. דאָס איז אַ מין ראָטשילד אין אונדזער אויפלאַגע. איר פאַרשטייט? שטיין־רייך, און דאָך... דאָך געגוג פּאָפּולער, אַז מען זאָל אויף זיי טייטן מיט די פינגער: די גויים — אַז דאָס איז די פּלוטאָקראַטיע פון יידנטום; די יידן ווינטשן, אַז די געשעפטן פון די מאַרטשעווסקיס זאָלן גיין נאַרמאַל, ווייל אַז נישט — וועט יעדע צעטרייס־לונג טרעפן יעדן יידן, אַפילו דעם אָרעמסטן צווישן די אָרעמע. דאָס איז דאָך דער גורל פון אונדזער זיין צווישן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער: מען זוכט דעם בליץ־אָפּלייטער אַפילו אַן לאָגיק.

ליפּאָווינס אַריינפיר האָט אינטריגירט. דאָס וועט זיין אַן אומגעווייג־לעכע טרעפונג און מער איז נישט כדאי צו פרעגן. מען דאַרף זיך פאַר־לאָזן אויפן אייגענעם געניטן אויג און אויף דעם, וואָס ווייטער וועט קומען. ער האָט מער נישט געפרעגט, און ליפּאָווין האָט מער נישט צעעפנט די שפּאַרונע...

אַ נישט געוויינלעכע אומרויִקייט האָט הערשלען באַהערשט, ווען ער איז אַראָפּ פון טראַמוויי און זייט ביי זייט מיט זיין פריינד ליפּאָווין גע־שפּאַנט צווישן די געפּלעגטע אַלייען פונעם צפונדיקן שטאָט־פערטל, ווו עס האָבן זיך צעלייגט די אַריסטאָקראַטישע הייזער. אומרויִק איז ער געווען קעגן זיין געוווינהייט, צוליב דער נייער סביבה, וואָס ער דאַרף אָט באַלד

באַקענען. עס האָט זיך אים דערוועקט דער פּויער, וואָס ציט זיך צוריק ביים אָנבליק פון הויכע בעטאָן־ווענט און הייסן אַספאַלט, און שטיקט זיך אין בלענד פון צעגאָסענעם ליכט.

ליפּאָווין האָט געקלאַפּט מיטן הילצערנעם פוס איבערן ברוק, און ווי צו פאַרטושן דעם איינדרוק פון אַזאַ נישט געווינלעכן גאַנג, האָט ער באַגלייט דעם טוק־טוק מיטן האַנטשטאַק. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי עס האַלט אָן אַ מין איבעררעדן זיך צווישןביידע הילצערנע מכשירים.

שוואַרצע אויטאָמאָבילן האָבן זיך געגליטשט איבערן ברוק און לייכט געטרובעט ביי די ראָגן. די ברייטע ביימער־אַלייען האָבן איינגעשלונגען דעם גערויש פון דער גאַס און געדיכטע שאָטנס האָבן צוזאַמענגעלייגט זיך מיט נגידישן חן איבער די ריינע טראָטואַרן. די אַריסטאָקראַטישע געגנט האָט זיך געניגט פאַרן אָנקומענדיקן אָוונט און ווי נישט ווי האָבן די קלאַנגען פון אַ קלאַוויר אָנגענעם געמאַכט דעם געהער פון די ווינציקע דורכגייער.

אַ צעוואָקסענער פּאַר־גאָרטן מיט אַ ברייטן אַריינפאָר האָט באַצירט די ווילע פון דער פאַמיליע מאַרטשעווסקי. דאָס איז געווען אַ פּאַלאַץ, וואָס האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער אַרכיטעקטור פון נאָרדישן פּאַלערמאָ־פּערטל. עס האָט געווייעט אַ פרעמד־גויִשקייט און דער יידיש־שמועס פון די צוויי אָנקומענדיקע געסט האָט געקלונגען פרעמד־אַרויסרופעריש. אָבער ליפּאָווין האָט, ווי די טראַציקייט פון זיין הילצערנעם טראָט, אויך אַרויסגעבראַכט זיין מאַמע־לשון, ווי אַ היימישע סחורה אויף אַ פרעמדן מאַרק.

דער אויפגעבליטער יאַסמין ביים לאַנגן קאָרידאָר האָט געאָטעמט אינעם שטילן אָוונט און געמאַנט געמיטלעכקייט. די אַראָפּגעהאָנגענע לאַמטערנעס איבער אייזערנע שטאַנגען האָבן געוואָרפן אַ מאַט ליכט און אָנגעצייכנט דעם וועג צו די אינערלעכע קאָרידאָרן. פון ערגעץ ווו האָט אַ פּרויען־שטימע געררופן אויף רוסיש.

הערשל האָט געשפּאַנט צווישן די שוואַך באַלויכטענע קאָרידאָרן. אַ ברוין־קודלאַטער הונט האָט זיך פון ערגעץ אַרויסגערוקט און אָן צו בילן זיך געבאָמבלט צווישן די פיס. דער וואַרעמער אָטעם פון דעם חיהלע האָט אין אים אַריינגעטריפט אַ זיכערקייט.

פון די לאַנגע קאָרידאָרן, באַגאָסענע מיט מאַטן, כמעט ראָמאַנטישן

ליכט, איז מען אַריין אין דעם צעעפנטן ברייטן סאַלאָן, וואָס איז געווען ווי אַ מין ברויזנדיקער וואַסערפאַל, וועמענס צעפּאַליעטע וואַסער־פעלדזן בליש־טשען אַנטקעגן דער זון. אַזוי האָט באמת אויסגעזען דער סופיט, וואָס איז געווען אָנגעהאָנגען מיט קרישטאָלענע הענגלאָמפּן. צענדליקער ליכטער האָבן זיך געשפּיגלט אינעם געשליפענעם גלאָז און צוריקגעוואָרפן אַ מיל־כיקן אָפּשיין, וואָס האָט ממש געבלענדט.

אינעם סאַלאָן האָט גערוישט און געטומלט. די מענער זענען געווען אין טונקעלע ראָקן און די פרויען — אין לאַנגע קליידער מיט צעכראַס־טעטע דעקאָלטן. אַ טייל איז געזעסן אויף די מיט פּלוש־געדעקטע ליווינג־פאַטעלן און אַ טייל האָבן זיך געדרייט איבערן סאַלאָן, איבער די דיקע קאָלירטע קאַרפּעטן. אין אַ ווינקל זענען יונגע־לייט געזעסן אַרום אַ שמאָל מיידל און זיך צוגעהערט צו די ראַדיאָ־קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַ גרויסן טונקעלן קאַסטן.

— האַ, האַ, פּאַסמאַטרי גאַספּאַדאַ! — האָט אַ פּול־לייביקע דאַמע מיט אַ שיינעם קיילעכיקן פּנים זיך אָפּגערופן און צעעפנט אירע אָרעמס אַנטקעגן די אָנקומענדיקע. דאָס אויסשטרעקן די הענט, צוזאַמענגעלייגטע ווי צו דעקלאַמירן, האָבן בולט געמאַכט איר פולן ביוסט און אויף אירע הענט האָבן די צירונג־שטיקער זיך אַ שפּיל געטאָן. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס איז געווען אַן אויסגעלערנטער זשעסט אַרויסצוטיילן דיביידע זאַכן... — זעט נאָר זעט, סקאָצל קומט! ווי אויף משיחן וואַרט מען אויף איך, ליפּאָווין.

איר רוסישער אַקצענט האָט בולט זיך אַרויסגעפּילט און געהאַט אַ באַזונדערן חן.

ליפּאָווין האָט זיך נישט זשענירט פון איר שפּילעוודיקן פאָרוואורף. ער האָט אַריבערגעלייגט דעם האַנט־שטעקן אין דער צווייטער האַנט און מיטן קערפּער אָנגעלענט, ווי אַן אָנגעצויגענער בויגן, האָט ער זיך דערנענטערט צו דער הויזווירטין און איר אָפּגעשטעמפּלט אַ קוש איבער די געפּאַרבטע ליפּן.

— דאָס איז מיין פריינד פון יענע יאָרן — האָט ער פאָרגעשטעלט זיין באַגלייטער. אין הערשלס אויערן האָבן מאָדנע געקלונגען די צוויי ווערטער „יענע יאָרן“. צו וועלכע יאָרן באַציט ער זיך? ער האָט גע־

שמייכלט און באַמיט זיך אַריין אין דער ראָל פון אַ שוין טראַדיציאָנעלן גאַסט אין אַזעלכע געמאַרקן.

ער האָט זיך דאָך געוווּנדערט, הערשל, וואָס זיין אָנקומען אין אָט דער פּראַכט־ווילע איז כמעט געווען אַן אַטראַקציע ביי די פאַרזאַמלטע געסט. אָן שום צווייפל האָט דער סאַלאָן געזען דורכגיין יעדן אָוונט געסט פון אַלע שיכטן און קלאַסן, און דאָך האָט עס אויסגעזען, ווי מען וואָלט דאָ היינט אויף אים דאָ געוואַרט און כמעט פאַר אים דעם אָוונט געגרייט.

די פרוי מאַרטשעווסקי האָט אים, אין באַגלייטונג פון ליפּאָווין, אַרומגעפירט און אים פאָרגעשטעלט פאַר די געסט, וואָס זענען נאָך געווען געמיטלעך צעשפּרייט, אין אַלע ווינקעלעך פון סאַלאָן.

— דאָס איז, גאָספּאָדאַ, גריגאָרי ליפּמאַן, אַן אַמאָליקער ס.ר.ניק, היינט אַ טוער אין די קאָלאָניסטישע קרייזן. נאָך פאַראַן אַזעלכע. און דאָס איז, זייט באַקאַנט, קורט ווײלער, דער ענגליש־לערער פון אונדזערע קינדער. אַ זון פון אַ דייטש־יידישן אינזשיניער.

דער בלאָנדער יונגערמאַן איז געווען פּשוט, אָבער נעט געקליידט. זיין ברייט געזיכט און גרויע אויגן האָבן אויסגעדריקט דעציזיע און זיין לייכטער שמייכל האָט זיך געקרויזט ביי די מויל־ווינקעלעך, ווי אַ שטילער חוזק — „דאָס איז נישט סתם אַ לערער פון ענגליש“ — האָט ליפּאָווין זיך געאיילט און אַריינגעשושקעט אים אין אויער — „דאָס איז אַ מין אינסטרוקטאָר פון פיינע מאַנירן. אַ מין צערעמאָניע־מייסטער. פון אים לערנען זיי אַריסטאָקראַטישע גענג“... לעבן דעם דייטשן יונגערמאַן איז געשטאַנען אַ יונג מיידל, וואָס איז ענלעך געווען צו פרוי מאַרטשעווסקי און האָט אירע טיפע בלויע אויגן איינגעקלאַמערט אין דעם לערער. דאָס זענען געווען בליקן פול מיט פאַרערונג און פאַרגעטערונג.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער איבערן סאַלאָן און זאַלבעדריט פאַרביי געשוווּמען סילועטן. דאָס איז געווען אַ מין דורכשפּאַציר אין אַ לאַבירינט פון מעבל־שטיקער, קאָקעטירנדיקע וועזנס און פליסנדיקן ליכט פון קרישטאָל־לאָמפּן איבערן קאָפּ.

אין אַ ווינקל איז געזעסן אַ פול־לייביקער דאָקטאָר און פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ קליינגעוויקסיקער זינגערין, וואָס איר סלאַווישער געזיכט האָט אָנגעווייעט אַ באַלדיקע היימישקייט. אַ נידעריקער שרייבער מיט לאַנגע האָר האָט, אָנגעלענט אויף זיין שטעקן, רעציטירט פאַר אַ גרופּע

יונגע מיידלעך זיין נייע סעריע לידער. ער האָט איילנדיק געדריקט הערשלס האַנט און באַלד זיך צוריקגעקערט צו דער איבערגעריסענער דעקלאַמאַ־ציע און געוואָרפן מיט דער פרייער האַנט.

דער גערוימער סאַלאָן איז פול געווען מיט געמיטלעכקייט, וואָס האָט דערמאָנט די קינסטלערישע און ליטעראַרישע אַכסניות פון יענער זייט ים. וועגן זיי האָט הערשל געהערט און געלייענט. דאָרט האָבן קינסט־לער און רעוואָלוציאָנערן געהאַט די געלעגנהייט אויפצוטרעטן און זיך שאַפן אַ נאָמען און אַ פּעריפעריע. צי איז אויך אָט דער סאַלאָן פון די מאַרטשעווסקיס, דאָ, אין דער נייער וועלט, באַשטימט צו דערפילן אַן ענלעכע ראָל? ער האָט געהערט וועגן „סאַלאָן־קאָמוניסטן“ — אַזעלכע, וואָס קאָקעטירן מיט פּראָלעטאַרישע לאָזונגען, שפּילן זיך מיט פּראָגרע־סיווע קאָנצעפּציעס און רעדן אין די רייכע סאַלאָנען וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין קרישטאָל־ליכט און מיט ליפּן, וואָס הערן נישט אויף צו טרינקען דעם וויין. צי איז דאָס אַ מוסטער פון אַזאַ סאַלאָן? עס האָט אים אינטריגירט צו וויסן, ווי אַזוי דער אָוונט וועט זיך אויסוויקלען, און ער האָט פאַרגעסן, אַז היינט, היינט אין אָוונט, אַרום ניין אַזייגער, וועט מען עפענען דעם צוזאַמענפאָר פון קאָלאָניסטן־דעלעגאַטן, און ער איז דאָך אויך צוליב דעם געשיקט געוואָרן אין דער גרויסשטאָט. דערמאָנט האָט ער זיך אין דעם מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, ווען מען האָט זיך געקליבן צום טיש, וואָס איז געווען געגרייט אין אַ זייטיקן פליגל פון דעם סאַלאָן. דערווייל זענען נאָך די פאַרזאַמלטע געזעסן אָדער געשטאַנען אין די פאַרשידנסטע ווינקלען פון זאַל, און ווי דורך דער געניטער האַנט פון אַ טעאַטער־רעזשיסער, וואָס האָט איינגעשטעלט די גרופּן ווי אויף אַ בינע, זענען די באַזוכער געווען פאַרטאַן און פאַרטיפט אין זייערע ראָלן.

ווען הערשל איז געזעסן ביים טיש און זיך באַמיט נאָכצוקומען די כללים פון דער עטיקעטע, אַ ביסל פאַרלוירן באַטראַכט די פאַרשידנסטע גאָפּל־מעסער און נישט געוווּסט מיט וועלכע מען הייבט אָן און מיט וועלכע מען זעצט פאָר, האָט ער פון דער זייט באַמערקט, אַז אויף אַ הויך־געבעטן פאָטעל, אין אַ זייטיקן דורכגאַנג פון סאַלאָן, איז געזעסן אַ דיקלעכע ווייסהאָריקע זקנה. אירע בלויע אויגן האָבן רויִק באַטראַכט אַלץ וואָס קומט פאָר אַרום איר, אָבער זי אַליין האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט פון די ליפּן. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ביז איצט האָט ער זי נישט

באַמערקט, און דאָך איז ער געווען זיכער, אַז זי געפינט זיך דאָ, טאַקע אויף אָט דער שטול, נאָך אידער ער איז אַהער אָנגעקומען.

קיינער איז צו איר נישט צוגעגאַנגען. נישט פון די געסט און נישט פון די משפחה־לייט. קיינער האָט מיט איר נישט דורכגעוואָרפן קיין וואָרט, און עס האָט זיך הערשלען געדאַכט, אַז קיינער וואַרפט אויף איר נישט קיין בליק, פונקט ווי זי וואָלט דאָ געווען ווי אַ סטאַטוע, ווי אַ שטיק מעבל, צו וועלכן מען האָט זיך שוין צוגעוווינט און מען קען זיך מיט דעם שוין נישט באַווייזן פאַר די געסט.

וואָס מער הערשל האָט זיך צו איר צוגעקוקט, אַלץ מער האָט ער זיך אָנגענומען מיט פאַרדרוס צוליבן איגנאָרירן די געשטאַלט. זי איז געזעסן אַ פאַרגעסענע אַפילו פון די באַדינער, וואָס האָבן פון צייט צו צייט צוגע־טראָגן משקה און צובייסן. אויף אַ הויכן שמאָלן טישל לעבן איר רעכטער האַנט זענען געווען אָנגעשטעלט וואַזעס מיט פרוכט און קוכן, אָבער הערשל האָט געקענט באַמערקן, אַז זי האָט פון דעם אַפילו נישט טועם געווען.

ווער איז געווען אָט די סטאַטוע־געשטאַלט אין מיט פון באַלויכטענעם און פרייד־באַגאָסענעם סאַלאָן? מאָריסיאָ ליפּאָווין האָט אויפגעכאַפּט הער־שלס בליקן אין יענער ריכטונג און זיך אַריבערגעבויגן אַזוי, אַז ער האָט כמעט באַריִרט הערשלס אויער:

— איך זע דאָך, אַז איר שטאַרבט אַוועק צו וויסן ווער די אַלטע איז... איר זענט גערעכט, מיין פריינד. דאָס איז אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר... דאָס איז די מוטער פון סעניאָר מאַרטשעוווסקי... זי איז פּאַראַליזירט...

געוואָלט האָט ער, הערשל, הערן נאָך פּרטים וועגן דער אַדעליקער געשטאַלט, וואָס זיצט אַן אומבאַוועגלעכע אין אַ וועלט פון שמחה און באַ־וועגונג. אָבער אין אָט דער מינוט האָט עמעצער זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ געהויבענער כוס האָט ער, ווי אין אַ פאַרלעגנהייט זיך אָפּגערופן:

— מיר... מיר פייערן דעם געבוירן־טאָג פון אונדזער גרויס־באַרימ־טער זינגערין, נישט סתם זינגערין, נאָר פאָלקס־טרובאַדורין זינאַ באַראַ־דאָווסקאַ. יאָ, אין צוויי שפּראַכן לייגט זי אַריין איר קינסטלערישער פעיִקייט: אין רוסישע לידער פליט איר נשמה איבער די וואָלקנס, און אין יידישע פאָלקסלידער פלאַטערט זי אין אונדזערע הערצער... זאָל איר קול אויך אויף ווייטער זיין דער אָנזאָג פון שלום, וואָס איז דער שיר־השירים פון די פעלקער...

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט מען געהויבן די כוסות — זאָל לעבן און זינגען אונדזער זינאָ!

— זאָל זי טאַקע זינגען! לכבוד אונדז און לכבוד איר אייגענעם געבוירן־טאָג...

— טאַקע, טאַקע! מיר וועלן הערן יידישע לידער, אַזעלכע וואָס צענעמען...

די זינגערין איז געזעסן אָנגעלענט אינעם הויכן שטול און איר קלייגער קערפּער האָט זיך כמעט ווי באַהאַלטן אונטער די פלעשער וויין און באַלאָדענעם טיש. זי איז געווען מאָגער און עטוואָס בלייך און אירע גרויע אויגן, פאַרריסן נעזל און געפאַרבטע האָר האָבן אויסגעגעבן איר סלאַווישע אָפּשטאַמונג. די פּאָר ווערטער, וואָס זי האָט אַרויסגעבראַכט אין אומאָרדענונג, זענען געווען מיט אַ רוסישן אַקצענט.

זי האָט זיך לאַנג נישט זשענירט, און נאָך די ערשטע פּיאַנאָ־אַקאָרדן אין דער אָנגערויכערטער לופט, האָט די זינגערין אויפגעזונגען דאָס ערשטע פאָלקס־ליד, וואָס האָט מיטגעריסן אַפילו די יונגע, וואָס האָבן נישט געקענט קיין יידיש:

איך בין דאָך שוין אַ מיידל אין די יאָרן,
וואָס האָסטו מיר מיין קעפּעלע פאַרדרייט?
איך וואָלט דאָך שוין אַוודאי אַ כלה געוואָרן,
און אפשר טאַקע חתונה געהאַט...

אָנגערעגט פון איר אייגענער עמאָציע און פון דעם וואַרעמען שטראָם, וואָס האָט זיך געגאָסן פון די אויגן פון די צוהערער, איז זי אַריבער צום לירישן:

שטער'נדל, שטערנדל,
בלויער שטאָפּעטעלע,
זיי מיר אַ שליח,
פאַל אין מיין שטעטעלע...

איצט האָט הערשל געפילט, ווי ער ווערט אַריבערגעפירט אין דער וועלט פון פאַרלוירענע טריט. דער שאָטנדיקער אַלטער וואַלד נישט ווייט פונעם שטעטל איז געווען דער שוץ־נעסט פון די רעוואָלוציאָנערן,

וואָס האָבן דאָרט אָפּגעריכט זייערע קאָנספּיראַטיווע טרעפונגען. נאָך דעם, כדי צו פאַרווישן יעדן פאַרדאַכט, און נאָך מער — כדי לויזער צו מאַכן אַ ביסל די אָנגעצויגנקייט פון ערנסטע פאַרהאַנדלונגען, איז מען שעהען געזעסן אויפן גראָז און שטיל, שטיל געזונגען. מאָדנע, מען האָט דעמאָלט דווקא אויסגעקליבן לידער פון ליבע און ליידן, פון הימל און שטעטל און פון „שוואַרצע אויגן מיט פערלדיקע ליפּן" ווי אַ מין קאָמ־פּענסאַציע־זוכעניש אין אַ לאַבירינט פון געהיימענישן, וואָס האָבן געשמעקט מיט געפאַר און אומקום.

דעמאָלט האָט ער אָנגעשפּאַרט זיין צעשויבערטע טשופּרינע אין מאַ־ניעס שנעל־אָטעמדיקער קליינער ברוסט. אָט די מאַניע איז שפּעטער גע־קומען אין דער קאָלאָניע און האָט אים מער נישט געצויגן. שפּעטער איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער „רויטער" רביצין פון די לינקע אין דאָרף, און היינט זיצט זי שוין מיט איר מאַן ערגעץ אין אַ פאַרשטעטל פון דער גרויסשטאָט, אָרגאַניזירט די אַרבעטער פון דער וועבער־בראַנ־זשע און זאַמלט בידנע פּעזעס פאַר דער רעפּובליקאַנישער שפּאַניע...

די זינגערין האָט זיך איבערגעטראָגן צום רוסישן רעפּערטואַר. עס האָט פאַרשמעקט מיט ווילדן סטעפּ, מיט פאַרגליווערטע טייכן און מיט געדויש פון קאָזאַקישע שווערדן. דאָ האָט איר טאָן אָנגענומען אַ מער מענערישן שווונג און אַראָפּגענידערט צום כישופדיקן „אַילילולי—אַילי־לולי", ווי אַ מין איינשלעפערישן רוף צום בער אין וואַלד...

די זינגערין האָט זיך אַ ווענד געטאָן אין דער זייט וווּ הערשל איז געזעסן, כמעט ווי אין אַ פרעמד־ווייטער וועלט, און האָט אים פון איר כמעט ווי אַרויסגעריסן:

— און איצט, לכבוד דעם גאַסט פון די יידישע קאָלאָניעס, און אין אָנדענק פון מיינע אויפטריטן דאָרט, וועל איך זינגען „אין דער סאָכע", גוט?

מיט געציילטע מינוטן פריִער האָט די פרוי מאַרטשעווסקי אים פאַר־געשטעלט פאַר דער זינגערין, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד און זי איז אַפילו אויפגעטראָטן אין אַ ריי קאָלאָניעס. הערשל האָט זי ביז איצט נישט געקענט און ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס פון אַזאַ קליינעם און שוואַכן קערפּער קומען אַרויס אַזעלכע שטאַרקע טענער. איצט האָט זיך הערשל אַ ביסל פאַררויטלט.

זיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן פאַרן גאַנצן עולם און ער איז מיט אַ מאָל געוואָרן דער צענטער פון אַלעמענס בליקן. אים האָט זיך געדוכט, אַז מען וווּנדערט זיך, וואָס אַ פויערים־זון האָט זיך דערשלאָגן אַהער, אין דער רייכער ווילע פונעם אַריסטאָקראַטישן פּערטל...

— יאָ, זינגט דאָס ליד פון „דער סאָכע". פון דער וויטנס איז עס מער ליריש, ממש אידיליש...

— און פון דער נאָענט? — איז דער נידעריק־געפּאַקטער דיכטער מיט דער לאַנגער טשופּרינע צו אים צוגעשטאַנען.

— פון דער נאָענט שפּירט זיך אָפּט דער ריח פון שוויס, דער שוויס, וואָס ווערט אַזוי פיל באַזונגען פון די שטאָטישע פּאָעטן און אַזוי פיל גע־נוצט פון די סאַלאָן־רעוואָלוציאָנערן... פון דער נאָענט איז יעדעס בילד מער פּראָזאַיִש...

— אָט, דאָס זענען ווערטער! — האָט די פּרוי מאַרטשעווסקי זיך צו אים דערנענטערט און כמעט מוטערלעך אים אַרומגענומען. ער האָט זיך נישט געפילט אומבאַקוועם. ער האָט געוווּסט, אַז די פון רוסלאַנד אָפּשטאַ־מענדיקע האָבן ליב אַן אָפענעם „נאַש־בראַט".

דאָס ליד אין זינאַס ליפּן האָט צעריסן די עטוואָס־אַנגעצויגענע שטי־מונג, וואָס האָט זיך געשאַפן נאָך הערשלס שאַרפן זאָג. אַלץ איז איצט געווען מיטגעריסן פון איר שפּילעוודיקן אַרויסברענגען די פרייד און ברכה פון פאַרבינדונג מיט מאַמע־ערד. אירע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ וואַרעמקייט, וואָס נאָר טיף איינגעבאַקענע פאָלקסלידער רופן אַרויס אין מענטשלעכע הערצער.

זי האָט אָבער נישט באַוויזן צו ענדיקן. עס האָט זיך אַריינגעריסן אַ פרעמדער טאָן. אַ אימהדיקער געשריי ווי פון אַ סאָווע אין דער נאַכט, הייזעריקלעך און אַפילו בייז, אָבער וויינענדיק.

דאָס איז געווען די אַלטע פרוי, וואָס איז געזעסן אַ שטומע די גאַנצע צייט. נישט איין מאָל האָבן הערשלס אויגן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט די שטילע בליקן פון דער פרוי, וואָס האָט פון איר ווינקל אַלץ צוגעזען. זי האָט נישט שלום געמאַכט מיט דער פאַרגעסנקייט, און ווי עס זעט אויס — צוגעלייגט איר אויער צום געזאַנג. ביי „אין דער סאָכע ליגט די מזל ברכה" איז זי צוזאַמענגעבראָכן און פון איר מויל האָבן זיך אַרויסגעריסן קולות, וואָס האָבן זיך געבעטן, מען זאָל זיי פאַרשטיין. זי האָט אַפילו מיט

די פּאַראַליזירטע הענט עטוואָס באַוועגט אַנטקעגן הימל, ווי צו פאָדערן עפּעס פון איבערערדישע כוחות.

— דאָס האָט זי זיך דערמאָנט אין די ערשטע יאָרן אין דער קאָלאָניע — האָט פרוי מאַרטשעווסקי אַריינגערוימט הערשלען אין אויער — איר באַדאַרפט וויסן, אַז מיין מאַן איז אויך געווען אין דער קאָלאָניע, נאָך אַלס יינגל. זיין פאָטער איז דערשטאָכן געוואָרן דורך אַ גאַוטש אויף די אויגן פון דער אַלטער. זי איז פון שרעק פּאַראַליזירט געוואָרן און איר לשון איז אָפּגענומען געוואָרן... דעמאָלט האָבן זיי פּאַרלאָזן דעם קאַמפּ.

ווי עס זעט אויס, האָט זי הערנדיק דאָס פּאָלקסליד, זיך דערמאָנט אין יענע יאָרן...

— און ווו איז ער, אייער מאַן? — האָט הערשל אַריינגעשטעלט אַן אומגעריכטע פראַגע, וואָס האָט אים אַליין צעמישט מער ווי דער פרוי.

— ער, ער האָט נישט גערן אָט די טרעפונגען. ער האַלט נישט פון דער באַהעמיאַדע, האָט אַ ביטול־באַציִונג צו קינסטלער. ער איז אַ מיטגליד אין ראָטערי־קלוב און האָט ליב צו פאַרברענגען דאָרט צווישן די גויים, וואָס שעצן אים, און מער נאָך — זיין געלט.

— נישט קיין עוולה, פרוי מאַרטשעווסקי, געלט איז די פאַרבינדונג־בריק צווישן קעגנזעצלעכע פּאָלוסן. פאַר וואָס זאָל ער נישט זוכן די געזעלשאַפט פון מענטשן, וואָס דערמעגלעכן אים צו שטייגן אויפן מאַטעריעלן לייטער? דאָס איז נאַטירלעך...

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע ברוינע אויגן, אין וועלכע עס איז געשטאַנען אַ לייכטער און פאַרטרוימטער אומעט:

— אָבער די וועלט איז נישט נאָר די בירזשע און פוטער־מאַנטלען. צי איז אָט דער סאַלאָן נישט אַ הערלעכער צוגאָב פאַר מענטשלעכער דערהויבונג? איך האָב געזאָרגט, אַז דאָס זאָל האָבן אַ פיינעם טעם און אָנגענעמע אַטמאָספער. מיידט ער עס אויס...

— נו, ער טראָגט ביי די „קאַרבוינצעס". אָן זיי איז נישטאָ קיין קונסט און קיין אַטמאָספער... — האָט זיך ליפּאַווין לאַכנדיק אַריינגעמישט.

— אַך, דו מערזאַוויעץ, וואָס דו ביסט! — האָט זי האַלב־לאַכנדיק און האַלב־באַליידיקט אים אַ לייכטן שנאָל געטאָן איבערן נאָז — מען דאַרף נאָך האָבן, אויסער געלט, אויך אַ ביסל געשמאַק, און דערצו נאָך אַ שטרעבונג זיך אויסצולעבן אַזוי. נישט אמת?...

הערשל האָט געפילט די וואַרעמקייט, וואָס איז געפלאָסן פון איר ראָמאַנטיש האַרץ. ער האָט געקענט פאַרשטיין, אַז די רייפע און אָנגענעמע פרוי איז פאַרליבט אינעם שרייבער.

ווי אַרויסצודרייען זיך פון אָט דער נישט באַקוועמער סיטואַציע, האָט ער לייכט אָוועקגעשפּאַנט און באַטראַכטנדיק די קונסטבילדער אויף די ווענט, האָט ער זיך צוגעשאַרט באַענט ווו די פּאַראַליזירטע פרוי איז געזעסן. זי האָט געקוקט אויף דעם נייעם גאַסט ווי אויף אַ שליח פון אַ וועלט, וואָס דערמאָנט איר דעם שורש פון איר אומגליק, און דאָך האָט פון אירע אויגן אַרויסגעשטראַלט אַזאַ וואַרעמקייט. וואָס מער הערשל האָט זיך דערנענטערט צו איר פּלאַץ, האָט אַ קינדערישע האָפערדיקייט, וואָס אַנטוויקלט זיך ביי אינוואַלידן, זיך צעגאָסן איבער איר געזיכט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט און זי וועט זיך אָפּרייסן פון איר איינגע־קאָוועטן ווייכן שטול, וואָס איז געוואָרן איר נחלה נאָכן פאַרלאָזן דעם באָדן אין דער ווייטער קאָלאָניע. הערשל האָט אויף אַן אמת מורא געהאַט, אַז די אַלטע פרוי זאָל זיך נישט אויפרייסן פון איר פּלאַץ און אַן אומגליק זאָל געשען, האָט ער געאיילט זיך צו שטעלן לעבן איר. ער האָט אָנגעכאַפּט איר פּוכקע אויסגעאיידלטע האַנט, וואָס איז דורכגעריזלט געווען מיט בלוילעכע אָדערן, און זיך אָנגעבויגן און אַ קוש געטאָן די ציטערדיקע פינגער. נאָך דעם האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און כמעט ווי אַריינ־געשושקעט איר אין אויער:

— פרוי מאַרטשעווסקי... איצט איז אַנדערש... איצט איז אַנדערש...

מיט וואָס ס'איז אַנדערש — האָט ער אַליין נישט געקענט זיך אויפ־קלערן. אין די אויגן פון דער אַלטער פרוי זענען געשטאַנען טרערן.

די קרישטאָלענע ליכטער האָבן אויף אַ האָר נישט באַוויזן אויפצו־קלערן דעם סוד פון די אָנגעלאָפענע טרערן אין די אויגן פון דער לע־בעדיקער סטאַטוע אינעם ווייכן פאָטעל. הערשל האָט אַ קוש געטאָן איר געקנייטשטן שטערן און זיך אָפּגעטראָגן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז פּונקט איצט ווערט אין זאַל פון אַ יידישן צענטער דערעפנט דער צוזאַ־מענפאָר פון די קאָאָפּעראַטיוון. ער האָט זיך איילנדיק צעזעגנט און פאַר־לאָזן דעם לאַבירינט פון גערטנער און קאָרידאָרן. ליפּאָווין איז אים נאָכ־געגאַנגען און כמעט ווי אויפן קול נאָכגערופן:

— וואַרט, וואַרט, הערשל! איך גיי מיט אייך, איך וויל אויך דאָרט זיין..

*

אין דרויסן האָט דער אָונט געפּויזעט מיט אַן איינגעהאַלטענעם ווייכן טראַט איבער די אַלייען. עס האָבן געררישט די פֿאַלנדיקע בלעטער, עס האָט געשמעקט מיט סוף זומער, און די אָפּגעלייגטע ציכטיקע גאַס פֿון אַריסטאָקראַטישן פּערטל האָט באַלעבאַטיש־אַנגעצויגן זיך געקליבן אין דער נאַכט אַריין. לאַקירטע אויטאָמאָבילן האָבן זיך געגליטשט איבערן גלאַנציקן אַספאַלט און ווייניק פּוסגייער האָט מען געקענט אָפּציילן אויף די טראָטואַרן. ווי נישט ווי האָבן אוניפֿאָרמירטע טיר־היטער געפּלירטעוועט מיט דינסטמיידלעך, וואָס זענען אַרויס אויף דער גאַס אויף אַ ראַנדעוווּ אָדער אַרויספירן אַ הונט אויפֿן שפּאַציר.

הערשל און ליפּאָווין האָבן זיך געשלייכט איבער די גאַסן און געזוכט דעם ראָג, ווו דער טראַמוויי פֿאָרט אַדורך. ווען זיי האָבן דערזען די גלאַנציקע שינעס, איז ווי אָפּגענומען געוואָרן פֿון זיי די אָנגעצויגנקייט. הערשל האָט זיך אָפּגערופֿן:

— נאָך אַלעמען זעט די פֿאַמיליע מאַרטשעווסקי אויס מער אומגליקלעך... ווי דער לוקסוס קען פֿאַרגיטיקן...

ליפּאָווין האָט אים אָנגעקוקט פֿון דער זייט, געבליבן שטיין אין ראָג פֿון גאַס און זיך אָנגעלענט אויפֿן שטעקן מיט ביידע הענט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אַ לאַנגע צייט צו שטיין אויף דעם פּלאַץ און באַטראַכטן געמיטלעך די אַרומיקע וועלט.

ווען איז דאָס געווען אַן ענלעכע סיטואַציע, בעת זיי האָבן ביידע געוואַרט אין אַן אָונט אויפֿן טראַמוויי? יאָ, דאָס איז געווען צוריק מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר, אין די ערשטע „גרינע" טעג. דעמאָלט האָט ער, הערשל, באַזוכט די יידישע אַרבעטער־ביבליאָטעק און צוגעצויגן פֿון ליפּאָווינס אַ ביכל דערציילונגען, איז ער געגאַנגען הערן זיינס אַ רעפֿעראַט אין אַ שבת־צו־נאַכטס וועגן די יידישע קלאַסיקער. נאָך דעם רעפֿעראַט האָט אים ליפּאָווין איינגעלאַדן צו זיך אינעם בוידעם־צימערל און אויפֿן וועג, נאָך האַלבער נאַכט, האָבן זיי געשפּאַנט איבער די ברוקירטע גאַסן פֿונעם אַלטן פֿאָרט־פּערטל. זיי זענען לאַנג געשטאַנען ביים ראָג, ווו שיכורע מאַטראָסן האָבן זיך געשאָלטן אויף פֿרעמדע שפּראַכן, און זיי ביידע, ליפּאָווין און הערשל, האָבן דיסקוטירט אויף יידיש וועגן דעם גורל

פון ייִדישער ערדאַרבעט אין אָט דעם לאַנד. זינט יענעם אָוונט איז די פריינדשאַפט צווישן זיי ענגער געוואָרן, כאָטש אין משך פון צענדליקער יאָרן האָבן זיי זיך באַגעגנט בלויז אַ דריי־פיר מאָל. פאַר זיינע אויגן איז איצט געשטאַנען יענץ בילד פון דער האַלבער־נאַכט־באַגעגעניש ווי אַ ווענדפּונקט אין זיין שטעלונג צו דעם ווערק פונעם באַראָן. אין יענער נאַכט האָט אים ליפּאָווין דערציילט וועגן זיינע אינטימע באַציִונגען מיטן קריסטלעכן ווייבל פונעם פאַרוואַלטער פון דער „גוזעלשאַפט". צוליב אָט דער „לינקער" און געפערלעכער ליבע האָט ליפּאָווין געמוזט פאַרלאָזן דאָס דאָרף און שוין מער זיך אַהין נישט צוריקגעקערט.

אָבער דאָס איז נישט געווען די סיבה, וואָס הערשל האָט זיך פּלוצלינג דערזען מיט צענדליקער יאָר צוריקוועגס. אין יענער נאָך האַלבער נאַכט האָט אים ליפּאָווין אין זיין באַהעמישקייט אויסדערציילט וועגן זיינע אינ־טימע באַציִונגען מיטן ווייבל פונעם פאַרוואַלטער. צי איז עס אַ צופעליקייט, וואָס היינט, כמעט אַ דור נאָך דעם, שפּאַנט ער צוזאַמען מיט אים איבער די גאַסן פון דער גרויסשטאָט און אין זיין מוח וועבט זיך אַ נייע סברה וועגן די באַציִונגען צווישן דעם שרייבער און דער משפחה מאַר־טשעווסקי?

שוין זיצנדיק אין טראַמוויי, וואָס איז געלאָפן כמעט אָן אָפּהאַלט איבער די גאַסן, האָט הערשל זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון צו שטעלן אַ זייער דעליקאַטע פראַגע:

— צי איז אייער בחורשאַפט נישט פאַרבונדן מיט דער פאַמיליע מאַרטשעווסקי?

ליפּאָווין האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ פון טראַמוויי־פענצטערל און אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ וויטן און נישט דאַיִקן בליק. איצט האָט הערשל שוין געקענט דערזען אַ סך גרויע האָר אין זיינע שלייפן און געדיכטע ברעמען. ער האָט אויסגעזען מיט אַ מאָל פיל עלטער אין זיינע אויגן. ליפּאָ־ווין האָט ווי אויפגעכאַפּט דעם מיין פון הערשלס בליק.

— איך וווּנדער זיך נישט, וואָס איר טראַכט אין אַזאַ ריכטונג, הערשל. עס בעט זיך אַליין אַזאַ אויספיר. איך קען אייך נישט דערציילן דעם מאָטיוו פון בחורשאַפט. צי איז דאָס אַן ענין פון כאַראַקטער אָדער מיין קערפּער־לעכן פעלער. אָבער וואָס שייך דער פאַמיליע מאַרטשעווסקי, בעט זיך דאָ ממש אַ נייע אויפלאַגע פון היינעס טראַגישן דורכפאַל אין זיין ליבע, איר

געדענקט דאָך די שפּילעוודיקע פערזן אין זיין לירישן ווידוי, נישט? טאָ הערט:

אַ בחור ליבט אַ מיידל,
דאָך זי אַן אַנדערן ליבט.
דער אַנדערער ליבט אַן אַנדערע
און ווערט מיט איר פאַרקניפּט.

דער בחור זעט די צרות,
עס ווערט דאָס האַרץ אים שווער.
ער זוכט זיך אויס אַ פרעמדע,
און קלייבט נישט איבער מער...

אָט טאַקע אַזוי איז ביי אונדז די „חד־גדיא". אָבער צום צווייטן פערז זענען מיר נאָך נישט דערגאַנגען...

הערשל האָט אים שווייגנדיק אָנגעקוקט, אַ ביסל געריירט, אָבער די אויגן האָבן ווי געבעטן אַ באַשייד.

— איך וועל נאָכקומען אייער שטומע פראַגע — האָט ליפּאָווין אָן צו זשענירן זיך געזאָגט — דאָס איז אַ געקייטלטע געשיכטע פון ליבע און אַנטוישונג. הערט: איר האָט זיך אַוודאי אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז די פרוי מאַרטשעווסקי איז נישט גלייכגילטיק צו מיר. דאָס איז אפשר נישט אַזוי טראַגיש. וואָס קען איר דער מאַן געבן אויסער ווילטאַג?

— און איר? — האָט הערשל האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— איך? עס איז גאַנץ אָנגענעם, אַז אַזאַ פרוי שענקט איר ליבע. אָבער איך אַליין... נו, צו וואָס זיך זשענירן? איר האָט גוט באַטראַכט די עלטסטע טאָכטער זייערע? צי האָט איר געקענט אָפּשאַצן איר צוציִונג־קראַפט? די אויגן... דאָס מאַט־פאַרחלומטער געזיכט, אַזאַ מין ווייכע טאָפּאָליע...

— איך פאַרשטיי שוין — האָט הערשל פאַרלעגן געשמייכלט — איצט פאַרשטיי איך שוין. און זי, זי די שיינע קוקלע, איז אַוודאַי פאַרליבט אין עמעצן אַנדערש — אויב איר פאַררופט זיך אויף היינען...

— יאָ, איר זענט גערעכט, זי האָט איר האַרץ אַוועקגעשענקט דעם דייטשן יונגערמאַן, וואָס לערנט זי זיך ענגליש און פיינע מאַנירן... קורט ווילער...

— און ווי האַלט עס מיט אים? — האָט הערשל שוין אַ ביסל נייגע־ריק געפרעגט.

— דערווייל איז ער פאַרטאָן ביז איבערן קאָפּ אין דער קאָמוניסטי־שער אַרבעט. ער איז אַקטיוו אין דער אַקציע פאַר דער רויטער שפּאַניע.

— נו, איז עס געבליבן צווישן חברים — האָט הערשל געשמייכלט.

אָבער ליפּאָווין איז איצט געבליבן ערנסט. הערשלס וויציקער טאָן האָט אים אַפילו שאָקירט.

— איך האָב איך שוין פריִער געגעבן אָנצוגעהערן, אַז קורט ווילער איז ביי זיי מער ווי אַ לערער פון ענגליש. ביי אים לערנט די אַרויפגע־אַרבעטע משפּחה די כללים פון אַריסטאָקראַטישע מאַנירן און פירונגען פון דער גבירישער וועלט. זיי קוקן אים אין מויל, ווי אַזוי מען עסט און ווי אַזוי מען רעדט. ער איז פאַר זיי אַ מין קאָדעקס פאַר עטיקעט. דורך דעם וועלן זיי קאָנען אָנשפּאַרן ערגעץ ווייט, צווישן די גויִים, כאָטש ביי פרוי מאַרטשעווסקי גייט אויס דאָס חיות נאָך יידישער סביבה און יידישע מאכלים. אָבער עס פּאַסט נישט און עס לוינט נישט. אין אַן אָוונט האָב איך ביי זיי געגעסן נאַכטמאָל, (געוועזן צייטן, ווען איך האָב אַפילו געגעסן ביי זיי), און ביים טיש איז געזעסן אויך דער דייטשער יונ־גערמאַן. זיי האָבן נישט אַ ריר געטאָן מיטן גאָפּל־מעסער ביז ער האָט דער ערשטער נישט גענומען די איניציאַטיוו... אַז ס'איז געקומען די ריי פון פרוכט, זענען אויפן טיש געווען גרייט ספּעציעלע טעלערלעך און גאָפּל־מעסער. אַלע האָבן זיך אַ ווענד געטאָן מיט זייערע בליקן אין זיין ריכטונג. איז וואָס טוט ער זיי אָפּ? ער נעמט פּשוט דעם עפּל מיט דער האַנט און נישט געשיילטערהייט בייסט ער אים אײַן מיט פולער הנאה. אַלע האָבן געלאַכט און אים נאָכגעטאָן, און די שטימונג איז דעמאָלט גע־ווען א ווונדערלעכע. אויך פּשוטקייט איז אַ צייכן פון אַדעליקייט און ער האָט געקענט אויסנוצן די עפעקטן פון פּשוטקייט. איך גלייב, אַז דערפאַר האָט ער אויך דערפאַלג אין דער פּאַרטיי.

— עפעקטן? און איך האָב געמיינט, אַז איר באַזירט זיך אויף אי־דעאַלן און פּרינציפּן — האָט הערשל אונטערגעכאַפּט מיט סאַרקאַזם.

— לאַכט נישט, מיין פריינד — האָט ליפּאָווין אים צוריקגעשטויסן מיט אַ לעבעדיקן טאָן — צו אידעאַלן באַדאַרף מען אויך עפעקטן. דאָס פאָלק האָט ליב אַזעלכעס, און דורך זיי קען מען אַפילו אַריינטריפן טראָפּנס

פון אידעאָלאָגיע. איר זענט, זייט מיר מוחל, אַ דאַרפסמענטש, נאַיוו און אָן פּעיִקייט צו מאַנעווורירן. וואָס קען שאַטן דעם עיקר, אַז מען באַאַרבעט אים מיט אַ לייכטער און שפּילעוודיקער פאַרב? אָט, איך וועל אייך ווידער אַ מאָל געבן אַ ביישפּיל: איר ווייסט דאָך, אַז די פּראָגרעסיווע וועלט איז היינט צו טאָג פאַרכאַפּט מיט דער דאגה פאַר דער רעפּובליקאַנישער שפּאַ־ניע. מיר ווייסן, אַז דאָרט ווערט דורכגעפירט די בלוטיקע גענעראַל־פּראָבע פאַר אַ נאָך גרעסערן פאַרמעסט אין דער צוקונפט. דאָס איז נישט קיין ענגער ענין פון אונדזער פּאַרטיי אַליין, און אַפילו אַריסטאָקראַטיש־בירגערלעכע קרייזן פאַרשטייען עס. דערפאַר איז פּשוט רירנדיק צו זען ווי פּיק־געקליידטע דאַמעס בייגן זיך אָן אין גאַס און קלייבן צונויף דאָס זילבער־פּאַפּיר פון ליידיקע ציגאַרעטן־שאַכטלעך, וואָס דאָס גייט אויף מיליטערישע צוועקן. די פּראַקטישע רעזולטאַטן פון אַזאַ אַקציע זענען טאַקע מינימאַלע, אָבער דער אויסערלעכער, פּסיכאָלאָגישער עפעקט, — דאָס איז דאָך געוואַלדיק!

דער טראַמווײַ האָט זיך געגליטשט איבער באַלעבטע גאַסן און ווילנ־ווײַז זיך איינגעשניטן אין מער שמאָלערע און רויִקערע. הערשל האָט זיך דערמאָנט, אַז דער שמועס זייערער האָט זיך אויך אָפּגעווענדט אין אַ זײַ־טיקער ריכטונג:

— און צוריקקערנדיק זיך צום אָנהייב פון אונדזער שמועס: ווייסנדיק, אַז יעדער איז אַרייַן אין טראַנס פון אוממעגלעכקייטן, צי וועט איר אויס־קלייבן, ליפּאָווין, די אַלטערנאַטיווע פון היינעס לירישע פּערזן? צי וועט איר אויך שלום מאַכן מיט דער ווירקלעכקייט און זוכן אייער לייזונג ווייט פון דער פאַמיליע מאַרטשעווסקי?

— זייט מיר מוחל, הערשל, איר שטעלט שוין ווידער אַ מאָל פּראַגעס, אויף וועלכע מען קאָן נישט ענטפערן מיט אַ גלייכלינײַעדיקער לאָגיק. דאָס לעבן איז נישט קיין קעסטל־אָוונט פאַר שאלות און תשובות. מיר באַמיִען זיך, וואָס אָן אמת, צו געבן לאָגישע אויספירן פאַר סאָציאַלע דער־שיינונגען. אָבער די מענטשלעכע נשמה איז אַן ענין פאַר פאָרשונגען און די לאָגיק האָט דאָ אַ שוואַכן איינפלוס.

און נאָך אַ שטילער פּויזע האָט ער צוגעגעבן:

— נעמט למשל די זעלבסט־אָפּשאַצונג פון יעדן איינעם: יעדער האָט זיך זיין פּעקל צרות און זעט אפשר דאָס פולע גליק ביי אַנדערע.

פון דעסטוועגן פרעגט מיך אַליין, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן נשמה־קריזיס און א פיזיש אומגליק, צי וואָלט איך, ביים אויסוואַל פון דאָס ביי אין אָנהייב פון מיין לעבן, אויסגעוויילט דעם זעלבן וועג, דעם זעלבן „איך" און דעם זעלבן גורל? זיכער וואָלט איך אויסגעוויילט! ווייל אי־נערלעך גלייבט יעדער איינער, אַז ער איז באַשטימט דורכצופירן אַ ספּע־ציפישע מיסיע אין לעבן, וואָס אַנדערע אויף זיין אָרט זענען נישט מסוגל. צי האָט איר געטראַכט וועגן דעם? דאָס איז נישט קיין ענטפער אויף אייער פראַגע, אָבער דאָס גיט דאָך אַ שליסל. יעדן פאַלס איז מיין האַרץ נאָך נישט אַזוי שווער, אַז איך זאָל אַנטלויפן פון דער סביבה, וואָס שענקט מיר דאָך „עפּעס". יאָ, הערשל, אינעם נאָענטן ראָג דאַרפן מיר אָפּשטייגן. איך גיי מיט איך. אַזאַ לאַנגע צייט, ווי איך האָב זיך נישט געטראָפן מיט די לייט פון דער קאָלאָניע און מיט זייערע פּראָבלעמען. אָווא! שוין באַלד צען. די דערפּענונג־רעדע האָבן מיר שוין זיכער אָנגעוואָרן. אַ שאָד, אַ שאָד!...

## זיבעטער קאַפּיטל

# די געדאַנקען־וועלט פון אַבעלע אַקערמאַן

אַ טאָג איידער הערשל האָט זיך געקליבן אָפּצופאָרן צוריק אין דאָרף אַריין, האָט ער געהאַט אַן אומגעריכטן גאַסט. ער איז געווען נאָך מער איבערראַשט, ווייל ער האָט צו קיינעם נישט געשריבן און קיינעם נישט צו וויסן געגעבן, אַז ער קומט אין שטאָט און ווו ער וועט זיך אויפהאַלטן. דערפאַר, ווען מ׳האָט אים אַרויסגערופן פון רייכלס צימער אין הויף אַריין, ווו עס איז געשטאַנען זיין שוואָגער אַבעלע, רבקהלעס ברודער, האָט ער זיך געפילט אומבאַקוועם, כמעט ווי צוגעקאָוועט צום באָדן.

זיין שוואָגער, נעט אָנגעטאָן, דער דיקלעכער גוף צעשפּאַרט אַ ביסל דעם גרויען אָנצוג — האָט געשמייכלט, ווי איינער, וואָס איז אַרויס דער זיגער אינעם געיעג:

— געמיינט אַוודאי, אַז דו וועסט זיך אַרויסדרייען פון מיינע הענט, וואָס? אַבעלע האָט אָבער אַ שאַרפן חוש־הריח. איך האָב אָנגעשמעקט...

אין דעם מאָמענט האָט רייכל זיך אַרויסגעשטעלט דורך דער אָפענער טיר:

— וואָס איז? וואָס שטייט איר דאָרט אין דרויסן אַזוי ווי „וויזשי־לאַנטן״ (פּאָליציאַנטן)? אפשר וועט איר אַריין?

ביים מאַסיוון דעמבענעם טיש זענען זיי געזעסן זאַלבעדריט. אַבעלע האָט מיט אַ באַזונדערער הנאה געזופּט די מאַטע, וואָס רייכל האָט גע־האַלטן אין סערווירן נאָך זיין פאַר זייך אַריינקומען. ער האָט מיט זיינע פול־לייכטנדיקע אויגן, וואָס האָבן אויסגעזאָגט אַן עולם־הזהדיקע הנאה פון אַלץ, וואָס זיי באַרירן, אָפּגעמאָסטן דאָס גלעזערנע קריגעלע סמעטענע אויפן טיש, מיט אַ ווױליונגערישקייט פון אַ נגיד, וואָס פילט זיך באַקוועם

אין דער געזעלשאַפט פון אָרעמערע פון אים, האָט ער אָפּגעבראָכן אַ שטיק אייערקיכל און איינגעטונקען מיט התפעלות אין דער ווייכער ווייס־לעכקייט.

— אָט, טאַקע נאָר צוליב דעם אַליין, צוליבן ריח פון פעלד און פון די דאָרפישע מאכלים, וואָס איר ברענגט אַריין אין אונדזער שטאָטישן אַמביענט, צוליב דעם אַליין דאַרף מען אָנהאַלטן די קאָלאָניעס...

הערשל האָט געשמייכלט. אַ שאָד, וואָס נעכטן, ביים איבערלייענען די רעזאָלוציעס אויף דער שלוס־זיצונג פון צוזאַמענפאָר, איז נישט אַרויפּ־געקומען אַזאַ אָריגינעלער געדאַנק... אַזוי פיל מאָטיוון זוכט מען דאָך צו באַרעכטיקן אונדזער עקזיסטענץ, אַ סימן — אונדזער עקזיסטירן אַליין איז נישט גענוג. ער האָט געהערט וועגן זיין שוואָגערס השגות וועגן שטאָט און דאָרף. נאָך זיין דערפאָלג און זיינע פאַבריק־עסקים האָט ער זיך אַריינגעלאָזן אין קהלישע אַרבעטן און אין גייעג נאָך אידעאָלאָגיע, צו פאַרפעסטיקן זיין פּאָזיציע צווישן לאַנדסלייט און געזעלשאַפט.

— איז, ווען פאָרסטו אָפּ, הערשל? — האָט אַבעלע האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— מאָרגן אין אָוונט, די באַן דורך דער פּאַמפּאַ גייט אָפּ אַכט אַזייגער. צוליב וואָס פרעגסטו?

— ווייל דו וועסט נישט פאָרן — האָט יענער באַלעבאַטיש געשמייכלט — טאַקע צוליב דעם האָבן איך דיך געזוכט און, וואָס אמת, נישט אַזוי לייכט, אָבער דאָך אויסגעפונען. אפשר וועסטו נאָך יאָ באַוויזן, אָבער אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן. היינט אין אָוונט ביסטו אַ פאַרקויפטער, ברודערל. עס וועט דיר נישט העלפן. ווי קען געמאָלט זיין אַז איין מאָל אין אַ יובל פאָלסטו אַראָפּ אין שטאָט אַריין און ביי אונדז זאָלסט נישט זיין? מילא, דעם נגיד קענסטו אויסמיידן, אָבער אין שטוב פון אַ שוואָגער, אַ שכן? אַ שכן איז אפשר מער ווי אַ שוואָגער. אַ שוואָגער קען ערגעץ זיך אויפהאַלטן, ווייט... אָבער אַ שכן! אַ שכן דאָרט אין פעלד איז גאָר עפּעס אַנדערש, מער ווי דאָ אין שטאָט...

— פאָל נאָר נישט אַריין אין קיין קעלבערנע התפעלות. ריכטיק, אַ שכן, אָבער צו פיל אידיליע, צו וואָס? שכנים זענען פאַראַן און געווען — צום גוטן און צום בייזן. צי געדענקסטו נישט אַליין, אַבעלע? קריגערייען צוליבן אַריינרייסן זיך פון אַ קעלבל אין מאַיס־פעלד. צוליב אַ פלעקל

אינעם דראַמעַנעם צוים, צוליב אַ נישט פּאַסיקן ראָמאַנס צווישן די קינ־
דער... אָפּט — אַפילו ביז מעסערשטעך...

— נו, נו. דאָס איז די טבע פון מענטשן, אָבער אַ גוטער שכן איז ווי
אַ „גראַנדע״ (דאָס גרויסע געווינס), טאַקע ווי עס שטייט ערגעץ געֿ־
שריבן... אָבער אין דאָרף איז דער באַגריף „שכן״ גאָר אַן אַנדערער...

— נו, נאָך אַ מאָטיוו, אַז דאָס דאָרף זאָל אויפגעהאַלטן ווערן...

— איז וואָס זאָגסטו, הערשל? קומסטו היינט אין אָוונט? — האָט
אַבעלע אָפּגעווענדט דעם פאַרשפּיצטן שמועס — און אפשר טאַקע שוין?
מ׳ין קאַטש וואַרט דאָ ביי דער טיר. אַדעלאַ וועט זיך פרייען. און די זיצונ־
גען פונעם צוזאַמענפאָר האָבן זיך דאָך שוין פאַרענדיקט. געווען אינטע־
רעסאַנט, נישט אַזוי?

— האָסטו געלייענט? האָסט זיך באמת פאַראינטערעסירט? —
הערשל האָט דאָס מאָל זיך געווענדט צום שוואָגער מיט פולער וואַרעמקייט
אין זיין טאָן.

און עס איז געווען אויף וואָס צו וווּנדערן זיך. ער האָט געקענט אַבע־
לען נאָך פון די גאָר יונגע יאָרן. דעמאָלט האָט ער, אַבעלע, פאַרלאָזן דעם
דאָרף און זיך באַצויגן מיט ביטול צו יעדער דערשיינונג, וואָס האָט
געהאַט אַ פאַרבינדונג מיטן לעבן אין דער קאָלאָניע. ער האָט אַרויפגע־
צויגן אין שטאָט אַ מונדיר פון אַן ענגלישן מאַטראָס און געמאַכט אַן
אָנשטעל, ווי ער קען נישט קיין שפּאַניש. ער פלעגט אַרומפּאַדען איבער די
גאַסן, קאַפעהייזער ביים פּאָרט, אין אָפּגעלייגטע אַריסטאָקראַטישע קוואַר־
טאַלן, און אויפן אַקסל געטראָגן אַן אויסוואַל פון ענגלישע שטאָפן. ער
האָט געפּלאַפּלט אַ פּאָר ענגלישע ווערטער געמישט מיט מאַמע־לשון און
מיט טעקסט פון „יקום פּורקן״. ער האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ גרופּע
„גרינע״ עמיגראַנטן, וואָס האָבן געהאַט אַ בשותפותדיקן סקלאַד פון סחו־
רות אין אַ קעלער און פון דאָרט אַרויסגעשיקט צענדליקער „קלאַפּערס״
איבער דער רוישנדיקער שטאָט אָנצובאָטן סחורות, אויטענטישע און
פאַלשע, פון ענגלישער פאַבריקאַציע.

מיט וואָס דערקלערט זיך זיין געענדערטע באַציִונג און אויפגעגאַנ־
גענע פּיעטעט צו אַלץ וואָס קומט פון דאָרט, פון דאָרף?

— קום צו אונדז — הערשל האָט ממש געפּילט אַ געבעט־טאָן אין

אַבעלעס רייד — וויסטו ווער עס וועט נאָך זיין ביי אונדז? אַנו טרעף? רוזשקעלע, דיין שוועסטער, און אויך זיגלער, איר מאַן...

הערשל האָט אויפגעשיינט. אַ וואַרעמקייט איז אָנגעלאָפן אין זיינע בלוטן. רוזשקעלע, די מיזינקע, איז שוין זינט יאָרן אַוועק אין שטאָט מיטן לערער נחום זיגלער, און נאָר זעלטן־ווען כאַפּט זי זיך אַראָפּ אין דער קאָלאָניע אויף אַ קורצן וויזיט ביי דער משפּחה. אַ מאָל שלאָגט אָן איר נאָמען אויף די שפּאַלטן פון די יידישע צייטונגען אָדער זשורנאַלן. רוזש־קעלע איז געוואָרן אַ זינגערין אין יידישן טעאַטער און איר טרופּע פאָרט אָפט אַרויס איבער די פּראָווינץ־שטעט און קאָלאָניעס. די מאַמע פלעגט זיך צושמידן צום נאָמען אין דער צייטונג און טרערן האָבן באַוואָשן אירע איינגעפאַלענע באַקן:

— טריאַטער, טריאַטער — אויף אַ פּראָפעסיע! בלאָנדזשענדע שטע־רן... זיך אַרומפּאַדען ווי ציגיינער — האָט זי מיט אָפענער גוטמוטיקייט זיך געקרימט. אָבער טיף אין האַרצן איז דאָס פאַר איר געווען אַ פאַרגיטי־קונג פאַרן ברענענדיקן ווייטיק און קאַשמאַרע זכרונות פון מירעלעס אַנטלויפן מיטן שגץ, מיט טיטאָ, דעם זון פון שוין געשטאָרבענעם גאַוטש דאָן כואַן. מען הערט נישט מער פון זיי, אָבער מען דערציילט, אַז זיי וווינען ערגעץ אין אַ הייזקע לעבן אַ ווייטן דרומדיקן פאָרט.

שטענדיק, ווען די מאַמע דערמאָנט זיך אָדער זי רעדט וועגן רוזשקע־לען, מוז אויך אויפטויכן דער נאָמען פון מירעלען.

הערשל האָט זיך געפרייט צו הערן, אַז רוזשקעלע געפינט זיך אין שטאָט. אין דער צייטונג האָט מען געמאָלדן, אַז איר טרופּע פאָרט אַרויס אויף אַ נייעם גאַסטראָל.

— אַזוי איז טאַקע געווען, אָבער נעכטן האָט זי אָנגעקלונגען צו מיר און געפרעגט צי עס איז ריכטיק, אַז דו ביסט געקומען. זי האָט אָפּגע־לייגט איר אַרויספאָר אויף אַ טאָג.

הערשל איז געבליבן אַ ביסל צעמישט. וואָלט ער געוווּסט, אַז רוזש־קעלע איז אין שטאָט, האָט ער באַדאַרפט זוכן אַ קוואַרטיר ביי פרעמדע? ער האָט געוואָרפן אַן איילנדיקן בליק צו רייכלען, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז זי זאָל טרעפן זיינע מחשבות. ער איז איר דאָך דאַנקבאַר געווען פאַר איר אָפענער איבערגעגעבענער פריינדלעכקייט. זי האָט פאַר אים געעפנט די נשמה און די געדאַנקען־וועלט פון נישט ווייניק „געוועזענע", און פון

זיי האָט ער געלערנט אפשר נישט ווייניקער ווי פון די זיצונגען אויפן צוזאַמענפאָר.

— איך וועל קומען, אַוודאי וועל איך קומען — האָט ער זיך געאיילט איינשטימען. דאָס איז געווען ווי אַ מין פאַרענטפערונג פאַר זיין נישט געוואוגנדיקן פאַראינטערעסירן זיך מיט די משפחה־ענינים דאָ אין שטאָט.

און דאָך, ער האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגער צו פאָרן איצט מיט אַבעלען. עפּעס ווי די „קאַטש" וואָלט געשטאַנען, ווי אַ מחיצה, צווישן דער אידיליע פון די פאַרגאַנגענע דאָרפסיאָרן און די גרויסשטאָטישע פּי־רונגען. ער האָט אַ בליק געטאָן אין רייכלס זייט, ווי צו זוכן ביי איר אַ תירוץ ווי אַזוי זיך איצט אַרויסצומאַכן.

— וואָס איז די איילעניש? — האָט זי גלאַט אַזוי זיך אַרויסגעכאַפּט, און האָט צוגערוקט די וואַזע מיט די אייערקיכלעך צו אַבעלען — ער וועט קומען צו אייך אין אָוונט. הערשל האָט באַשטימט היינט נאָך מיטאָג אַ טרעפונג מיט אַ רייי פירער פון דער אַגראַר־באַוועגונג. נאָך אַלעמען — נישט ווי אַ פּריוואַטער גאַסט איז ער דאָך אַהערגעקומען...

— מיטן גרעסטן כבוד! פאַרקערט, איך שאַץ זייער אָפּ דיינע אָנ־שטרענגונגען. איך וועל קומען אַרום זיבן אַזייגער דיך נעמען. וואָס רעד איך? אויך רייכלען און איר מאַן. איר קומט? עס וועט אייך גאַרנישט העלפן, מיינע טייערע. אַזאַ געלעגנהייט!

ער האָט וווילויגעריש אַ קנייפּ געטאָן פון טרוקענעם אייערקיכל און ווידער איינגעטונקען אין סמעטענע־סלאַי אויף צו באַווייזן, ווי שטאַרק ער איז פאַרבונדן מיט די זאַכן פון „דאָרט". ער האָט וואַרעם זיך צעזעגנט און זיין דיקלעכע פיגור האָט זיך אַרויסגעשטעלט פון יענער זייט אָפענער טיר.

נאָך אַ פּאָר מינוט פון שטילשווייגן האָט הערשל זיך אָנגערופן:

— איך האָב פון שטענדיק אָן אים נישט פאַרטראָגן. אונטער אַלע זיינע געניג באַהאַלט זיך אָנשטעל און אויסרעכענונג. אָבער זיין פּלאַפּלען וועגן דאָרף קומט אויס מאָדנע. שווער צו טראַכטן, אַז דאָס איז סתם דיבור־רים, צו פיל בענקשאַפט קוועלט פון זיי אַרויס. אָבער וואָס ווערן מיר אָן? אויסער דעם וועט דאָך רוזשקעלע דאָרט זיין. געקענט אָפּפאָרן פון דאַנען אָן איר צו באַגעגענען. איר וועט מיך באַגלייטן, רייכל, איר ביידע.

*

רייכלס רייד וועגן אַ באַגעגעניש מיט פירער פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג זענען נישט געווען קיין תירוץ אים אַרויסצונעמען פון אַבעלעס צודרינגלעכקייט. נאָכן ענדיקן דעם צוזאַמענפאָר, ווו הערשל האָט צום ערשטן מאָל גענומען דאָס וואָרט אין דער גענעראַל־דעבאַטע, איז צו אים צוגעגאַנגען דער בלוי־אויגיקער וועטעראַן פון דער באַוועגונג, און אויס־שטרעקנדיק אים די גרויסע אויסגעאַרבעטע האַנט, האָט ער אים באַ־גריסט:

— איר זענט גערעכט, פריינד. אַ שאָד נאָר, וואָס דורך דער גאַנצער צייט פון אייער לעבן אין דאָרף האָט איר זיך געהאַלטן אין שאָטן. צו פיל באַשיידן איז אויך נישט קיין מעלה. מיר געפינען זיך אין סאַמע קריזיס פון אונדזער באַוועגונג, און יעדער כוח קען דינען ווי אַ שוצוואַנט, צי קענען מיר זיך מאָרגן באַגעגענען? קומט אַרויף אין ביוראָ פון דער פעדעראַציע.

צי ווענדט זיך אין אים די געגאַרטע ענדערונג? אַפילו יאָ, האָט עס נישט קיין טעם זיך צו פאַרמעסטן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. די לאַגע איז היינט אַזעלכע, אַז יעדער כוח דאַרף אויסגענוצט ווערן ווי אַ דאַמבע קעגן דעם אָפּפלוס פון דאָרף.

אָבער די בלויע אויגן פונעם וועטעראַן האָבן איינגעלאַדן. ער האָט דעם אָנבאָט אָנגענומען.

אויפן קאָנגרעס זענען געקומען צום אויסדרוק בולטע קעגנזאַצן. דער אַלטער דור איז צוגעוווינט צום שתדלנותדיקן אופן פון פאַרהאַנדלונגען מיט דער „געזעלשאַפט”. די אַלטע טוער האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן אונטערן דרוק פון די ייִנגערע עלעמענטן, וואָס זענען סטימולירט געווען פון נייע ראַדיקאַלע ווינטן אויף דער ייִדישער גאַס. אויך דאָ, ווי אויף אַנדערע געביטן, האָבן די „לינקע” געזוכט איינצובייסן די אַלטע סיסטעמען און פירונגען.

עס איז אויפגעקומען אַ נייע גענעראַציע פון שוין אין דאָרף געבוירענע זין. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן באַוווּסטזיניק זיך נישט געלאָזט מיטרייסן מיטן שטראָם אין שטאָט אַריין. זיי האָבן געוואָלט באַזעצן זיך אויף ערד, אַראָפּ פון קעסט פון עלטערן־טיש און אַליין פירן אַ ווירטשאַפט. דאָ האָבן זיי געדאַרפט פירן אַ דאָפּלטן שטרייט מיט דער „געזעלשאַפט”, וואָס האָט זיי נישט געוואָלט צוטיילן קיין באָדן אין דער זעלבער קאָלאָניע און מיט

עלטערן, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען דעם דראַנג פאַר אַן אייגענעם אויסלעבן זיך. דער אַלטער דור מיט זיינע פירונגען און שווערן פּוסטראָט האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די יונגע קענען בעסער פירן די ווירטשאַפט און אַז אויך אין דער קאָאָפּעראַטיווער לייטונג קומט זיי אַ וויכטיק אָרט.

אַזוי אַרום איז דער צוזאַמענפּאָר געשטאַנען אונטערן צייכן פון רע־וואָלט. די יונגע האָבן געזוכט אַן אָנשפּאַר ביי די דעלעגאַטן, וואָס האָבן געהאַט אַ שם אַלס קעמפער פאַר פאָרגעשריטענע אידעען און רעפאָרמען.

די יונגע האָבן אַרויסגעבראַכט אַ שווערע קריטיק, און די אַלטע האָבן געשטוינט. די יונגע האָבן געפאָדערט אַ גרויסע פאַרטרעטונג און אַפילו געוואָרפן די לאָזונג פאַר אַן אייגענעם אָרגאַניזם, וואָס זאָל אַרומ־נעמען אַלע גרופן אין די קאָלאָניעס. נייע קאָנפליקטן האָבן אויפגעטויכט און באַדראָט די איינִיקייט אין אַ צייט פון אַ גייסטיקן קריזיס און פון דע־זערציע אין שטאָט אַריין.

אַ קליינע גרופּע אַלטע טוער באַמיט זיך אַרויסצופירן די שיף פון די שטורמישע וואַסערן. צווישן דער גרופּע שיינט אַרויס די לייבן־פיגור פון דעם געקרוינטן פירער פון קאָאָפּעראַציע זינט די ערשטע טעג פון ידישן דאָרף. ער פאַרגלעט די קאָנטראַסטן און שטילט די געמיטער, אָבער ער פילט, אַז די ברענענדיקע פּראָבלעמען ווערן אויפגעגעסן דורך אינערציע און ירידה.

הערשל איז איצט געזעסן אין ביוראָ פון דער פעדעראַציע אויפן דריטן שטאָק, אונטן, אויף דער גאַס האָט געררוישט מיט פולער באַוועגונג, און דער עכאָ האָט, ווי אַ זשומען פון אַן אָנשלאָגנדיקן ים, געקלאַפּט אין שטילן ברעג. פון די דערבייִקע צימערן האָבן די שרייב־מאַשינקעס מאָנאָטאָן אויסגעקלאַפּט באַריכטן און חשבונות. נישט געקוקט, וואָס הערשל איז געווען טיף פאַרטאָן אינעם שמועס מיט די פאָר פירער פון דער אַג־ראַר־־באַוועגונג, האָט ער זיך דאָך נישט געקענט באַפרייען פון די פרעמדע ריחות און קולות פון דער גרויסשטאָט. הערשל איז געווען באַהערשט פון אָט די באַלעסטנדיקע געפילן, אַז ער האָט אַפילו אויף אַ מינוט אָפּגעווענדט דעם שמועס:

— פאַר וואָס לאָזן מיר זיך פאַנגען פון איבערגעטריבענער אורבאַ־ניזאַציע? אויב מיר וועלן ווייטער פאַרזעצן און קאָנצענטרירן אין שטאָט

די לייטונג, די ביוראָען, די צוזאַמענפּאַרן און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דער פירונג, אויב מיר וועלן דאָס אַרויספירן פון די קאָלאָניעס גופא — וועט דאָס צואיילן דעם פּראָצעס פון דערוויייטערן דעם קאָלאָניסט פון דעם פירנדיקן צענטער... צי מיינט איר נישט?

אַנטקעגן אים זענען געזעסן דריי בולטע פיגורן פון דער באַוועגונג; יעדער האָט זיין געשיכטע און זיין ביישטייער ביים פאַרעמען די געשטאַלט פון יידישן דאָרף. אַן אַגראַר־פירער מיט טרוימערישע אויגן, וואָס שוועבן ערגעץ איבערן עמיספער פון מענטשלעכע גלייכהייט און קאָאָפּעראַציע, לעבן אים — די ברונעטע פיגור פון אַ טרוקענעם בעל־עצה מיט ליטווישער חכמה, וואָס האָט שטענדיק געהאַט פאַר זיך דעם נאָענט־שוואַרצן באַאַר־בעטן באָדן פון דער ווירקלעכקייט; אין אַ ווינקל, כמעט ווי אָפּגעזונדערט און זייטיק, איז געזעסן אינעם לעדערנעם פאָטעל אַ הויכער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך באַמיט נישט צו פאַרלירן דעם מינדסטן אויסדרוק און באַוועגונג, וואָס קען דינען, ווי אַן אָנשפּאַר פאר זיינע באַמיִונגען, צו שאַפן די יוגנט־פעדעראַציע פון יידישע ערדאַרבעטער.

— איך מיין, אַז די הויפּט־דאגה אונדזערע איז, ווי אַזוי דער יידישער ערדאַרבעטער זאָל לעבן בכבוד, כדי די שטאָט זאָל אים נישט ציִען און כישופן — האָט דער פאָרזיצער צוגעשאָקלט מיט זיין גרוי־געוואָרענעם קאָפּ — שטייגער לעבן איז וויכטיק, אָבער די עקאָנאָמישע באַזע איז דער יסוד.

— דאָך... צוליב יעדער קלייניקייט דאַרף דער קאָלאָניסט זיך ווענדן אין שטאָט אַריין. עס זעט אויס, אַז ער איז צו פיל אָפּהענגיק פון דעם חסד... אַפילו קינדער, וואָס דאַרפן פאַרזעצן דאָס לערנען, מוזן אָנקומען צו דער שטאָט. פאַר וואָס זאָלן מיר נישט קלערן וועגן העכערע שולן אין די קאָלאָניעס גופא?

די פאַרזאַמלטע האָבן זיך איבערגעקוקט. אַזאַ מחשבה איז באמת ניי. אַלע האָבן דאָס אָבער אויפגענומען ווי אַ זאַך, וואָס איז ווייט פון דער ווירקלעכקייט.

— אָט דאָס ראָד וועלן מיר שוין אַוודאי נישט צוריקדרייען — דאָס פּנים פון דאָרן ברונעט האָט זיך פאַרצויגן אין קנייטשן — מיר באַדאַרפן זיין וואָך צו די טאָג־טעגלעכע ענינים. איר פאַרשטייט? נישט וויכטיק,

ווו די צענטראַלע האָט איר זיך־פּלאַץ, דער עיקר — זי דאַרף דערפילן אירע פונקציעס.

— און איך מיין, אַז מיר האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן געגוג מיט דעם פּראָבלעם פון דער פרוי אין דאָרף, ריכטיקער, מיט דער יונגער פרוי, מיט אונדזערע שוועסטער, מיט אונדזערע יונגע פרויען — האָט דער יונגער־מאַן געפינטלט מיט זיינע שוואַרצע אויגן — איר פאַרשטייט מיך? אויב די פרוי איז צופרידן, אויב די טאָכטער טראַכט פאַרצוזעצן מיט אָט דעם לעבן — איז פאַראַן האָפענונג. אָבער אויב נישט? אויב די אייגענע וועלן דאָ נישט בויען זייער נעסט, טאָ וועמען וועלן מיר נעמען? אימפּאָרטירן?

הערשל האָט מיט אַ שנעלן בליק באַטראַכט דעם יונגן־מאַן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אָנדייטונגען פון רבקהלען, איר רעדן וועגן די שטאָטישע גליקן... דאָס איז קענטיק דער נערוון־צענטער, ווו מען באַדאַרף זוכן די ענדגילטיקע לייזונג: די פרוי! אָן איר וועט דאָס דאָרף פאַרשווינדן.

אין אָט דער קליינער געזעלשאַפט זענען אַרויפגעבראַכט געוואָרן איניציאַטיווען, וואָס מ׳האָט ביז אַהער נישט דיסקוטירט אָפן אויף די קאָנגרעסן. עס האָט אויסגעזען, אַז דווקא דורך דער פּערספּעקטיוו פונעם ענגן קאַבינעט איז פאַראַן אַ לייזונג פאַר יעדער דערשיינונג. דאָ האָט מען לייכט געקענט אויסבויען אַגריקולטור־שולן פאַר קאָלאָניסטישע זין; דאָ האָט מען געקענט אויפשטעלן אַ קולטור־דעפּאַרטאַמענט. מען וועט אַראָפּברענגען רעדנער פון די שטעט, מען וועט קאָנטראַקטירן טעאַטער־טרופּעס, וואָס וועלן דורכרייזן די לענג אוןברייט פון די קאָלאָניעס, מען וועט פּרווון אָרגאַניזירן קאָלעקטיווע באַזוכן פון יוגנט צווישן די קאָלאָניעס, כדי צו שטאַרקן די אינערלעכע זיכערקייט, מען וועט דערמעגלעכן יענע כישופדיקע זאַכן, וואָס די שטאָט זאָגט צו... און אונטן האָט די גאַס עקשנות־דיק געררוישט און צוריקגעשלאָגן, מיט טרוקענע, אייזערנע קלעפּ, אַלע רייד וועגן לייזונגען און המשך — הערשלען האָט זיך געדוכט, אַז ער פאַרשטייט און כאַפּט אויף די שפּראַך פון גאַסן־רויש: זי וואָרנט און דערמאָנט, אַז מ׳האָט שוין וועגן עס איז און ערגעץ ווו געהערט און גערעדט אַזעלכע שיינע רייד. ווענט האָבן איינגעזאַפּט אויף אייביק דאָס, וואָס מיילער האָבן מיט פּאַטאָס און מיט אייפער געוואָרפן אין חלל פון זאַלן אויף צוזאַמענפאָרן. די גאַס האָט אָבער אַלעמען איבערגעשריגן און איבערגעגאָסן מיטן גאַנג, וואָס האָט נישט קיין אָפּהאַלט און קיין דאַמבע...

— דער עיקר, מיינע פריינד, נישט פאַרלירן דעם קאָנטאַקט צווישן אונדז — האָט דער גרויער מאַן מיט די ווייכע אויגן גערעדט צו אַלעמען און באַזונדערס געדריקט הערשלס האַנט — די דיסטאַנץ וועט פאַרשווינדן, ווען מיר וועלן זיין פאַרבונדן מיט צוזאַמענאַרבעט... יעדער איין זיין נאָרע. אָן דער זיכערקייט, אַז ער געהערט צו אַ גאַנצער עדה, איז פאַרלוירן אויף אייביק...

הערשל איז איינגעשטיגן אין דער ווינדע צוזאַמען מיטן הויכן יונגער־מאַן, וואָס האָט נאָר וואָס פונאַנדערגעוויקלט זיינע פלענער אויפצושטעלן אַ יוגנט־פעדעראַציע פון די קאָלאָניסטישע זין און טעכטער. אַ ביסל אומ־זיכער, אָבער מיטן אינערלעכן ברען פאַר אַ גערעכטער אידעע, האָט ער פאַרגעזעצט און פונאַנדערגעשפּרייט זיינע פלענער בעתן אויסשטייגן און זייער שפּאַנען אויף דער רוישנדיקער גאַס. זיינע רייד האָבן אין הערשלס אויערן געקלונגען ווי אַ קעגנשטויס דעם אייזנבעטאָן־פּאַרמעסט. דער יונ־גער־מאַן האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, וואָס עס קומט פאַר אַרום. ער האָט איינגעשלאָסן זיך שטאַרקע האַנט אין הערשלס אָרעם, ווי צו ציִען מער זיך אויפמערקזאַמקייט, און אים דערציילט וועגן זיינע פלענער אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלע יוגנט־אויסגאַבע אין יידיש און אין שפּאַניש, אָרגאַניזירן יוגנטלעכע אַגראַר־צענטערס אין די קאָלאָניעס און אַפילו באַוועגן די יונגע־לייט, וואָס האָבן פאַרלאָזן די קאָלאָניעס און דערוויַיל זיך נאָך נישט איינגעוואָרצלט אין דער שטאָט־ווירקלעכקייט, זיך צו אָר־גאַניזירן און מיט דער הילף פון שטאַטישן „קאָמיטעט פאַר אַגראַר־הילף" זיך צוריקקערן אין דאָרף אַריין.

— און וואָס איז בנוגע דער פאַרטייִשער צעריסנקייט אין די קאָ־לאָניעס? איר ווייסט דאָך אפשר בעסער פון מיר, אַז איינע פון די סיבות, וואָס האָבן געפירט צו דער ירידה פון דאָרף, איז דער ברודער־קאַמף אין אונדזער לעבן — לינקע און ציוניסטן...

— איך מאַך נישט צו די אויגן פאַר דער דערשיינונג — האָט דער יונגער־מאַן אים אַ רגע באַטראַכט און בעת־מעשה זיך אָפּגעשטעלט אין ראָג פון גאַס — אָבער די געמיינזאַמע סכנה וועט אפשר צוריקקערן דעם געזונטן פאַרשטאַנד.

— אשרי המאמינים — האָט הערשל אים צוגעוווּנטשן — לאָזט זיך

הערן, מיין פריינד. אויב איר האָט בדעה צו באַזוכן אונדזער קאָלאָניע, טאָ גיט צו וויסן אין צייט.

*

דער שוואַרצער אויטאָ האָט זיך געטראָגן איבערן אומגלייכן ברוקירטן שאָסיי, און צייטנוויז, ביים דורכקרייצן די וועגן, עטוואָס אונטערגעשפרונגען. אַבעלע האָט צוליב דעם אונטערשפּרינגען צורעכט געמאַכט די ברילן, וואָס זענען אַרומגעצוימט מיט גילדערנע ראַמען, און דערביי נישט אַרויסגעצויגן פון מויל דעם דיקן ציגאַר. ער האָט מיט פולער אויפמערקזאַמקייט געלענקט דאָס רעדל פון אויטאָ. די באַוועגונג אין די אָנהייב אָוונט־שעהען איז געווען אַ געדיכט־נערוועזע. מ׳האָט געדאַרפט אָנהאַלטן די גלייכגעוויכט, כדי אַרויסצומאַכן זיך פון די לאַנגע רייען פייפנדיקע אויטאָמאָבילן און פאַרצוזעצן דעם וועג מיט מער טעמפּאָ.

רייכל איז געזעסן לעבן אַבעלען מיט קענטיקער גאווה. זי האָט זיך איינגעהילט אינעם טונקל־גרינעם מאַנטל און פון איר געפּאַרבט־פּאַרפומירטן לענגלעכן געזיכט האָט געווייעט אַן אָנצײַענדיקער ריח. דאָס האָט אַ ביסל אָפּגעשלאָגן דעם איבל פון אַבעלעס ציגאַרן־רויך. הערשל איז געזעסן אויפן הינטערשטן ווייך־געבעטן פּלאַץ און אַרויסגעקוקט צו דער דורכלויפנדיקער גאַס. צייטנוויז האָט רייכל זיך אויסגעדרייט און אים צוגעוואָרפן אַ וואַרעמען שמייכל.

אין לעצטן מאָמענט האָט איר מאַן באַשלאָסן נישט מיטצופאָרן. דער שותף צו דער לעכער־שלייף־מאַשין האָט זיך נישט געפילט מיט אַלעמען און עס איז אַ שאָד געווען אָפּצושטעלן אין גאַנצן די מאַשין און נישט נאָכקומען די אָנגענומענע באַשטעלונגען.

זיי זענען שוין געווען אין די פאַרשטעטלעך און די מאַשין האָט פאַרשטאַרקט איר געלויף איבער דעם שטיינערנעם ברוק. הערשל האָט צוגעשמידט זיין בליק צום פענצטערל, און פאַר זיינע אויגן האָבן זיך געטורעמט גרופּעס הויכע געביידעס, וואָס האָבן זיך געגעבן די הענט דורך שוואַרצע געקרימטע רערן. זיי האָבן זיך געצויגן דורך עטלעכע הונדערט מעטער. הערשל האָט געקלערט: זענען דאָס פאַבריקן, אָדער אַן עלעקטרישע סטאַנציע? אַזאַ ריזן־אינסטאַלאַציע האָט ער אַ מאָל געזען אין אַ סאָוויעטישן פּראָפּאַגאַנדע־זשורנאַל, „דניעפּראָסטראָי״ — האָט ער אַראָפּגעלייענט דע־

מאָלט פון דעם בילד, וואָס האָט דערציילט וועגן די ריזיקע עלעקטראָטעכ־נישע דערגרייכונגען פון דער „פּיאַטילעטקע".

עס איז אים מיט אַ מאָל ווי קאַלט געוואָרן. וואָס וואָלט פון אים געווען ווען ער בלייבט אין די טעג פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד? וואָס טוט איצט שלום, זיין ברודער, וואָס איז געפאָרן פון דאַנען אין די ענטוזיאַסטישע יאָרן פון איבערוואַנדערונג קיין בירא־בידזשאַן? שוין לאַנג ווי מען באַקומט נישט קיין בריוו פון אים. אייגנטלעך, ווען ער שעמט זיך נישט, וואָלט ער געדאַרפט אַריינכאַפּן זיך אין דער ביוראָ פון דער געזעלשאַפט צו הילף די בירא־בידזשאַנער, און זיך נאָכפרעגן ווי אַזוי מען דערוויסט זיך עפּעס וועגן אים. אָבער שלום איז דאָך אַוועק־געפאָרן אָן צו געזעגענען זיך מיט אים... ער איז געוואָרן זיין אידעיִשער קעגנער. אַ מאָל האָט ער, שלום, אָנגעהויבן מיט רבקהלען, און געוואָלט מיט איר, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע, אָפּפאָרן קיין פּאַלעסטינע און גרינדן דאָרט אַ קאָמונע. דער דורכפאַל איז געקומען באַלד אין אָנהייב, און רבקהלע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון שלומס הענט גלייך אין זיינע. דעמאָלט האָט אויך דער „רויטער" צאָרן זיך אָנגעצונדן אין שלומס בלוטן...

די טורעמס זענען שוין פאַרביי און אַ שטעטל מיט ליכט־באַגאָסענע גאַסן האָט זיך אַנטקעגנגעטראָגן. אין הערשלס געמיט איז געבליבן אַ מין געדיכטער אָפּשטיין פון אַ שווערער שטימונג, וואָס דווקא איצט האָט ער דאָס נישט געוואָלט טראָגן מיט זיך ביי דער פאַמיליע־טרעפונג. אָבער קעגן זיין ווילן זענען אָנגעשווימען די זכרונות פונעם נעכטן. ער האָט פאַרלאָזן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָגנט נישט ווי אַ דעזערטיר, נאָר ווי איינער פון טויזנטער, וואָס זענען געצוווּנגען געווען צו פאַרלאָזן דעם צאַרן־לאַנד און אָנשלאָגן צו נייע ברעגן. צי ליגט אין דעם אַ חטא? דאָ זענען פאַראַן נייע און באַזונדערע לעבנס־שטייגערס, און אויב מען לעבט צווישן יידן, דאַרף מען אויך זיין געטריי דעם געמיינזאַמען גורל — צי קען מען סתם אַזוי אָפּלאָדירן אַ רעזשים, וואָס עקזיסטירט דאָרט אין באַזונדערע ספּעציעלע ראַמען? צי קען מען און מען מוז צושניידן אַלץ לויט איין מוסטער פאַר דער גאַנצער וועלט?

און דאָך פאַרפאָלגט אים דער בליק פון נאָענטע און ווייטע, וואָס וויל זיך דערגרונטעווען און דערגיין דעם סוד פון זיין אָפּנייג. צו וואָס איז

עס זיי אַזוי וויכטיק? ווי עס ווייזט אויס, איז יעדע נשמה־גריבלעניש ביי אַנדערע אַ מין פאַרענטפער פאַר אייגענע דורכפאַלן...

ווי לאַנג איז שוין, אַז ער האָט רוזשקעלען נישט געזען? נישט קיין סך מער ווי אַ יאָר. דאָך, ווען ער האָט זי דערזען אין דער פראָנט־טיר פון אַבעלעס וווינונג און זי איז אים אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס — האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט זיין „קליין" שוועסטערל שוין לאַנגע יאָרן נישט אָנגעקוקט. אפשר דערפאַר, ווייל איר אימפעטדיק אָנהענגען זיך אויף זיין קערפּער, איר פאַרוואַרפן דעם קופּער־האָריקן קאָפּ אויף זיין ברוסט און איר לאַנג העשען אָן טרערן, האָבן אין אים אויפגעוועקט אַ מין געפיל פון באַגעגענען און געזעגענען זיך אויף לאַנגע יאָרן. דאָך האָט אים געוווּנ־דערט רוזשקעלעס אויסברוך מיט אָן אַ שיעור פראַזן, אָפּגעריסענע און אָן לאָגישן צוזאַמענבונד, אָבער דאָך רירנדיקע.

— גוט, גוט, הערשעלע, וואָס דו ביסט געקומען; מיר זענען דאָך די וויניקע געבליבענע ביימער פון אַלטן וואַלד. נישט אַזוי? וואָס, דו גלייבסט נישט? גיב אַ קוק, וואָס עס איז פון אונדז געוואָרן! שטויב פאַר די ווינטן...

ער האָט געגלעט אירע לאַנגע האָר, וואָס זענען געווען צוזאַמענגענומען הינטערווײַלס אין „באַנאַנע"־סטיל, און ביים אָפּפּאַליען האָבן די קרויזן זיך געריגלט און געבעטן די פינגער־שפּיצן צו פאַרשפּילן זיך אין זייער גאָלדיקייט. אַ וואַרעמער שטראָם, מער פון איר אָנלען און קערפּערלעכער נאָענטקייט, ווי פון אירע רייד, האָט דורכגעריזלט זיין לייב. עס איז אים מאָדנע געווען צו פילן אין זיינע אָרעמס די פולע רייפע פרוי, אַנשטאָט די קליינע מיזינקע פון די פאַרגאַנגענע יאָרן — אַ קוועקזילבערדיק שפּיל־צייג אין דער משפחה.

— צי פאַרשטייסטו נישט, הערשל, וואָס איך מיין? גיב נאָר אַ קוק: ווו איז ערגעץ שלום, אונדזער ברודער? די מאַמע איז קראַנק און צע־בראָכן. און ווער איז מקנא מאירן מיט זיינע שטומע ציגער? און מירעלע — אָן אויסגעזויגענע לימענע, כמעט אָן אָוועקגעוואָרפענע... ווער זענען מיר געבליבן?...

— וואָס איז דאָס פאַרא דראַמאַטישער אויפטריט דווקא אין אַזאַ מאָ־מענט — האָט אַבעלע מיט אַ געמאַכטער בייזקייט זיך אַריינגעמישט. ער האָט לייכט פונאַנדערגעטיילט ברודער און שוועסטער, זיי באַזעצט ביים

רייך געלאָדענעם טיש און אַ ווונק געטאָן צו לערער זיגלער, וואָס איז גע־שטאַנען אַ ביסל פאַרלעגן און צעמישט, ער זאָל זיך לעבן זיי צוזעצן.

רוזשקעלע האָט אָפּגעווישט די נאַסע באַקן. די פאַרב האָט זיך אַ ביסל צעשמירט. זי האָט געפּרוווט אין איילעניש צורעכט מאַכן איר צעשויבערט־קייט, און דערביי זיך צעלאַכט, בעת אין אירע גרויסע אויגן האָבן נאָך די טרערן געפינקלט.

— עס קומט אַ מאָל אויס אַ שטאַרקן שפּיל צו טאָן... אַ שפּיל צו טאָן אין לעבן...

הערשל האָט זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן אין דער געשטאַלט פון אַבעלעס פרוי — אַדעלאַ. איר הויכע פיגור, די עטוואָס איינגעשאַרפטע קאָרבן ביי די מויל־ווינקעלעך און אירע גרינלעכע אויגן וואָס האָבן שטענדיק געלויכטן מיט אַ וויכן שמייכל, האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן צויבער. זי איז געווען פון די אַהערגעקומענע אין לאַנד פון די סוף צוואַנ־ציקער יאָרן. אויך אירע עלטערן האָבן געטראַכט צו באַזעצן זיך אין אַ צפונדיקער קאָלאָניע, אָבער דער קריזיס, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די וועלט און דאָס לאַנד האָט דעמאָלט פאַרטריבן אָן אַ שיעור קאָלאָניסטן פון זייער באָדן, און איר משפחה איז אַפילו ביז צום דאָרף נישט דערגאַנגען. אַדעלאַ האָט געאַרבעט אין איינע פון אַבעלעס וועש־וואַרשטאַטן און דאָרט האָט זיך דער שידוך צווישן זיי אויסגעפּיקט. אַבעלע האָט פאַרגעטערט זיין פרוי און זי האָט, בדרך הטבע, זיך נישט געקענט באַפרייען פונעם געפיל, אַז ערגעץ ווו איז ער געווען איר באַלעבאָס, און דאָס איז געקומען צום אויס־דרוק אין דער אָנווענזנדיקייט פון געסט...

אַבעלע האָט זיך באַמיט, ביים רייך געלאָדענעם טיש, אָפּצושאַפן יעדע מחיצה צווישן אים און די געסט. ביי יעדער פראַזע און ווענדונג האָט ער אָפּגעטעמפּט יענעם תקיפדיקן טאָן, מיט וועלכן ער איז געוווינט געווען צו דערשיינען צווישן זיינע אַרבעטער. דאָ האָט עס אַ ביסל שאָקירט, אָבער אויך געשמייכלט. דער לערער זיגלער האָט אַפילו טייל מאָל, ביים הייבן דעם כוס, זיך פאַרגונען אַריינצוואַרפן אַ חזק־טאָן, אַ וויץ, וועלכן אַבעלע האָט אויפגעכאַפּט מיט פולער שטיפערישקייט, ווי נישט אים מיינט מען דאָס.

ער האָט אָבער געזוכט און באַלד געפונען אַ געלעגנהייט פונאַנדער־צונעמען זיינע הענט אין אַ געדאַנקען־וועלט, וואָס ער האָט פאַר זיך אַליין

ממש מקדש געווען:

— די יידישע קאָלאָניעס — דאָס איז שוין נישט נאָר אַן עסק פאַר די קאָלאָניסטן אַליין. פאַרשטייט זיך, אַז מען מוז זאָרגן פאַר אַן אָנשטענדיקער עקזיסטענץ, אָבער דאָס איז די דאגה פאַרן גאַנצן ישוב. זעט נאָר, זעט, ווי עס צעוואַקסט זיך אונדזער שטאָטישער ישוב סיי דאָ און סיי אין אַלע פּראָווינץ־שטעט — צי קענען מיר דערשיינען כלפּי חוץ נאָר אַלס סוחרים, פּראָפעסיאָנאַלן און פאַבריקאַנטן? דאָס וועט אויף אונדז ברענגען אומגליק און חרפה!... דערפאַר מוז מען שאַפן אַ גרויסן פאָנד פון שטאָטישע יידן, וואָס זאָל קומען צו הילף די קאָלאָניסטן אין אַלע זייערע נויטן. דאָס איז אַ מאָראַלישע פליכט, פון וועלכער מיר וועלן זיך נישט אויסדרייען, און אויב יאָ, וועט עס פאַלן ווי אַ קללה אויף אונדז אַליין. אין דער ערשטער ריי דאַרפן מיר, די „געוועזענע", זיין די איניציאַ־טאָרן. איר זעגט דאָך פליש פון אונדזער לייב...

הערשל האָט זיך צוגעהערט צו די לאָגישע אויספירן פון זיין שוואָגער. דאָס זענען רייד מיט טעם. אָבער דער פאַקט, וואָס זיי זענען אַרויס פונעם מויל פון אַ „געוועזענעם", האָט אין אים דערוועקט אַ ווידערווילן.

— און אַז מען וועט דיך פרעגן: אַבעלע, פאַר וואָס ביסט דו אַליין אַנטלאָפן פונעם פּראָנט, וואָס דאַרף באַשיינען דעם שטאָטישן ישוב? וואָס וועסטו דעמאָלט ענטפערן?

— אַזעלכע שאלות פרעגט מען היינט נישט — האָט אַבעלע האַסטיק געענטפערט און דערביי אָנגעצונדן אַ דיקן ציגאַר — צי זענען דען אַלע אַרבעטער־פירער — אַרבעטער ממש? צי צעטיילן די אַזוי גערופענע קאָמו־ניסטן זייער האָב און פאַרמעגן צווישן די אייגענע קבצנים? און... דו ווייסט דאָך אַליין, מיין טייערער שוואָגער, נישט אַלע זין און טעכטער האָבן די פיזישע מעגלעכקייט צו בלייבן אין דאָרף. דו קענסט דאָך גוט די סיבות. צי וועלן אַלע זיצן ביים טאַטנס טיש? און די „גוזעלשאַפט", — צי איז זי גרייט צו העלפן אַלע קינדער זיך צו קאָלאָניזירן? פאַר דעם דאַרפן מיר, די שטאָטישע יידן, זאָרגן. נישט ריכטיק?

הערשל האָט נישט באַלד געענטפערט. אַבעלע האָט זיך אין דער דיסקוסיע באַנוצט מיט אַרגומענטן, וואָס האָבן טיפע וואָרצלען אין דער ווירקלעכקייט. צי קען מען, סתם אַזוי, אָפּשלאָגן זיינע טענות מיט שאַבלאָנע באַגריפן? דאָך ווייסט ער, הערשל, אַז וואָס שייך די קאָלאָניסטישע פירער,

האָט ער נישט קיין רעכט זיי צו באַליידיקן. די מערסטע פון זיי, אַפילו די גוט־איינגעפונדעוועטע, לעבן פון ערדאַרבעט. אַפילו דער וואָרטזאָגער פון די יידישע פּויערים לעבט אַליין אין זיין באַשיידענער הייזקע און אין די שווערע קריזיס־יאָרן האָט ער גלייך מיט אַלעמען זיך באַנוגנט מיט דער צוגעטיילטער פּאָרציע מעל, כדי צו שטילן דעם הונגער פון זיין הויזגעזינד. מען האָט אים דעמאָלט אָפּט געזען שפּאַנען די סולקי מיטן איינגעדאַרטן פערדל און פאָרן אין שטעטל אַנצולאָדן דאָס ראַציאָנירטע זעקל מעל, כדי אויסצובאַקן אין אייגענעם אויוון דאָס געגאַרטע ברויט...

„אַזעלכע זענען אונדזערע ברידער" — האָט הערשל געוואָלט אַרויס־ברענגען אויפן קול. אין אָט דעם מאָמענט האָט שוין אַבעלע אָפּגעווענדט דעם שמועס אין אַ זייטיקער ריכטונג, אָבער אויף דער זעלבער טעמע:

— מיר דאַרפן, הערשל, שטרעבן צו דעם, אַז דאָס ברויט, וואָס די שטאָטישע יידן עסן טאָגטעגלעך, די מילך, וואָס די קינדער און עלטערן טרינקען, און דאָס פליש, וואָס ווערט צוגעטראָגן צום טיש פון שטאָטישן ייד — זאָל פּראָדוצירט ווערן דורך יידישע פּויערים. צי שטעלט איר זיך פאָר אַזאַ מין וווּנדער? — האָט אַבעלע כמעט מיט נצחון־פרייד אויסגע־שריגן.

— דאָס וואָלט באמת געווען אַ גרויס געווינס — האָט דער לערער זיגלער מיט אַ געמאָכטער ערנסטקייט צוגעגעבן — מען דאַרף אָבער בודק זיין אויב די יידישע קאָלאָניסטן וועלן אַזאַ באַשטעלונג אייערע אויפנעמען. און דער עיקר — אויב צוליב דעם אַליין וועלן זיי איינוויליקן צו זיצן אין די פאַרוואָרפנסטע לעכער, אָן קולטור־שפּייז און אָן צו דערציִען זייערע קינדער — ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן.

דאָס פּראָבלעם פון דערציִונג איז ביי זיגלערן געשטאַנען אין צענטער פון אַלע זיינע שמועסן און ער האָט נישט פאַרלוירן קיין איין געלעגנהייט נישט אָנצווייזן אויף דעם קלאָגנדיקן מצב פון דער יידישער דערציִונג אין לאַנד.

ער איז געווען פון די אַקטיווסטע חינוך־טוער, און זינט ער האָט פאַרלאָזן דעם פּאָסטן אין קאָלאָניע, און נאָך זיין חתונה מיט רוזשקעלען, האָט ער זיך באַזעצט אין דער הויפּטשטאָט און געווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע צו ענדערן דעם סטאַטוס פון יידישן לערער, די פּאָזיציע פון דערציִונג אין דער געזעלשאַפט.

ער איז צוליב דעם געוואָרן אַקטיוו אין אַ ציוניסטיש־פּראָגרעסיווער פּאַרטיי און פון דאָרט אָנגעהויבן זיין קאַמף קעגן אָנגענומענע אַלטע באַ־גריפן. די מלחמה איז געווען אַ פאַרצויגענע, אָבער לאַנגזאַם האָט זי גע־בראַכט רעזולטאַטן. באַלד נאָך זיין אַריינמישן זיך אינעם שמועס, האָט ער געפונען אַ ריכטיקן אָנשפּאַר פאַר זיינע רייד:

— מיר האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן דעם הויפּט־אָביעקט אין אָט דער מערכה: דאָס יידישע קינד. ווער רעכנט זיך מיט זיין חלק? אַ האַלבן טאָג לערנט ער אין רעגירונגס־שולעס, ווו די איינריכטונגען זענען קאָרעקט און די דיסציפּלין איז אָפּגעהיט. ער האָט דאָרט אַ ברייטן שטח פאַר שפּילערייען און די לערער זענען צוגעפּאַסט פאַר זייער אויפגאַבע. און ביי אונדז? זייטיקע צימערלעך לעבן די שילן, אָדער קעלערס אונטער די שיינע טעמפּלען, נישט אויטאָריזירטע און נישט געענדיקטע לערער, און יעדער איינער מיט זיין שיטה אָדער לויט דעם קאַפּריז פון דעם שולע־פּרעזידענט. דאָס יידישע קינד פילט באַלד די דיפערענץ צווישןביידע שולעס. ער זעט, אַז די גויישע קינדער האָבן פאַר זיך אַ האַלבן טאָג פריי, און ער דאַרף אָט די טייערע פריהייט אויסבייטן אויף אַ פינצטערן צימער מיט אַ לערער, וואָס פאַרשטייט נישט זיין גייסט און וואָס לערנט אים זאַכן, וואָס זענען אים פרעמד און ער שעמט זיך מיט זיי אויף דער גאַס. דערפאַר לערנען זייער וויניק יידישע קינדער אין אָט די שולעס, און נאָר אין וואַקאַציע־צייט, ווען אַלע קינדער געניסן פון זון און שפּילערייען, שיקן די עלטערן די יידישע קינדער אין שולע, כדי צו קענען אַ צורת אות. וואָס קומט פון דעם אַרויס? איין לערער דאַרף זיך מטפּל זיין מיט פופציק קינדער מיט אַ מאָל, אַזעלכע וואָס האָבן שוין עפּעס געלערנט און אַזעלכע וואָס זענען קיילעכדיקע עמי־הארצים — וואָס פאַרא באַציִונג קען שוין האָבן דאָס יידישע קינד צו אַזאַ שולע?

— דאָס אַלץ איז ריכטיק — האָט אַבעלע צוגעגעבן — אָבער מיר וועלן נישט לייזן די פּראָבלעמען מיט באַבסקע רפואות און קאַלטע קאָמ־פּרעסן — איין זאַך איז אָפּהענגיק פון דער צווייטער און מיטן אָנכאַפּן נאָר איין עק פון שטעקן וועט די גאולה נישט קומען.

— טאָ וואָס מיינסטו? — האָט הערשל זיך פאַראינטערעסירט.

— אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל זאָרגן פאַר אַן איינהייטלע־כער נעץ פון שולן, מיט אַ געמיינזאַמען פּראָגראַם, אַפילו ווען דאָ און

דאָרט זענען פאַראַן אונטערשײדן. אָבער דאָס איז נאָך נישט אין גאַנצן; מען מוז זען, אַז דער ײדישער לערער זאָל האָבן אַן אָנשטענדיקן געהאַלט און זיך קענען רויִק אָפּגעבן מיט זײן אויפגאַבע. הײנט װײל יעדער לערער פּאַרוואַרפן זײן פּראָפעסיע און זיך נעמען צו אַנדערע באַשעפטיקונגען. װוּ װעלן מיר אָנשפּאַרן אין אַ פּאָר יאָר אַרום? מיר דאַרפן אינטעליגענטע לערער, שרײבער, אַרטיסטן און פּויערים...

דורך דער גאַנצער צײט פון דעם שמועס איז רײכל געזעסן אַ שװײגנ־דיקע, אָן צו נעמען אָנטײל אין אים. נישט דערפאַר, װײל זי איז דאָ אַלײן בײם טיש, אָן איר מאַן, נישט דאָס האָט איר געמאַכט אומבאַקװעם, נאָר דער פאַקט, װאָס זי איז נישט קײן לעבעדיקער פאַראינטערעסירטער טײל, װאָס דער שמועס באַציט זיך נישט צו איר. קײן שום פּאַדעם, אויסער דעם, װאָס כמעט אַלע זענען „געװעזענע" דאָרפסלײט, האָט איר נישט געבונדן מיט דער טעמע. הערשל איז דאָ די אַקס, אַרום װעלכער דער אָונט דרײט זיך. אַבעלע איז דער אַרכיטעקט פון די צוקונפט־פּראָיעקטן און גרויסצוגיקע חלומות. דער אינטעליגענט זיגלער האָט דאָ פּאַרגע־שטעלט אַ װײטיקלעכן מאָמענט פון שולװעזן, רוזשקעלע — פון דער בינע אַראָפּ האָט זי אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט טױזנטער צוקוקער. און זי, רײכל? צי װעט זי פאַרענדיקן דעם אָונט מיט אַ לעבלעכן צושאָקלען מיט איר נעט צוגעקעמטן קאָפּ אויף יעדער מײנונג, און דאָס גאָר?

און װען אַלע האָבן זיך מיט ברען אַרײנגעטאָן אין דער דעבאַטע, האָט זי פּלוצלינג אַרײנגעקײקלט אַ שטײן אויפן װעג פון דער דיסקוסיע:

— איר האָט אַלע פאַרגעסן, מײנע טײערע, יאָ, איר האָט פּשוט פאַר־געסן, אַז מיר זענען צעטײלט אין צװײ לאַגערן — „לינקע" און „רעכטע". װעגן די אַלע פּראָבלעמען, װאָס איר באַהאַנדלט, האָבן אויך די לינקע זײער צוגאַנג און אַפילו אויך פּאָזיציעס. שולעס? אויך די לינקע האָבן זײער שולנעץ. צײטונגען? זײ פאַרפלײצן די גאַס מיט זײער פּראָפּאַגאַנדע. טעאַ־טער? — אָט בויען זײ אַלײן אַן אײגענעם טעאַטער־בנין. שרײבער־פאַר־אײן? זײ האָבן זיך אָפּגעריסן און געמאַכט שבת פאַר זיך... אַפילו קעגן היטלערן װילן זײ קעמפן באַזונדער, פּונקט װי דער נאַציזם װאָלט דאָ געמאַכט אַן אונטערשײד צװישן „רעכטע" און „לינקע" ײדן. איר פאַרגעסט אויך, אַז דאָ רעדט מען נישט װעגן עפּעס אַ קלײנער פראַקציע. דאָס איז אַ גרויסע באַװעגונג, מיט װעלכער מיר מוזן זיך רעכענען. אַפילו די קהילה

איז כמעט אין זייערע הענט. און — זאָל הערשל אַליין זאָגן — דאָרט, ביי אייך, צי איז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג נישט צעריסן אויף צווֹיי פּראַקציעס ?

זי האָט זיך געווענדט צו הערשלען מיט אַ טאָן פון אויפפאָדערונג און אויף דעם האָט ער איר באַלד געענטפערט :

— ריכטיק, רייכל, זייער ריכטיק. אָבער דווקא ביי אונדז איז ווי עס איז פאַראַן אַ געמיינזאַמע שפּראַך. עס קען זיין דערפאַר, ווייל אונדזער גורל איז ענג געקניפּט און געבונדן און דער אינסטינקט פאַרן קיום איז דאָ גובר יעדער שפּאַלטונג. איך מיין, אַז דער קריזיס אין די באַציִונגען צווישן רעכטס און לינקס ביי אונדז איז שוין פאַרביי. עס איז איצט אַ פראַגע פון צוגאַנג און סיסטעם, צווישן אַלט און יונג...

— און דאָך מיין איך, אַז רייכל איז גערעכט — האָט דער לערער זיגלער מיט אַ דאַנקבאַרן בליק, אַ ביסל איבערראַשט, זי באַטראַכט — מיר זענען געבונדן און געקייטלט צום סלע־המחלוקת. יעדע געבענטשטע איניציאַטיוו וועט זיך צעשטויסן צוליב דער צעריסנקייט פון אונדזער געזעלשאַפט.

— דאָס איז בלויז אַן עפּיזאָד — האָט אַבעלע נישט נאָכגעגעבן — אויב מיר וועלן נאָכגעבן און צוריקטרעטן — וועט אונדז די געשיכטע נישט מוחל זיין. אָבער איך האָב דאָס געפיל, אַז אין אָט דעם ווינקל פון דער גרויסער וועלט זענען באַשטימט פאַרן יידישן ישוב גרויסע אויפטוען. ווו נאָך, אויסער ארץ־ישראל, קומט פאַר אַזאַ דינאַמישער פּראָצעס פון איבערשיכטן און איבערבויען ?

— און רוסלאַנד ? און ווו איז ביראָ־בידזשאַן ? — האָט אַבעלעס פרוי אַ פינקל געטאָן מיט אירע שיינע גרויסע אויגן.

— אויך דאָרט. אָבער מיט דעם אונטערשיד : סיי דאָ און סיי אין ארץ־ישראל איז דאָס ווערק אַרויסגעוואַקסן פון אייגענער מיט, פון אייגע־נעם ווילן. דאָרט, אין סאָוועט־רוסלאַנד שטייען די אונטערנעמונגען אונ־טערן צוואַנג פון דער מלוכה. אָדער איר גייט ווו מיר שיקן און דאַרפן אייך, אָדער איר שטייט פאַר דער ברירה פון אומקום. און אויב מען שטייט פאַרן ווילן פון „אויבן" — וואָס ווייסן מיר ווי וועט אָט דער ווילן זיך אויס־וויקלען מאָרגן ? איר פאַרשטייט דעם אונטערשיד ?

אין די שפּעטע נאָכט־שעהען האָט אַ מידקייט זיך צעלייגט איבערן אָנגערייכערטן צימער און אַ געגעץ האָט גענומען וואַנדערן פון מויל צו

מויל. דער ווײַן איז זיך צעגאַנגען איבער די קערפּערס און לאַנגזאַם צו־געשלאָסן די אויגן־לעפּלעך.

בײַם געזעגענען זיך, נאָך דעם ווי זיי זענען אַ היפּשע שטרעקע געפאָרן צוזאַמען אין אַבעלעס אויטאָ, האָט רוזשקעלע ווידער זיך אָנגעהאַנגען אין הערשלס קרעפּטיקן קערפּער און זיך ביטער צעוויינט. פון איר וואַרעמקייט האָט הערשל דערפילט דאָס אומקערן זיך פון יענע טעג ווען בײַדע מיידע־לעך, רוזשקעלע און מירעלע, פלעגן זיך אָנלענען אין אים און אַרויפקוקן צו אים, ווי צו אַ שיצער, און מאָנען פון אים ער זאָל דערציילן וועגן זײַנע קינדער־יאָרן. דאָס זענען געווען די אָנהייב יאָרן אין פעלד, און ווײַט איז נאָך געווען דער וועגן־לאַבירינט, אויף וועלכן יעדער איינער איז אַרויס־געשטויסן געוואָרן פון דער קליינער כאַטע. דאָס ברייטע פעלד האָט ערשט באַוויזן אײַנצוזאַפּן די דעמאָלטדיקע פאָלקסלידער, וואָס רוזשקעלע האָט אַזוי שיין אויסגעזונגען. איצט האָט ער געגלעט אירע שיין־פאַרקעמטע האָר, געקושט איר קאַלטן שטערן און אַ ביסל פאַרלאָרן געשמייכלט צום לערער זיגלער, וואָס האָט פאַרצויגן דעם רויך פון ציגאַרעטל.

*

די לאַנגע באַן איז אַרויס פונעם וואָקזאַל און געלאָזן הינטער זיך אַ ים פון פינקלדיקע ליכטער פון דער גרויסשטאָט. דער אָוונט האָט זיך ווידער אײַנגעהילט אין לויפנדיקע שאָטנס, וואָס האָבן באַגלייט די פּאַסאַ־זשירן און אַרײַנגעבליקט דורך די באַלויכטענע שייבעלעך. לאַנגזאַם האָבן די וואַגאָנען זיך אַרויסגעשיילט פון דעם שפּיל פון ליכט און פינצטערניש בײַם דורכקרײַצן פאַרשטעטלעך און בריקן. איצט איז זי פריי געווען צו שניידן די פינצטערע פלאַכע פעלדער מיט אַ שאַרפן פייף און מיט צוויי גרויסע ליכט־לאַמטערנעס. פּאַסאַזשירן האָבן אויפגעבונדן די פּעקלעך, צעלייגט די קאָלדרעס איבער האַרטע בענק, אײַנגעביסן דעם טרוקענעם אָיונטברויט, פאַרטרונקען מיט רויטן ביליקן ווײַן, און ווער עס האָט נישט צוגעמאַכט די אויגן אין טאַקט פון קלאַפּנדיקע רעדער, האָט זיך פאַראיי־ניקט צו אַנדערע פּאַסאַזשירן און איבערגעזיפּט די לאַנגע נאַכט־שעהען אין קאָרטן־שפּיל.

הערשל איז געזעסן אָנגעלענט אינעם האַרטן אָנשפּאַר און דורך לאַנגע שעהען נישט צוגעמאַכט קיין אויג. נישט דאָס קלאַפּן פון די רעדער,

נישט דער געדיכטער רויך אינעם חלל פון יואַגאָן און נישט די הויכע רייד פון די קאָרטנשפּילער האָבן אים געשטערט צו כאַפּן אַ דרימל. ער איז איצט געווען פאַרטאָן אין ווייטע און צעשוווּמענע בילדער פון נאָענטע און ווייטע איבערלעבונגען. זיי האָבן אייגנטלעך נישט געהאַט קיין לאָגישע פאַרבינדונג, אָבער אַרויסגעוואַקסענע פון אַ שטאַרקן אומרו, האָבן זיי גע־טריבן דעם שלאָף פון די אויגן.

מער פון אַלץ האָט אָבער אָנגעריירט זיין אויער דאָס אומגעצוימטע כליפּען פון זיין שוועסטער רוזשקעלע. ער האָט פון אַמאָל אָפט געהערט איר קינדערשן פּיעשטשען זיך און אירע געוויין־אויסברוכן. זי האָט גע־ווּסט דעם כוח פון אָט די מיטלען אַרויסצובאַקומען אַלץ וואָס איר האַרץ גלוסט. די קליינע רוזשקעלע, דאָס רירעוודיקע קוועקזילבער פון דער משפּחה. און איצט? איצט איז זי אַן אַנטוויקלטע פרוי, מיט שיינע געזיכט־קאָנטורן און מיט אַן אַרטיסטישן געשטעל — פאַר וואָס איז זי זיך פו־נאַנדערגעגאַנגען אין אַזאַ העשען? וואָס האָט זי באַוועגט צו ווערן אַזוי ווייך און פריי לאָזן אירע טרערן? האָט זי עפּעס אַ פאַרגעפיל?

כדי זיך אַרויסצומאַכן פון אָט דעם געפיל האָט ער זיך אָפּט צוריקגע־קערט און געפּרוּווט פונאַנדערנעמען די געדאַנקען־וועלט פון זיין שוואָגער, פון אַבעלען. ער האָט, אָן צווייפל, אַ שפּאַן גוטאָן פאַרויס. אין זיין אויפגע־בלאָזענעם אינטעלעקט זענען דאָך פאַראַן, צוזאַמען מיטן דראַנג נאָך אַמ־ביציעס, לאָגישע מחשבות. אויב אַפילו אייניקע געדאַנקען גרענעצן זיך מיט אוטאָפּיע, איז אָבער זיין ווילן עפּעס צו טאָן, אַ מליץ־יושר. געוואַגטקייט איז אָפּט דער אָנהייב פון מעשים. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס צווישן די „געוועזענע״, וואָס קענען אים נאָך פון די אַמאָליקע קאָלאָניע־יאָרן, און אויך די שפּעטערדיקע באַקאַנטע, באַציט מען זיך צו אים מיט חוזק. מען האַלט אים פאַר אַ כבוד־זוכער און עקספּלואַטאַטאָר. אויב עס וועט אים געלינגען, אַבעלען, אויסצוברייטערן דעם קרייז פון זיינע באַקאַנטע, דע־מאָלט וועט ער אָנשלאָגן צו אָפענע אויערן...

רגעסווייז בינדט ער אָן, הערשל, אָן אַ לאָגישן סדר, אַלץ, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען און אָנגעהערט בעת זיין פאַרברענגען אין שטאָט. ווײַלעווייז האָט ער זיך געשטעלט אַ דראַסטישע פראַגע: צי וואָלט ער זיך צוגעפּאַסט צו אָט דעם ריטעם פון לעבן און זיך באַנוגנט מיט אַ הימל־פּאַס איבערן קאָפּ און צוגעטיילטע געציילטע מעטערס ווו צו טרעטן? באַלד האָבן אַנדערע

בילדער און אָפּגעריסענע סצענעס אים איבערגעגאָסן און אָפילו פּאַרמאַ־
טערט. אָט מאַכט ער צו די אויגן אויף אַ רגע, ער הערט נאָר דאָס קלאַפּן
פון די רעדער, און באַלד אַ פויזע. דעמאָלט הערט ער דאָס קלאַפּן פון זיין
אייגן האַרץ אָדער שליף, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אין דעם האַרטן הילצער־
נעם אָנלען. מאַכט ער צו די אויגן, דעמאָלט הילכט אָפּ דער ריטעם פון
די רעדער־קלעפּ, ווי דער עכאָ פון נישט קלאָרע געשעענישן. אָט איז, דאַכט
זיך, דאָס קלאַפּן פון דער בינד־מאַשין, וואָס האָט צוריק מיט יאָרן אויס־
געבונדן די סנאָפּעס און אויסגעקלאַפּט איינטאָניק דעם קנופּ פאַרן סימעט־
רישן אַרויסשליידערן אים צום באָדן. אָט הילכט אָפּ אין זיין מוח דאָס
טעמפּע און אימהדיקע טראַסקען פון ווייטן מאַשין־געוויער — פון וואַנען?
דאָס איז געווען אין די טעג פון דער „טראַגישער וואָך". נאָך זייענדיק
אַ „גרינער" האָט ער דעמאָלט באַזוכט די שטאָט, כדי אַראָפּצונעמען בייע
אימיגראַנטן, וואָס וועלן אפשר גרייט זיין צו פאָרן אין דאָרף אַריין. דעמאָלט
האָבן זיך צעהוליעט די בייזע ווינטן. פּאָליציי האָט צעטריבן און צעשאָסן
שטרייקנדיקע אַרבעטער און יידישע ביבליאָטעקן זענען פאַרברענט געוואָרן
אונטערן אויסרייד, אַז זיי זענען נעסטן פאַר קאָמוניסטישער אַגיטאַציע.
ער איז דעמאָלט ווי אַריינגעכאַפּט געוואָרן צווישן די פייערן פון צוויי
לאַגערס. נאָר אַ דאַנק אַ בלאָנדזשענדיקער גאַסנפּרוי, וואָס האָט אַליין
געפלאַטערט פון שרעק, האָט ער זיך אַרויסגעמאַכט פון געדראַנג, פון
צעיושעטע פערד און שיסערייען. זי האָט זיך אָנגעהאָנגען אויף אים און
געאָרעמט זיך אַדורכגעריסן די פייער־קייט... פאַר וואָס האָט ער זיך איצט
דערמאָנט דעם געוויש פון מאַשין־געוויער? פאַר וואָס נישט פאַרגלייכן
דאָס איינטאָניקע רעדער־קלאַפּן מיט דעם ריטעם פון דער לעכער־שליף־
מאַשין, דאָרט אין הויף, וווּ ער איז איינגעשטאַנען, ביי רייכלען? איצט
זיצט איר מאַן, דער פליכעוואָטער און אומדערמידלעכער פאַרדינער, ביים
לעמפּל, וואָס איז פאַרדעקט מיטן געוואַנט־שטויב, און קלאַפּט אַרויס אַ
סענט צו אַ סענט. און רייכל ליגט אויף איר געלעגער און טראַכט זיכער
וועגן די הוצאות, וואָס וועלן וואַקסן מיטן קינד, וואָס וועט געבוירן ווערן.
פאַר וואָס דווקא וועגן קינד? אפשר טראַכט זי גאָר וועגן די יונגע יאָרן אין
קאָלאָניע? ער האָט אויפגעוועקט אין איר שוין פאַרגעסענע איבערלעבונ־
גען. ער איז זיכער אין דעם. איר צעטראָגנקייט פאַר זיין געזעגענען זיך
האָט עס קלאָר אויסגעזאָגט. די שיינע אויגן האָבן פייכט געפינקלט.

װען ער איז געפֿאָרן אַהער, צוריק מיט אַ װאָך, האָט ער די נאַכט פֿאַרבראַכט אין לײענען און אין טיפֿן געזונטן שלאָף. איצט, בײם צוריק־קערן זיך, האָט ער נישט קײן געדולד צו לײענען. דער שלאָף פֿאַרשװינדט פֿון זײנע אױגן, װי די טיפֿע שװאַרצע נאַכט, װאָס לױפֿט פֿאַרבײ דער לױכטנדיקער באַן.

דער טיפֿער ים פֿון שאָטנס איבער פֿלאַכע פֿעלדער האָט אים גע־בראַגן אַהײם. דאָרט אָטעמט רבקהלע אױף איר װײכן געלעגער און װאַרט אױף אים. און זײן דוד? צי װעט זיך פֿוסטראָט נאָכגײן דעם זײדן און דעם טאַטן?... פֿאַר װאָס האָט רװשקעלע אַזױ ביטער געװײנט?...

## אַכטער קאַפּיטל

# די ערד איז נאָכגעביק...

אַ יאָר פון שווערער טריקעניש האָט זיך צעלייגט איבער דער סביבה. די פּנימער פון די פּויערים האָבן אויסגעזען ווי די טרוקענע גרויע פעלדער און די אָנגעדראָלענע שטויב־וואָלקנס, וואָס פלעגן פאַרנאַכט־צו זיך אָנרוקן מיט שווערע שרעקנדיקע לאַפּעס. די וועגן זענען כמעט געווען ליידיק פון וועגענער. יעדער באַריר פון פערדישע קאָפּיטעס און פון רעדער האָט אויפגעהויבן הויפנס שטויב, געטראָגן זיי איבער די פאַרדאַרטע פעלדער. איבער די ברייטע גאַסן פון שטעטל האָט מען אין די פאַרנאַכט־שעהען דורכגעפירט אַ וואַסער־טאַנק און באַשפּריצט דעם באָדן, כדי מען זאָל קענען אַרויס פון די הייזער און עפּעס איינקויפן. ווייניק סולקיס און וועגענער זענען געווען אַרום די קלייטן, און דאָס ביסל קאָלאָניסטן, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזן אין אָט די טרויעריקע טעג, אין די מאָנטיקן און דאָנערשטיקן, האָבן עס געטאָן פון געוווינהייט און אָן שום נויט עפּעס איינצוקויפן. קרעדיטן זענען געשניטן געוואָרן און אויף באָרג האָבן אַפילו די פּריוואַטע סוחרים אויפגעהערט צו געבן. שטענדיק זענען זיי פאַראינטערעסירט צו פאַרלויפן דעם וועג דעם קאָאָפּעראַטיוו, און נאָך איידער די תבואה גייט אויף אין פעלד, זענען זיי גרייט אָנטקעגנצוטראָגן פון אַלעם בעסטן דעם קאָלאָניסט, בתנאי ער זאָל זיך פאַרפליכטן זיי אַריינצופירן די תבואה. מיטן דערנענטערן זיך צו דער „קאָסעטשע״ (שניט), ווען די זאַנגען צעוויגן זיך מיט אַ פולער האָפענונג, ווערן די אָפּערטעס גרעסער, און דאָס האַרץ פון די קלייטניקעס — ברייטער. ליידיקע זעק, בלעכן נאַפט, „פּיעסעס״ (מאַשי־נען־חלקים) — אַלץ שטייט צו דער דיספּאָזיציע פונעם קאָלאָניסט. ער דאַרף נאָר לייגן זיין אונטערשריפט אונטערן קאָנטראַקט, וואָס מען טראָגט אים צו מיט פולער פריינדלעכקייט.



היינטיקס יאָר האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס ביסל פּייכטקייט פונעם באָדן, און צוזאַמען מיט דעם — אויך די פריינדלעכקייט פון די סוחרים. די ערד האָט געלעכצט נאָך דעם רעגן, וואָס איז נישט געקומען, די קאָלאָ־ניסטן האָבן זיך אַרומגעדרייט, געזוכט אַן אויסלייזונג אין יעדן וואָלקנדל, און מיט יעדן אויסגעלייטערטן אָוונט איז אַוועק אַ שטיק פון דער לעצטער האָפענונג.

אין אָט די טעג האָט זיך פון דאָס ניי צעפלאַקערט די מחלוקת צווישן די יידישע פויערים און דער „געזעלשאַפט". די רעגירונגס־באַנק האָט באַ־שטימט צו געבן מאָגערע הלוואות פאַר די קאָלאָניסטן אויף דורכשטופּן די ביטערע צייט, קויפן אַ זעקל מעל, אַ קעסטל צוקער און אַ קילאָ זשערווא צו דער ביטערער מאַטע. די באַנק האָט אָבער געוואָלט, אַז די „געזעלשאַפט" זאָל געבן אַ גאַראַנטיע פאַר די געליִענע סומעס. דאָס האָט געמיינט, אַז די קאָלאָניסטן זאָלן אויף אַ יאָר אָדער מער מוותר זיין אויף די אייגנטום־סערטיפיקאַטן אויפן באָדן, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים באַקומען נאָך אַ סך יאָרן פון איינצאָלן „אַרענדאַמיענטאָ" (אַרענדע־אָפּ־צאָל). יעדער פויער האָט מיט אַזוי פיל דערוואַרטונג אויסגעקוקט דעם טאָג ווען די „פּראָמעסאַ דע ווענטאַ" (קויפשיין) וועט וואַרעמען דאָס האַרץ. דער פאַרוואַלטער פון דער „געזעלשאַפט", אין קעגנזאַץ פון די פריִערדיקע „אויסגעדינטע קאָלאָנעלן", וואָס האָבן שוין באַוויזן צו פאַראייביקן זייערע נעמען אין די קאָלאָניעס, האָט געהערט צו דער מער יינגערער גוואַרדיע. אינזשעניר פּערל האָט נאָך נישט באַוויזן אויפצורייסן די מחיצה צווישן דער עקשנות פון דער „געזעלשאַפט" און צווישן די שטענדיקע קאָלאָניס־טישע פאָדערונגען. ער האָט ערנסט גענומען זיין פליכט און האָט אַפילו שלום געמאַכט מיט דער עקזיסטענץ פונעם קאָאָפּעראַטיוו ווי אַ לעגיטימען פאָרשטייער פון די קאָלאָניסטן, אָבער ער האָט זיך באַצויגן מיט פאַרדאַכט צו זייער קאַמף אַרויסצוקריגן וואָס פריִער דעם קויפשיין. נישט איין מאָל האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט אָפנהאַרציקייט, אַז ער זעט דאָס איבערגעבן די קאָלאָניסטן דעם אייגנטום־סערטיפיקאַט, ווי דעם ערשטן שריט פונאַנדערצוברעקלען דאָס ווערק פונעם באַראָן. ווער וועט גאַראַנטירן, אַז דער באָדן זאָל, אין אַ טאָג פון די טעג, נישט פאַרקויפט ווערן צו גויִים? מען האָט דאָך שוין אַזעלכע זאַכן געזען...

דערפאַר זענען נישט ווייניק קאָלאָניסטן, אַפילו ווען דער דלות האָט

געפּייפט אין קוימען און דער הונגער איז געשטאַנען פאַרן שוועל, נישט איינגעגאַנגען אויף נייע אָפּמאַכן מיט דער „געזעלשאַפט" ביים באַקומען די רעגירונגס־הלוואות. אין אָט די טעג האָבן זיי געפּרוווט אויסנוצן די פאַרבינדונג מיט קינדער און קרובים, וואָס זענען אַריבער אין שטאָט און אַנגעוווּנקען זיי וועגן אַ ביסעלע הילף, מיט אַ צוזאָג, אַז באַלד נאָך דער ערשטער און נאָרמאַלער גערעטעניש — וועט אַלץ אָפּגעגעבן ווערן ביזקל לעצטן סענט...

אין אַ טאָג ווען ניאָמע האָט אויף דער סולקי אָפּגעפירט זיין רוזשקע־לען צום וואָקזאַל, האָט זי פאַרן געזעגענען זיך אים אַריינגעלייגט אַ צע־קנייטשט פּעקעלע אין דער אויסגעאַרבעטער האַנט און האַסטיק זיך צעקושט. זי האָט אויף שנעל זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די טרעפּ פון וואַגאָן, ווי מורא האָבנדיק, אַז דער פאָטער זאָל איר צוריקגעבן דאָס פּעקעלע און דערצו נאָך אַ באַליידיקטער. זי האָט גוט געקענט דעם פאָטער, זיין עקשנות און עמפּינדלעכקייט, און זי האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט אַרויס פון די כלים. זי האָט אָבער געזען, וואָס עס טוט זיך אין שטוב, די רעצעפּטן פאַר דער קראַנקער מאַמען, די אויסגערעכנטקייט אין שטוב.

ניאָמע איז געשטאַנען לעבן איר אַ בלייכער און איינציקע טראָפּנס שווייס האָבן אַרויסגעשפּראָצט ביי אים אויפן שטערן און נאַקן. צי זענען דאָס געווען אַנגסטיקע שוויס־טראָפּנס אַנשטאָט די טרערן, וואָס זענען פון אינעווייניק אָנגעלאָפן אין די אויגן און וואָס ער האָט מיט גבורה צוריק־געהאַלטן? ער האָט געוווּסט, אַז דאָס פּעקעלע געלט, צעקנייטשט און מיט פריקרע ריחות, איז די פּרוכט פון רוזשקעלעס שווערער מי ביי אירע אויפטריטן אויף די טעאַטער־ברעטלעך אין שטאָט און אין דער פּראָווינץ. און אפשר ליגן אינעם פּעקעלע צוזאַמענגעלייגטע שווערע שעהען און טעג פון זיגלערס איינקנעלן מיט יידישע קינדער, ביים אַריינקלאַפּן אין זיי דעם אלף־בית?

ער האָט איינגעקלעמט דאָס צוזאַמענגעלייגטע געלט־פּעקעלע, נישט אָפּגעציילט אַפילו, און עס אַריינגערוקט אין דער בוזעם־קעשענע פונעם דיקן אָפּגעריסענעם ראָק. ער האָט אַ פּאָר מאָל פאַרלעגן אַ וויש געטאָן דעם שטערן און אומבאַהאָלפן זיך צעזעגנט מיט רוזשקעלען. ער האָט פאַרלאָזן די באַן־סטאַנציע נאָך איידער די באַן האָט גערירט. ער האָט נאָר עטלעכע מאָל זיך אויסגעדרייט און אויפגעכאַפּט רוזשקעלעס טרויעריקן

שמייכל און פּאַכען מיטן נאַזטיכל, וואָס זי האָט אָפּגעווענדט פון די אויגן...

איינגעטוליעט אין זיין מאַנטל, און אַראָפּגערוקט דעם דאַשעק איבער די אויגן, אַז דער אויפגעהויבענער שטויב זאָל זיי נישט פאַרשיטן, איז ניאָמע געזעסן אויף זיין סולקי, אָנגעטריבן מיט געניטע באַוועגונגען דאָס פערדל און אָן אויפהער צוגעברומט. דאָס איז געווען אַזאַ געוווינהייט ביי די קאָלאָניסטן, אַ געוווינהייט וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט תפילה — אפשר כדי אָפּצוטרייבן מיט דעם די סקוטשנעקייט אין אַליינינקן פאָרן דורך לאַנגע קילאָמעטערס, אפשר, כדי איינצושטילן די געדאַנקען בשעתן פאָרן אין די איינזאַמע אָוונט־שעהען, און אפשר איז דאָס געווען אַ מין צוזאַמענ־רעדן זיך מיט דער שקאַפע, וואָס הוידעט זיך איבער די זאַמדיקע וועגן — עס איז אָבער אויך געווען אין דעם אַ מין אָנזאָג — דער „וויאָ" דער „דעלע", אָדער „וואַמאָס", וואָס זענען שוין אַריין אין דעם שפּראַכן־אוצר פון די יידישע קאָלאָניסטן, און דאָס סמאַצקען און צוקלאַפּן מיט דער צונג — דאָס האָט געדאַרפט דינען ווי אַן אָנזאָג אין דער היים, ווו מען וואַרט, אַז דער טאַטע זאָל אָנקומען דורך דער נאַכט־פינצטערניש, אַז אָט־אָט איז ער שוין ביים טויער און אינעם סולקי־קעסטל איז עפּעס פאַראַן צו פאַר־זיסן דעם גומען...

איצט האָט דער פאַרנאַכטיקער ווינט זיך צעפאָכעט מיט אַ טרוקענעם שטויב. די פעלדער זענען פאַרביי מיט זייער גרויען מיניען זיך און מיט דער שיטערער פעלד־גרינקייט. ווו נישט ווו האָבן די פליגל פון די וואַסער־מילן מיט אימפּעט זיך צעוויגט און געדרייט ווי אָנצוכאַפּן און אַרויסצו־ציִען די לעצטע מאַגערע וואַסער־שטראָמען אין די טיפענישן פון דער ערד. פאַרשפּעטיקטע רייטערס האָבן זיך געיאָגט אַהיים פון די פעלדער, און ווען דער ווינט האָט אַ מינוט נאָכגעלאָזן, האָט זיך פון די ווייטקייטן אָהערגעטראָגן דער טעמפּער גערויש פון דער אָפּגעפּאַרענער באַן, וואָס מ'האָט שוין לאַנג נישט געזען.

אין בוזעם־קעשענע האָט אים געבריט דאָס פּעקעלע געלט, וואָס ער האָט דאָרט פאַרשטעקט. ער האָט נישט פונאַנדערגעוויקלט און נישט געציילט דעם באַטרעף. די סומע איז פילפאַך טייערער פון דעם נומערישן ווערט, אָבער די גאַנצע צייט האָט אין אים געפלאַקערט אַ ווייטיקלעך געפיל, געברענט ביז חרפּה און צאַרן. צי וועט דאָס זיין אַן אויסוועג? הערשל האָט אים דערציילט, ביים צוריקקערן זיך פון קאָלאָניסטן־צוזאַמענפאָר, אַז עס איז

פאַראַן אַ ווילן די שטאָטישע געזעלשאַפט זאָל העלפן מאַטעריעל די קאָלאָ־ניסטן. צי וועלן מיר טאַקע אָנהייבן צו לעבן אויף זייער חסד, און דערצו נאָך פון די „געוועזענע”, אַפילו ווען דאָס זענען קינדער, אייגן בלוט און פליש? צי וועלן זיי באַצאָלן פאַר אונדזער באַשיינען זייער שטאָטישע באַקוועמלעכקייט?

— מיר האָבן אַנדערש געוואָלט — ער האָט עס כמעט ווי אויסגעשריגן — זיך פאַרברייטערן, זיך פאַרמערן און פאַרזעצן, נישט קיין שטייער פאַרן פאַרלאָזן דעם טאַטנס אויסגעבריטע נעסט. סענטן אין שעהען פון בויט? וויי דעם אויסגעוועפטן חלום! ווי רייך און אָנגעלאָדן איז געווען דער טרוים פון יענע פאַרגאַנגענע יאָרן פון דחקות. איצט ווערט אַלץ צוריק־געקערט צו שטויב... שטויב אויף די וועגן, אין די אויגן, אין גאָרגל. קיין קערנער וואַקסן נישט אין אָט דעם צאַרנדיקן שטויב־געווימל. די פעלדער האָבן זיך פאַרקליידט מיטן גרויען שטויב־געוואַנט.

נאָר קוריי־דערנער קייקלען זיך איצטער, ווי אָפּגעריסענע ווילדע חיות, און דראָען דעם אַרום מיט זייער צושפּילן דער צעיושעטער נאַטור. ניאָמע האָט זיך נאָך מער איינגענורעט אויף זיין זיצפּלאַץ, איינגעוויקלט די פּיס מיט אַן אַלטער קאָלדרע און האַלב צוגעמאַכט די אויגן, כדי אויס־צומיידן דעם לויפנדיקן שטויב.

צוריק מיט עטלעכע חדשים האָט ער געקענט ווי עס איז ענדערן צום בעסערן זיין לאַגע, אפשר אויף אַ ווייל. ער האָט נאָר באַדאַרפט האַנדלען ווי אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן עס גטעאָן. ער וואָלט איצט נישט געדאַרפט זשאַלעווען דעם טרוקענעם ביסן דער משפּחה. ער האָט אָבער נישט גע־וואָלט נאָכגיין דעם וועג פון איבערקליגערן זיך — ווי אַנדערע האָבן עס גטעאָן.

ווידער איז עס געווען פּנים אל פּנים מיט דער „געזעלשאַפט”, מיט אַ צולאָג פון די בענק. נאָכן דרעשן די תבואה האָט מען נישט געטאָרט פאַר־קויפן און אַרויספירן די זעקלעך פון פעלד און פון שייער איידער דער פאַרטרעטער פון דער „געזעלשאַפט” און פון דער באַנק, וואָס האָט געגעבן הלוואות, האָבן די זעק נישט איבערגעציילט. דאָס האָט מען געטאָן, כדי צו פאַרזיכערן קודם־כל, אַז דער חוב פון די בענק און פון דער „געזעלשאַפט” זאָל אָפּגעצאָלט ווערן. צען זעק האָט דער קאָלאָניסט געמעגט אַריינפירן צו זיך כדי צו פאַרזיכערן אויף עטלעכע חדשים ברויט. ווינציקע

בלויז האָבן אָפּגעהיט דעם פּאַרזאַג. אין דער נאַכט־פינצטערניש פלעגט מען אַרויספירן און אָפּשטעקן ערגעץ ווו אַ פּאָר צענדליק זעק, נאָך איידער מען האָט באַוויזן זיי אָפּצוציילן. דעם באַהאַלטענעם ווייץ אָדער גערשטן פלעגט מען אָפּהיטן ביז די פרייזן פלעגן שטייגן און אַזוי אַרום אַריינברענגען אַ ביסל הכנסות, אָדער אַ גרעסערן ביסן ברויט דער משפחה. די פּאָליציי אין באַגלייטונג פון „געזעלשאַפט״־פאַרשטייער האָט אומעטום געפאָרשט און געזוכט, אָבער די נויט האָט פאַרווישט אַלע באַווייזן.

ניאָמע האָט נישט געוואָלט מיטמאַכן די שפּיל. ער האָט געהאַלטן, אַז מען באַדאַרף די תבואה פּינקטלעך איבערציילן, אָפּגעבן די חובות און פאָדערן דאָס, וואָס דער פויער האָט נייטיק, אַפילו נייע הלוואות פאָדערן, נאָר נישט שפּילן זיך מיטן געזעץ.

אָבער די שליחים פון געזעץ און פון דער „געזעלשאַפט״ האָבן דאָך נישט אויסגעמיטן זיין שטוב.

די הינט האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן אַנלויפנדיקן אויטאָ און זיך נישט געלאָזט אָפּטרייבן, ווי זיי וואָלטן געפילט, אַז נישט קיין פריינד זענען אָנגעקומען.

פון אויטאָ זענען אַרויס דער שטעטלדיקער קאָמיסאַר מיט שוואַרץ־געפּוצטע שטיוועלעך און אַן אָנגעהאָנגענעם שווערן רעוואָלווער. ער האָט עלעגאַנט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער רעווענקע איבער די רייטהויזן און דערביי מיט אַן אונטערטעניקן שמייכל זיך געווענדט צום אַדמיניסטראַטאָר פון דער „געזעלשאַפט״, וואָס האָט מיט זיין בליק אָפּגעמאָסטן דעם הויף, ווי צו וועלן דורך דעם זיך שאַפן אַ מיינונג פאַרויס.

— איז דאָס דער פאַטראָן? נישט אַזוי, מי סעניאָר? — געמיינט האָט ער ניאָמען, וואָס האָט זיך גלייך דערנענטערט צו די אָנקומענדיקע. דער גערוך פון אָנגעריבענע גומי־רעדער האָט אים אָפּגעשלאָגן. פון שטענדיק אָן האָט ער אַ שטאַרקן ווידערווילן פאַר אָט דעם ריח, אַ ווידערווילן, וואָס גרענעצט זיך אַ ביסל מיט שרעק. אויף די וועגן וואַרפט אָן דער אָנלויף פון אויטאָמאָביל אַן אימה אויף די פערד.

— יאָ, מיין קאָמיסאַר — האָט דער פאַרוואַלטער אים צוגעוואָרפן — דאָס איז דער אַלטער וואָלף פון דער סביבה, דער ערשטער אַדעלאַנטאַדאָ*...

* באַצייכענונג פון ערשטע שפּאַנישע קאָלאָניזאַטאָרן.

ניאָמע האָט גאַנץ גוט באַנומען זייער שמועס אין שפּאַניש. ער אַליין האָט נאָך ביז היינט נישט געקענט זיך אויסדריקן קאָרעקט און פליסיק אויף שפּאַניש, ער האָט אָבער די שפּראַך פאַרשטאַנען. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און געמאַכט זיך נישט הערנדיק דעם חוזק־טאָן פון די אומגע־ריכטע געסט.

הערשל איז נישט געווען אין דער היים. ניאָמע האָט איינגעטלעך געהאַט אַ פאַרגעפיל וועגן אַזאַ וויזיט. ביים פּראַנט פון קאָאָפּעראַטיוו, ווו די קאַ־לאָניסטן זענען געווען פאַרטאָן אין זייערע שמועסן, האָט מען שוין גע־ווּסט צו דערציילן וועגן אַזעלכע „העפלעכע באַזוכן". מען זוכט צו אַנט־דעקן די שפּורן פון „אומלעגאַלן" אַרויספירן פון וועגעלעך ווייץ. דערפאַר איז ניאָמע איצט געווען רויִק. נאָר דער אָנבליק פונעם קאָמיסאַר האָט אין אים דערוועקט אַ צוריקגעהאַלטנקייט, כמעט ווי אַ מאָל פאַרן רוסישן פּריסטאַוו. מיטן יונגן אַדמיניסטראַטאָר האָט ער, ניאָמע, גערעדט יידיש:

— איר מיינט אפשר ביי מיר אויך צו געפינען טריפהנע געשעפטן? פאַר אַזעלכן האַלט איר מיך? נישט גענוג עטלעכע און צוואַנציק יאָר צו באַווייזן, אַז מיר לעבן פון אונדזער פּראַצע, מיט ריינע הענט?...

דער יונגער־מאַן אינעם העלן אָנצוג און קאָריקהוט האָט זיך געזען אַ ביסל פאַרלעגן. ער האָט זיך דערנענטערט צום אַלטן מאַן, וועמענס פּנים איז געווען אָפּגעשאָטן מיט אַ גרוי שטעכיק בערדל. די איינגעפאַלענע באַקן זענען געווען דורכגעשנירלט מיט דינע בלוילעכע אָדערלעך, וואָס האָבן איצט עפּעס געציטערט. דער סעניאָר פּערל האָט אים דערלאַנגט די האַנט און געפילט דעם לייכטן ציטער, וואָס די אויסגעאַרבעטע דלאָניע האָט אים איבערגעגעבן.

— איר פאַרשטייט... איך האָב קיין שלעכטן מיין, סעניאָר ליפּמאַן. וואָס קען איך צו אייך האָבן? אָבער די בענק פאָדערן זייערס און מיר האָבן געגעבן די גאַראַנטיע. דאָס געזעץ פאָדערט...

— געזעץ... נו, צוליב וואָס וועט איר פאַרלירן צייט? מאַכט אייער רעוויזיע, סעניאָרעס, זייט בודק אין אַלע ווינקעלעך, אַפילו אין שלאָפּ־צימער קענט איר זוכן. דאָס לעבל ברויט קאָנען מיר דאָך אַפילו אונטערן קאָפּקישן באַהאַלטן... כע, כע...

זיי האָבן געבעטן דערלויבעניש, און ביידע, אין באַגלייטונג פון ניאָ־מען האָבן זיי גענישטערט אינעם שייער און אין די קלענערע קאָמערס. דער

פאַרוואַלטער האָט עפּעס פאַרצייכנט אין אַ קליין נאָטיץ־ביכל, און זעלטן ווען געשטעלט ניאַמען אַ פראַגע אָדער צוגעוואָרפן אַ מין אויפמונטערונג־באַמערקונג, באַגלייט מיט אַ שמייכל. ניאַמע האָט זיי געלאָזן גיין פּאַרויס. ער איז זיי דעם וועג נישט פאַרלאָפן און נישט געגעבן קיין אויפקלערונגען. ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט אויף זיין רויִקייט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך דאָ אָנגעשלאָסן אין אַ פרעמדער עקסקורסיע, צו וועלכער ער האָט נישט קיין נאָענטע שייכות. אויף יעדער באַמערקונג האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. די שפּיל איז אים געפעלן און ער האָט שוין געוואָלט זען דעם אויסגאַנג פון באַזוך. ער האָט די געסט אַפילו איינגעלאַדן צו טרינקען אַ מאַטע און זיי האָבן עס גערן אָנגענומען. פון שלאָפצימער האָט באַשקע קרעכצנדיק זיך באַקלאָגט און צייטנווייז געוואָרפן אַפילו אַ ביטערע קללה. ניאַמע האָט געוווּסט, אַז נישט אומעטום זענען אַזעלכע באַזוכן אָפּגעקומען מיט חסד. געווען פאַלן פון ווידערשטאַנד און פון נישט אַריינלאָזן די פאַרשטייער פון דער „געזעלשאַפט״ און פון געזעץ אין הויף אַריין. אַפילו דאָס קוויטל פונעם „כועז״ (ריכטער), האָט נישט געהאָלפן. אויף איין אָרט איז אַפילו אויסגעבראָכן אַ מאַסן־געשלעג מיט די פּאָליציי־לייט. שכנים האָבן זיך אַריינגעמישט, דרענגלעך האָלץ און ווילעס זענען אַריינגעוויקלט געוואָרן אין געשלעג און איניקע קאָלאָניסטן האָבן דערנאָך אָפּגעצאָלט מיט זיצן חדשים אין דער תפיסה פון דער קרייזשטאָט.

די געסט זענען ווי איינגענומען געוואָרן פון ניאַמעס שטילער און געלאַסענער שטימונג. זיי האָבן געזופּט די מאַטע און פאַרביסן מיט קיכלעך און כמעט ווי פאַרגעסן דעם ציל פון זייער רייזע. דאָך האָט זיך געפילט, אַז זייער פאַרלענגערט זיצן איז פאַרבונדן מיט נאָך אַ שריט, און באַלד האָט דער פאַרוואַלטער פּערל זיך אויפגעשמעלט און צוריקגעבנדיק די ליידיקע מאַטע־כלי זיך אָפּגערופן:

— איך זע, סעניאָר ניאַמע, אַז מיין פאַרגעפיל האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. נישטאָ וואָס צו זוכן מער. אָבער לויט דער פאַראָרדענונג פון די העכערע איבער מיר, מוזן מיר נאָך מאַכן אַן אומקרייז אַרום די דראָטפאַרצוימונגען פון אייער פעלד. איר פאַרשטייט... דאָס איז אַ פאַראָרדענונג... מיר דאַרפן דורכקוקן צי די דראָטן זענען גאַנץ און צי עס זענען פאַראַן „קאָליעס״ פון אַרויסגעפאָרענע פורן... איר פאַרשטייט? עמעצער נאַרט

אָפּ און די אַנדערע דאַרפן ליידן... דאָס איז אַן אַלטער כּלל. געזעץ איז געזעץ...

אין אָנהייב האָט עס אין ניאָמעס האַרץ אַ זעץ געטאָן. ער איז בלאָס געוואָרן און ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן, מורא געהאַט נכשל צו ווערן מיט דער צונג און אַרויס פון די כּלים.

— נו, צו דעם דאַרפט איר אויך האָבן מיין צושטימונג? פאַרט איך געזונטערהייט און טאַפּט אויס אַלע דראָט־קנופּן... און קוקט אויף די קאַליעס מיט שפּאַקטיוון...

אַ ביסל אומבאַקוועם האָט דער הער פערל זיך דערנעענטערט צו ניאָמען און געזאָגט:

— איר דאַרפט אונדז באַגלייטן... אַזוי זאָגט דאָס געזעץ...

— איז דאָס אַ בקשה, אָדער אַ באַפעל? — האָט ניאָמע האַסטיק כּמעט אַ געשריי געטאָן.

דער פאַרוואַלטער האָט זיך איבערגעקוקט מיטן קאָמיסאַר:

— דאָס איז אַ בקשה, הער ניאָמע... אָבער לויטן געזעץ דאַרפט איר אונדז באַגלייטן, אויך צוליב אייער טובה וועגן. ווען מיר טרעפן סימנים פון אויפגעריסענע דראָטן און פון אַרויסגעפירטער תּבואה, דאַרפט איר עס באַשטעטיקן, און אויב אַלץ איז כּשורה, איז דאָך אַוודאי גוט, אַז מיר זאָלן זיין די עדות... וואָס אַרט אייך?

וואָס אַרט אים באמת? ער ווייסט דאָך די ריכטיקייט. אָבער דער עצם פאַקט, וואָס מען האָט אים אַוועקגעשטעלט אונטער אַ פאַרדאַכט, האָט גע־בריט און באַליידיקט. ווידער האָט ער געטראַכט וועגן הערשלען און פאַר־דראָסיק זיך דערמאָנט, אַז ער איז היינט אָפּגעפאָרן צוליב קלייניקייטן. אוי, ווי ער פעלט אים איצט אויס!...

ער איז מיטגעפאָרן. מיט אַ ציטער אין די קני־ען איז ער אַריין אינעם אויטאָ פונעם פאַרוואַלטער און אין האַרצן געבעטן, אַז קיינער פון די שכנים זאָל אים נישט באַגעגענען אויפן וועג מיט אַזעלכע באַגלייטער. דער אויטאָמאָביל האָט זיך געטראָגן איבער די זאַמדיקע וועגן אַרום זיין נחלה און ניאָמע האָט זיך פאַרטיפט אין אייגענע זכרונות. נאָך צענדליקער יאָרן פון זיצן אויפן באָדן דאַרף ער זיין אַ שותּף אויסצופאָרשן זיינע איי־

געגע זינד, דעם חטא פון באַהאַלטן אַן איגן זעקל וויץ אויף אַ שוואַרצן יאָר. אויף וואָס זענען מיר יאָ באַלעבאַטים?

*

מיטן דערנענטערן זיך צו די ערשטע הייזער פון דער קאָלאָניע האָט זיך דער ווינט אַ ביסל איינגעשטילט. ניאָמע איז איצט געפאָרן אין אַ ני־דעריקן טייל פון דער ברייטער לאַנדשאַפט. אַ לייכטע קילקייט האָט גע־שטראָמט און געגלעט דאָס געזיכט, ווי די אָנגעהאָנגענע פּאָוויטיניע וואָס הענגט איבער די וועגן. אַ רויטע לבנה איז אַרויס פון הינטער אַ בערגל, ווי אַן אויסגעבאָדענע אין די פּורפּור־קאָלירן, וואָס זענען אומגעשוווּמען אינעם רוים נאָך זונפאַרגאַנג. ערגעץ האָבן הינט זיך צעבילט און קילע שטערן האָבן זיך צעפינקלט. ערגעץ ווו האָבן זיך געצונדן די לאַמטערנעס אין די צעוואָרפענע הייזער.

דאָס צוקלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס איבערן זאַמדיקן וועג, דאָס אויפגיין פון דער פולער לבנה און דער קילער לופט־שטראָם — האָט אים ווידער דערמאָנט אַ נסיעה אין דער נאַכט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק. ער איז דעמאָלט געפאָרן פון וואָקזאַל אַהיים. אויפן וואָגן איז געזעסן די משפּחה, וואָס ער האָט אָפּגענומען ביי זייער אָנקומען צום ערשטן מאָל פון דער שטאָט. דעמאָלט האָט הערשל גענומען די לייצעס אין די הענט אַריין, כדי ניאָמע זאָל קענען מיט מער באַקוועמלעכקייט זיך דורכשמועסן מיט באַשקען. די קילקייט פון דער נאַכט האָט זיי דעמאָלט צוזאַמענגענו־רעט און באַשקע איז געזעסן אַזוי נאָענט צו אים אויף די פּעקלעך, כמעט ווי אויף זיין שויס. וואָכן לאַנג איז ער געזעסן מיט די צוויי זין אין דער וויסטע און די אויסגעבענקטע געפילן האָבן זיך דורכגעשטראָמט אין זייער וואַרעמען באַריר. ער איז דאָפּלט געווען צופרידן — סיי פון דעם, וואָס הערשל האָט גענומען די לייצעס אין די הענט און סיי פון דעם, וואָס באַשקע גיסט אין אים אַריין די הימלעכע וואַרעמקייט, וואָס איז פון אים געווען אָפּגעריסן דורך לאַנגע חדשים. דעמאָלט איז ווי אַ וווּנדער אין דער נאַכט אַנגעלאָפן אין גאַלאָפּ אויף איר פייערדיקן פערד דאָס פריצישע מיידל וויקטאָריאַ. יענער קילער אָוונט איז דאָך געווען אַן אָנהייב פון אַ לאַנגער תקופה פון אַליינקן טוליען זיך צו דער וויסטע, ביי דער זייט פון אַן אַ שיעור שונאים און נישט פאַרגינער, און געציילטע פריינד.

עס האָט זיך אים גערוכט, ניאָמען, אַז די קורצע שטרעקע, וואָס טיילט אים אָפּ פון זיין שטוב, וועט נישט סטייען פאַר וויטערדיקע געדאַנקען. ער וועט אָנהייבן און נישט פאַרענדיקן, און ווער ווייסט צי וועט ער קענען ווען עס איז פון דאָס ניי זיך נעמען צו דעם.

ער האָט פאַרקירעוועט אויפן באַגראָזטן, נישט איינגעריבענעם וועג, וואָס פירט צו דער שטוב. מאָדנע, שוין צענדליקער יאָרן ווי מען פאָרט און מען פאָרט איין, און דאָך שטייט אויף יעדעס יאָר דאָס גראָז תחית־המתים, דאָס גראָז, וואָס לעשט אויס דעם גערודער פון די רעדער פון דער פור. אָבער פון דער ווייטנס דערהערט מען אין די אָוונטן דאָס צוריק־קערן פונעם שטעטל, דאָס באַקאַנטע שנאָרכן פון די פערדישע נאָזלעכער און דאָס צוזמאַקען פון טרוקענע ליפּן און פון דער צונג... און שטענדיק קוקט עמעצער אַרויס פונעם הויף, ווי צו דערוואַרטן.

איצט איז עמעצער אַנטקעגנגעגאַנגען אין מיטן וועג און אַן אויפהער באַוועגט מיט אַ לאָמטערנע. איז דאָס אַ שכן, וואָס קערט זיך אום אַהיים פון אַ באַזוך, אָדער צי מיינט מען עס אים צו באַגעגענען? די האַסטיקע באַוועגונגען פון קיילעכדיקן ליכט האָט אים געמאַכט אומרויִק, אַנגעוואָרפן אַ פּחד, פּונקט ווי אין יענער ערשטער נאַכט אין מיטן פעלד, ווען די שאַקאַלן האָבן געשפּילט מיט גליִענדיקע אויגן...

דאָס פערד האָט זיך אָפּגעשטעלט און נישט גערירט זיך מער, איינגעצויגן דעם רוקן ווי אַ בויגן און ווי געוואָלט צוריקטרעטן. דאָס ליכט איז אויף אַ ווײַלע איינגעשלונגען געוואָרן פון דער אַנגעלאָפּענער פינצטער־ניש, וואָס דאָס לבנה־ליכט האָט נישט געקענט אַפילו פאַרטרייבן. אַ שאָטן האָט זיך אָנגערוקט, און נאָך אים — די ברייטע געשטאַלט פון הערשלען.

— וואָס איז? וואָס איז געשען? איז עפּעס געשען?... — ניאָמע האָט אַ געשריי געטאָן אין דער נאַכט אַריין און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז אויף די סלופּעס פון די דראָט־צוימען האָבן די נאַכט־סאָוועס אים נאָכגע־קרימט און זיך צעליאַרעמט.

— די מאַמע.... די מאַמע פאַרגייט... נישט גוט, טאַטע... מען מוז שוין פאָרן נאָכן דאָקטער. טאַקע שוין. קום שנעל. איך האָב אָנגעגרייט אַן אַנדער פערד.

ניאָמע האָט אַ טרייב געטאָן דאָס פערד און אין גיכן געטאָן, איינגעשלונגען דאָס שטיקל וועג ביזקל הויף. דער אָרום האָט אַ לאָז געטאָן, איינגעשלונגען דאָס שטיקל וועג ביזקל הויף. דער אָרום האָט

איצט אויסגעזען איינגעזונקען אין פאַרפלאָכטענע שאָטנס פון די קרומע טאַמאַריסקן־אַלייען. די כאָפּטע הינט האָט אים באַגעגנט מיט שאָקלענדיקע ווידלען און שטומע לאַשטשענדיקע קעפּ. פון די פאַרהאָנגענע פענצטערלעך האָבן שוואַכע ליכטפאַסן זיך געצויגן, ווי שמאָלע שאַרפע מעסערס צו דעם אַריינגאַנג פון טויערל. ער האָט שנעל געשפאַנט און דאָך געגאַרט אַ דערווייטערונג פון דער קומענדיקער מינוט. ער האָט דערלאַנגט די קליאַמקע פון דער טיר. פאַרן אַריינגיין האָט ער נאָך הינטער זיך געהערט דאָס גערויש פון דער אָפּפאָרנדיקער סולקי און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז הערשל איילט זיך איצט אין שטעטל נאָכן דאָקטער. פון דער ווייטנס האָט דאָס פערד זיך צעהירזשעט און אַ הונט האָט פאַרריסן דעם קאָפּ צום הימל און זיך צעוואָיעט מיט אַן אימהדיקער יללה, וואָס האָט געקילט די בלוטן.

אַ בליק אויף באַשקעס פנים און די ווייס־קנאָכיקע הענט וואָס זענען געלעגן פאַרוואָרפן אויף דער ווייסער דעק — און ניאָמע האָט געוווסט, אַז דאָס שרעקלעכע רוקט זיך אָן.

באַשקעס שוואַכער גוף איז דורך די לאַנגע קראַנקייטן געווען אימוניזירט און געקענט ביישטיין שווערע קריזיסן. אָבער איצט האָט אויסגעזען, אַז זי האָט אָנגעוואָרן יעדן מינדסטן ווילן אויסצוהאַלטן. אַלע אירע כוחות זענען אָפּגערונען און ערגעץ נעלם געוואָרן. נאָר די קאַרע אויגן האָבן נאָך אַרויסגעקוקט פון די טיפע אויגן־נאָרעס מיט בולטע צייכנס פון באַוווסטזיין. דער זייגער אויף דער וואַנט, וואָס האָט זי באַגלייט דעם לאַנגן וועג נאָך פונעם שטעטל, דורך דער כאַטע און דער אַ ספּאַלניע, האָט ווייטער געקלאַפּט מיט זיך מאָנאָטאָנעם גאַנג. די פּאָר שכנים און די געציילטע בני־בית זענען געזעסן שטיל אויף די שטרויענע הילצערנע בענקלעך און נאָכגעפאָלגט ניאָמעס באַוועגן זיך אין צימער.

ער איז צוגעגאַנגען צום קראַנקן־בעט און צוגעלייגט זיין פאַרהאַרטעוועטע האַנט צו איר געקאַרבטן שטערן. זי האָט אַ הייב געטאָן איר האַנט און איינגעקרעמפּט די קאַלטע פינגער אין זיין דלאָניע. זיין לייב האָט אויפגעציטערט און געפילט אַ מין שטומען צוזאַמענרעדן זיך, אפשר אַ געזעגענען זיך. ער האָט אַ נעם געטאָן מיט דער פרייער האַנט דאָס גלאָזטיי פון דעם נאַכטטישל און צוגעפירט צו אירע דינע געשלאָסענע ליפּן. זי האָט זיי באַנעצט און באַלעקט. ניאָמען האָט זיך אַפילו געדאַכט, אַז ער

האָט דערזען אַ שמייכל אין די ליפּן־ווינקלען, וואָס האָט באַלד זיך איבער־געגאָסן אין אַ מאָדנער גרימאַסע.

— באַלד, באַלד, באַשקע, באַלד וועט דער דאָקטער קומען, אַ רפואה דיר ברענגען... און ער האָט זיך געווענדט צו רבקהלען כמעט בהלהדיק:

— און ווי גיט מען צוויסן די קינדער ?...

נישט צו אַלעמען וועט מען קענען אָנשלאָגן אַפילו מיט טעלעגראַמעס. שלום איז דאָך שרעקלעך ווייט — ביים טייך אַמור אין ביראָ־בידזשאַן, און מען הערט נישט פון אים זינט יאָרן. און מירעלע... ווי דערשלאָגט מען זיך צו איר אַדרעס ? עפּעס האָט מען אַ מאָל דערמאָנט, אַז זי וווינט מיטן גויִשן מאַן, מיט טיטאָ, אין אַ ווייטן דרומדיקן פּאָרט.

— הערשל וועט שוין פון שטעטל קלאַפּן אַלע טעלעגראַמעס. הלוואי עס זאָל נאָר נישט שפּעט זיין — האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט און זייטיק געוואָרפן אַ בליק אויף באַשקען צו זען אויב יענע האָט באַנומען אירע רייד.

— אויך צו מירעלען וועט ער קלאַפּן ? — האָט ניאָמע פּלוצלינג נישט אָפּגעלאָזן.

— אויך צו איר — האָט זי געענטפערט און זיך אַרויסגעמאַכט פון צימער.

ניאָמע האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן. האָבן זיי געהאַט איר אַדרעס ? פון ווען ? האָט זי געשריבן ? צי האָבן זיי גרוסן ?

די שטוב איז ביסלעכווייז אָנגעפילט געוואָרן מיט נאָענטע און ווייטע שכנים. דורך דער האַלב־אָפּענער טיר האָט מען אָפּט און צוריקגעהאַלטן אַריינגעבליקט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. באַשקע האָט פאַרוואָרפן זייטיק דעם קאָפּ אויפן הויכן קישן, לייכט אַ פאָכע געטאָן מיט דער האַנט, ווי אָפּצוטרייבן אַ באַלעסטיקנדיקע זעונג און אַ שטילן זיפץ געטאָן. די פּאָר פריִערדיקע געסט האָבן זיך שטיל אַרויסגערוקט פון דער ספּאַלניע, ווו ריחות פון ספּירט און קאַנפער האָבן פאַרהאַקט דעם אָטעם. אַלע האָבן זיך צונויפגעדריקט אין דער גרויסער קיך. מען איז לאַנג געזעסן, געוואַרט אויפן ערשטן אָנזאָג פון דעם דאָקטערס אָנקומען. דערווייל האָט מען פאַר־צויגן די שוואַרצע ציגאַרן און געטרונקען די ביטערע מאַטע.

— ער זאָל אים נאָר טרעפן אין דער היים, דעם דאָקטער — האָט רבקהלע אַ באַזאָרגטע זיך געווענדט צו די געסט און געוואַרט. מען האָט געשוויגן.

— וועלכן דאָקטער וועט ער ברענגען? — האָט עמעצער אַ פרעג געטאָן.

— איך ווייס? דער אַלטער זונשיין איז דאָך שוין אַ ביסל עובר בטל. און אויסער דעם, פּאַרט ער דאָך אַרויס מיט זיין אַמאָליקער דראָזשקע און טרייבט אַליין אָן דאָס פערד. די נשמה קען דאָך דערווייל אויסגיין, חלילה.

— נו, דאָס איז נישט קיין סיבה — האָט זיך עמעצער איינגעשטעלט — ער האָט, דער אַלטער דאָקטער, זיינע משוגעתן. איר הערט? אַפילו אַ פליק אין באַק קען ער אַ מאָל אַראָפּלאָזן אויף אַ נישט פאָלגנדיקן פּאַציענט — אָבער ער איז געטריי און ערלעך. וואָס זענען היינטיקע דאָקטערלעך? קאַריעריסטן... יאָ, אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט קאַריעריסטן: צי ווייסט איר שוין, וואָס ס'איז געשען מיט די צווי יונגע דאָקטערלעך, וואָס האָבן זיך פאַרגענומען צו ירשנען דעם אַלטן זונשיין? אַ שיינע מעשה...

— נו, נו, דערציילט שוין! — האָבן עטלעכע צוגערוקט זייערע טאַבורעטקעלעך און אָנגעשטעלט די אויערן. מען האָט ווי פאַרגעסן אינעם זייטיקן צימער, ווו די אַלטע באַשקע צעזעגנט זיך מיט דער וועלט.

— די מעשה איז אַזאַ — האָט זיך דער דערציילער פאַרנומען מיט אַ געלאַסענער מינע — איר ווייסט דאָך,ביידע יונגעלייטלעך האָבן אָפּגעמאַכט אַ מין שותפות, כדי אויסצומיידן קאָנקורענץ און זיך פאַרנומען אויף אַן אָריגינעל געשעפט. הערט אַן איינפאַל! איר ווייסט דאָך, אַז לעצטנס איז פאַראַן אַ מאָדע פון אַפּענדיציט, דאָס איז די „בלינדע קישקע", אויף מאַמע־לשון. אויף יעדער בויך־דרייעניש און זייט־שטעכעניש שטעלט מען דעם דיאַגנאָז: אַפּענדיציט — און מען מוז שניידן. ווער עס איז נאָך נישט געפאָרן אין שטאָט אַריין צו אָפּערירן זיך אויף אָט דער מאָדערנער קראַנקייט איז בכלל אַן אַלטמאָדישער טיפּ. איצט האָבן די נייע דאָקטערלעך איינגעשטעלט אַ מאָדערנע קאָנסולטאַציע און זיי אַליין מאַכן די אָפּעראַציע. זיי האָבן אַריינגעשטעלט שינד־ און שנייד־אַפּאַראַטן, גיבן אַ נאָדל אויף איינצושלעפערן און שינדן אָפּ די זיבעטע הויט... די צווי חברה־לייט האָבן נישט באַנוגנט זיך מיטן פעסטשטעלן אויף אַ ריכטיקן אופן צי מען דאַרף אָדער מען דאַרף נישט אָפּערירן. אַפילו קאָפּ־ווייטיק און מערידן, קילעס און קראַמפּן פון אַן איבעריקן פרעס — אַלץ איז געווען אַ סיבה צו אַנטדעקן די „בלינדע קישקע" און זי אויסצושניידן, אַפילו ווען זי איז גאַט די נשמה שולדיק... אויף יעדן באַקלאָגן זיך האָבן זיי איינגעשלעפערט דעם

פּאַציענט, אַ ביסל אַ שניט געטאָן דאָס לייב, צוגענייט און אָפּגענומען זייערס. אַזוי האָבן זיי אַן אַ שיעור פּאַציענטן געשניטן און נישט אַרויסגע־צויגן אַפילו די בלינדע קישקע...

— עט, סתם רעדערייען. ווי לייגט זיך עס אויפן שכל? דאָס איז סתם רכילות פון נישט פאַרגינערס — האָבן אייניקע נישט געגלייבט.

— שאַט, שאַט! הערט אויס ביזקל סוף, וועט איר שוין זען...

מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָבן זיי ביי אַ פּאַציענט, אַ פעטן גוי, וואָס האָט זיך איבערגעגעסן מיט חזיר־פליש, „געפּעפּט" אַ צענטימעטער און צוריק פאַרנייט. נו, אַן אָפּעראַציע ווי אַלע אָפּעראַציעס און דאָס געלט האָט מען אָפּגענומען. די דאָקטערלעך און דער פּאַציענט זענען געווען צופרידן. וואָס טוט אָבער דער רבונו של עולם? ער שיקט צו דעם פּאַציענט דאָס מאָל אַ ריכטיקע אַטאַקע אויף אַפּענדיציט. דער חולה איז ערגעץ אונטער־וועגנס, מען ברענגט אים אין שפּיטאָל אַריין און מען וויל אים תיכף אָפּערירן אויף אַפּענדיציט. דער פּאַציענט האָט געהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער זיך געוועדט: קאַראַמבאַ! ערשט נישט לאַנג האָט מען אים דאָך אָפּערירט אויף אַפּענדיציט! אָבער די דאָקטוירים האָבן אים געוואָרנט, אַז אויב מען שניידט נישט באַלד, דראָט אים אַ „פּעריטאָניטיס". נאָך אַ קליינער רעוויזיע האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז פריִער איז גאָר קיין אָפּע־ראַציע נישט געווען, מען האָט סתם געשניטן...

— נו, און דער סוף?

— דער סוף? ווען די זאַך איז דערגאַנגען צו די צוויי דאָקטוירימלעך, האָבן זיי געכאַפּט זייער נייע קאָטש, איבערגעלאָזן האַק און פּאַק און נעלם געוואָרן, זיי זענען אַריבער די אַנדן־בערג. מען זאָגט, אַז אַן אַ שיעור געוועזענע פּאַציענטן זייערע, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָבן באַקומען ריכטיקע אַפּענדיקס־וויטיקן...

— אָט, איז אַ מאָל געווען אַ דאָקטער, אַ מלאך פון הימל ממש...

— איך ווייס וועמען איר מיינט — האָט עמעצער אַ פינקל געטאָן מיט די אויגן — דאָס מיינט איר דאָך דעם דאָקטאָר ירחי. ער פלעגט קומען אין רעגן און אין שטורעם, אַפילו ווען דער קראַנקער אָדער פאַר־וווּנדעטער איז געווען אַ באַנדיט און רוצח. ער פלעגט זינגען מיטן קראַנקן און אַפילו טאַנצן, כדי אים צו שטאַרקן. געלט? פון דער אייגענער טאַש

האָט ער געגעבן אויף צו קויפן רעצעפּטן אָדער עפּעס אין מויל אַריין. דאָס איז געווען אַ דאָקטער!

— דער דאָקטער! ווי, ווי דער דאָקטער!? — מאַמעלע, וואָס וויל דער רשע פון מיר? אוי, מאַמע מיינע? וווּ ביסטו איצט, מירעלע? מירעלע! מירעלע, מיין קרוין! מיין מלאך המוות —

דער הייזעריקער אויסגעשריי האָט אַלעמען איבערראַשט. ווי האָט זיך צו באַשקען גענומען אַזאַ אימפּעט אַרויסצושרייען איר קאַשמאַר? דאָס האָט מער דערשראָקן ווי דאָס אָנמעכטיקע פאַלן פון איר קאָפּ אויפן קישן.

די הענט האָבן זיך אַ ריס געטאָן און אין דרויסן איז די שטילקייט פון דער נאַכט צעפּליקט געוואָרן פון אומגעדולדיקע פערדישע קאָפּיטעס. מענטשלעכע קולות האָבן זיך אויסגעמישט. די טיר איז געווען אָפן און די אינערלעכע ליכט־פּאַסן פונעם „לוקס״־לאָמפּ האָבן זיך איבערגעקרייצט מיט צווי לייכטנדיקע פּאַנאַרן, וואָס זענען געגאַנגען פאַרויס און פאַר־שטעלט די אָנקומענדיקע פון דרויסן. נאָך איידער ניאָמע האָט זיך באַוויזן אָפּצורייסן פון דעם געלעגער און לויפן די געסט אַנטקעגן, האָט זיך דער אַריינגאַנג אָנגעפילט מיט דריי געשטאַלטן. פאַרויס האָט זיך באַוויזן הערשל, הינטער אים די הויכע און צוואָקסענע פיגור פונעם דאָקטער זונשיין, און ווען זיי האָבן פריי געמאַכט די שוועל, האָט זיך אַריינגעשטעלט די דינע פיגור פון אַ יונגער פרוי מיט גלאַט־אָפּגעצויגענע בלאָנדע האָר, אָן איינגעהילטע אין אַ שווערן גרויען מאַנטל. זי איז פאַרלאָפן דעם וועג אירע פאַרגייער און זיך אַ ריס געטאָן צווישן די געסט גלייך אין דער אָפענער ספּאַלניע:

— מאַמע! וואָס האָב איך פון דיר געמאַכט?!

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און איינגענורעט דעם קאָפּ אין ברעג פון באַשקעס קישן.

באַשקעס גרויע לאַנגע האָר זענען געווען צעשאָטן איבערן קישן, זיי האָבן זיך באַפרייט פון אַלע שפּילקעס. די כמעט אָנגעצונדענע אויגן פון איינגעפאַלענעם פּנים האָבן איר צוגעגעבן אַ מין גליִענדיקע פרעמדע פייערלעכקייט, ווי אַ באַשעפעניש פון אַ פרעמדער וועלט, וואָס וועט באַלד אַרויסשטאַמלען שפּרוכן פון כישוף. אַפילו נאָענטסטע האָבן זיך איבער־געקוקט מיט פאַרלוירענע בליקן.

— מ—י—ר—ע—ל—ע — האָבן אירע אויגן זיך געריסן פון די טיפע לעכער אַרויס — האָסט מיך... דערהערט?

דער דאָקטער זונשיין האָט שוין באַוויזן אָנצוטאָן דעם צעקנייטשטן כאַלאַט, צוצוגיין צום בעט און אָנטאַפּן דעם פּולס פון דער קראַנקער. דער דאָקטער האָט אַ ווײַלע געשוויגן, געקוקט אויף די ווייזערס פון זיין טאַשן־זייגער און אָן צו ענדערן אַ מוסקול פון זיין געזיכט, וואָס איז געווען נישט ראַזירט און פאַרשטויבט, האָט ער געגעבן הערשלען און ניאָמען אַ ווונק, אַז דאָס צימער זאָל ווערן פריי פון מענטשן.

מירעלע האָט איינגעקלאַמערט אירע הענט אין קישן, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז מען וועט זי אָפּרייסן און אַרויספירן. זי האָט צוגעלייגט דעם קאָפּ און געקושט דער מאַמעס קאַלטע פינגער און געקלאָגט:

— געהאַט אַ פאַרגעפיל. געוווּסט, אַז אַן אומגליק רוקט זיך אָן. מאַמעלע, איך בין שולדיק, נאָר איך...

שטיל האָט מען זיך אַרויסגערוקט פון צימער און נאָר מירעלע איז געבליבן לעבן דער מוטער. רבקהלע האָט זי געפּרוווט באַרויִקן און לייכט אַ ציִ געטאָן ווי זי אַרויסצופירן. ניאָמע האָט אַ ווונק געטאָן מען זאָל זי נישט טשעפּען און דערביי האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו הערשלען מיט שטאַרע אויגן. הערשל האָט פאַרשטאַנען די פראַגע אין זיין בליק:

— אויפן וועג צוריק האָבן מיר זי באַגעגנט... אַליין אויפן וועג האָט זי געשפּאַנט...

מיטן קריי פון די הענער, וואָס האָבן אָנגעזאָגט חצות, האָט באַשקע אויסגעהויכט די נשמה. שכנות האָבן ביטער געוויינט, און די שטוביקע זענען געזעסן אָנגעלענט אַרום די ווענט, אויף וועלכע די שאָטנס האָבן אומגעפּויזעט. ניאָמע האָט פון ביכער־שאַנק אַרויסגענומען אַ פאַרגעלט ספרל און מיט צוגעמאַכטע אויגן באַוועגט מיט די ליפּן.

*

צווישן די קברים אויפן בית־עולם האָבן די גרוי־טרוקענע דערנער אָנגעוואָרפן אַן אומעט. דאָך האָט ניאָמעס פאַרשטאַרטער בליק אויפגעכאַפּט באַנייטע פרישע בלעטלעך, וואָס האָבן געגרינט צווישן די צעטראָטענע גרויע דערנער.

דער טאָג איז גרוי און וואָלקנס זאַמלען זיך אויף די ראַנדן פון וויטן האָריזאָנט. די שטיינער פון די מצבות האָבן שוין לאַנג איינגעזאַפּט די טרערן און זיפצן פון אָנגעפילטע שווערע הערצער. צי וועט דווקא היינט אויספאַלן אַ רעגן? אָ! די ערד וועט דעמאָלט נאָכגעבן, צונויפזאַמלען זעמדל צו זעמדל, צונויפקלעפּן זיך צו איין פייכטער מאַסע און אויסבריִען קערנער פון האָפענונג. פאַר וועמען?

איצט האָט ניאָמע ערשט באַמערקט, אַז מ׳האָט זיין באַשקען מקבר געווען צופוסנס פון זייער אַמאָליקן גוטן פריינד, וואָס איז געקומען צו זיי אין דער כאָטע אויף אַ וויל און געבליבן, אין זיין עלנט, לאַנגע יאָרן, ביז זיין טראַגישן טויט אין מיטן פעלד. איז דאָס אַ צופאַל? האָט ווער געהאָט אַ מיין אויסצוגראָבן איר קבר אַ דריי נידעריקער פונעם קדוש?

אַ בענקעניש דריקט אים, ניאָמען, אַ בענקעניש, וואָס שרעקט אים און מאַכט אים צו שעמען זיך. ער איז מקנא, ער איז זיי ביידן מקנא, וואָס זיי באַגעגענען זיך טיף אונטער דער איבערפלאַך פון דעם וויכן באָדן. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, ווען אַלע וועלן שוין פאַרלאָזן דאָס הייליקע אָרט, וועלן זיי דאָרטן, אין דער וועלט פון שאָטנס, דערציילן וועגן זייערע אַמאָליקע צרות. אפשר וועט זיאָמע קוריס זינגען זיינע אָדעסער פריילעכע ניגונים?

פאַר וואָס וויינט מען? הערשל און מאיר זאָגן קדיש. אַ פּאָר הענט האַלטן אים אונטער. צי האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן צום פאַלן?

אַלע קוקן צום הימל. פאַר וואָס דווקא צום הימל, און נישט צו דער ערד? זי איז דאָך אַזוי וויך און נאָכגיביק.

ערשטע טראָפּנס זענען געפאַלן אויף דער דורשטיקער ערד. זי האָט זיי איינגעזאַפּט.

## נײַנטער קאַפּיטל

# דאָס שטעטל וואַקסט — אויף וועמענס חשבון?

פון יאָר צו יאָר זענען ניאָמען שווערער געוואָרן די באַזוכן אינעם שטעטל. נישט די עלטער דווקא האָט דאָ געווירקט. זײַן גוף איז אַוודאי אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין די זיבעציקער יאָרן פון זײַן לעבן, אָבער מער פון אַלץ איז זײַן געמיט שווער געוואָרן נאָך יעדן אַרײַנפאָר און אַרויספאָר פונעם שטעטל.

פון שטענדיק אָן איז דאָס צוזאַמענטרעפן זיך פון די קאָלאָניסטן אינעם שטעטל געווען אַן איבערלעבונג, מער נאָך אין די לעצטע יאָרן, ווען אין דער קאָלאָניע אַליין זענען די טרעפונגען געוואָרן שיטערער. דער שבת־מנין איז זעלטענער געוואָרן, קאָנפערענצן — כמעט ווי אויפגעהערט. טעאַטער האָט מען געזען זעלטן, און ווען יאָ, נאָר אינעם שטעטל. אָפּגעהיט האָט מען ווי עס איז די שבת־נאָכמיטאָגדיקע באַזוכן.

יאָרן לאַנג זענען די טרעפונגען אין שטעטל געווען אַ טייל פון קאָלאָ־ניסטישן שטייגער. זעלטן האָט מען זיי געזען אַרײַנגיין אין אַ שענק כאַפּן אין די ווינטערטעג אַ שנאַפּס, אין זומער — אַ קריגל ביר אָדער אַ לימאָנאַד. דאָס האָט נישט געצויגן און גערופן, מען האָט נישט געוואָלט זיצן זײַט בײַ זײַט מיט די שטאָטישע לײַדיקגייער. מער האָבן געצויגן די צוזאַמענ־טרעפן צווישן זיך אַליין און פון די ווײַטסטע גרופן, וואָס האָבן זיך צע־שפּרייט אויף צענדליקער קילאָמעטער.

מען האָט זיך באַגעגנט און לאַנג געשמועסט בײַ דער פראָנט־טיר פון קאָאָפּעראַטיוו. קורצע טרעפונגען זענען אויך געווען אין די ברייטע הייף פון די קוזשניעס. דאָרט זענען מערסטנס פאַרפאָרן די קאָלאָניסטן איבער־צולאָזן דאָס פערד און וועגעלע און אַ ראָד אָדער אַ שניידמעסער פונעם

פלוג צו פֿאַרריכטן. דערביי האָט די אַלטע קיילע, דעם שמידס ווייב, מכבד געווען די געסט מיט איר שטענדיק ברייטן ברוך־הבא און מיט אַ מאַטע, פּונקט ווי די קאַלאַניסטן וואָלטן שוין לאַנג דאָ נישט געווען אויף קיין באַזוך. דער אַלטער חיים־איטשע פֿלעגט דערביי צוקלאַפּן דאָס פֿייער־שפּריצנדיקן אייזן, וואָס דער שגץ פֿלעגט צוהאַלטן מיט צוואַנגען. נאָך דעם האָט ער אָפּגעווישט מיטן לעדערנעם פֿאַרטעך די פֿאַרסאַזשעטע הענט און דערלאַנגט יעדן קאָלאַניסט אַ ברייטן שלום־עליכם. די עטלעכע שמידער פֿונעם שטעטל האָבן געדינט אַלס וועגווייזער. אין די גאַר פֿריִע פֿרימאָרגן־שעהען פֿלעגט מען שוין הערן דעם קלאַנג פֿון שמידנדיקע רעדער. ווייט, ווייט, נאָך איידער מען האָט דאָס שטעטל אַרויסגעזען, האָט דער בראַזג פֿון די האַמערס און קאָוואַדלעס אויסגעזאָגט דעם וועג צו די קליינע איינשטאָ־קיקע הייזקעס אויף די פֿאַרשטויבטע גאַסן.

אַ טייל קאָלאַניסטן פֿלעגן פֿאַרפֿאָרן אינעם לאַנגן שמאָלן הויף פֿון מיכל דעם בעקער. ביי אים פֿלעגן זיי איינהאַנדלען די זעקלעך ברויט און „גאַלעטן" (ברויט־בולקעס) און פֿלעגן אויסבייטן זעקלעך ווייץ אויף מעל, פֿון וועלכע די ווייבער פֿלעגן יעדן דאָנערשטיק אויסבאַקן די קיכלעך. אַ מאָל פֿלעגן די מענער ברענגען אַ מתנה פֿון מיכלס וווּנדער־געבעקס: עט־לעכע קאָקוס־קיכעלעך, וואָס צעגייען זיך אין מויל. די ווייבער פֿלעגן אין דער אמתן הנאה האָבן, קייען מיט די אָנצייניקע יאַסלעס, אָבער לפֿנים זיך פֿאַרקרימען מיט ביטול.

די טרעפֿונגען פֿון יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָבן געהאַט אַ באַזונדערן שטייגער. דאָרט האָט מען דורכגעלופֿטערט די וועלט־פּאָליטיק, זיך אָפּגערעכנט מיט ענגלאַנד פֿאַר איר פֿיינטלעכער פּאַלעסטינע־פּאָליטיק, מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם האָט מען נאָכגעפֿאָלגט דעם שפּאַנישן בירגער־קריג און די אינטערווענץ פֿון די פֿאַשיסטישע האָרדעס. דאָ האָט מען אויך דורכגעזיפּט די רכילותן פֿון אייגענער קאָאָפּעראַטיווער פּאָליטיק און מחלו־קתן, דורכגעוואָרפֿן די פּרייזן פֿון תבואהס און בהמות און שוין פֿאַר נאַכט צו, ווען די זון האָט זיך אַ נייג געטאָן צו דער פּאַמפּאַ־זייט, האָט מען איז איילעניש איינגעהאַנדלט דאָס ביסל גרינצייג אין די קלייטן, אַריינגעשטופּט די פּאָר קילאָ פֿלייש אין סולקי־קאַסטן און נישט פֿאַרגעסן די זשערוואַ פֿאַר דער געבענטשטער מאַטע. דעמאָלט האָט מען געזען צענדליקער סולקיס טראָגן זיך איבער די וועגן אַהיים, צו די נידעריקע שטיבלעך. ביים אָנקו־

מען אַהיים האָבן שוין קליינע פייערלעך געהוידעט זיך דורך די קליינע פענצטערלעך צום ברייטן חושכדיקן דרויסן.

אָבער אין די לעצטע יאָרן האָט ניאָמע דערזען אַ טיפע ענדערונג אין אַט דעם קאָלאָניסטישן שטייגער. ווען ער פלעגט אין די פרימאָרגן־שעהען אַרויסלאָזן זיך איבערן וועג אין שטעטל אַריין, האָט ער אָנגעהויבן צו באַ־געגענען קאָלאָניסטן, וואָס ציִען מיט זייערע פורן אין דער פאַרקערטער ריכטונג: פון שטעטל אין פעלד אַריין, און פאַר נאַכט צו, ווען ער האָט געאיילט אַהיים, האָבן די זעלבע פורן זיך צוריקגעקערט אין דער שטעטל־דיקער ריכטונג. די אַ דערשיינונג האָט אים אָנגעהויבן באַאומרוּיִקן.

מיטן איינשאַפן זיך דעם אייגנטום־שיין, זענען שיטער געוואָרן די יידישע הייזקעס אין קאָלאָניע. ווער עס האָט אין גאַנצן פאַרקויפט דעם באָדן צו אַ שכן, אָדער צו אַ גוי, און ווער עס האָט זיך איינגעשאַפט אַ דירה אין שטעטל, אָפּגעטיילט פאַר זיך די פראָנט־סאַלע, די אַנדערע צימערלעך פאַרדונגען פאַר שכר־דירה און דאָס פעלד איבערגעגעבן אַ גויִישן פּעאָן צו באַאַרבעטן — פאַר מאַנאַטלעכן געהאַלט אָדער אויף פּראָצענט. דער געווע־זענער קאָלאָניסט פלעגט יעדן טאָג איינשפּאַנען די סולקי, אָפּשטאַטן אַ וויזיט דאָרט, און ווען די אמתע קאָלאָניסטישע תושבים האָבן זיך אומגע־קערט אַהיים פונעם שטעטל, האָבן זיי זיך אָפט באַגעגנט ביי קרייצוועגן. אין אָנהייב האָבן יענע אַ ביסל זיך געשעמט, צוגעשאָקלט לייכט מיטן קאָפּ באַגריסן זיך, אָבער ביסלעכווייז האָבן זיי זיך צוגעוווינט צו דער נייער לאַ־גע, אָפט זיך אָפּגעשטעלט און פאַרפירט געמיטלעכע שמועסן.

ביים באַגעגענען זיך פאַר נאַכט צו, אין זיין וועג אַהיים, מיט אַזאַ „קאָלאָניסט”, וואָס קערט זיך אום אין שטעטל אַריין, האָט ניאָמע האַסטיק אָפּגעשטעלט זיין סולקי מיט איין שטאַרקן ציִ פאַר די לייצעס און דאָס פערד האָט זיך ממש פאַרהאַקט. יענער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט, ווי צו וועלן עפּעס הערן פונעם אַלטן קאָלאָניסט. אָבער ניאָמע פלעגט אים לאָזן דורכפאָרן, שטיל אים באַטראַכטן ווי אַ פרעמדן, און ווען יענער איז שוין אָפּגעפאָרן עטלעכע הונדערט מעטער, האָט ניאָמע האַסטיק אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד, ווי אויסצופראַלן זיין צאָרן. דאָס איבעריקע שטיקל וועג האָט ער שוין מער נישט אונטערגעברומט, ווי עס איז גע־ווען זיין מנהג.

איין מאָל נאָך אַזאַ שטומער באַגעגעניש, האָט ער נישט געאיילט זיך

אַנצוטרייבן דאָס פערד. ער איז געבליבן אַ לענגערע ווײַלע פאַרזונקען אין אַנטלויפנדיקע מחשבות און געפילט עפּעס אַ מאָדנע דריקעניש. דער דורכפאָרנדיקער ייִד אין דער שטעטלדיקער ריכטונג איז געווען זײַנער אַ ווײַטערער שכן. וועגן זײַן פאַרלאָזן די נחלה האָט ער אַפילו ביז איצט נישט געוווּסט. ער איז געווען דער בעל־קורא פונעם מנין אויף אַ יאָרצײַט אין אַ מאָנטיק אָדער דאָנערשטיק אָדער אַ יום־טוב.

ניאָמע האָט כמעט אויפן קול געלאָזט לויפן זײַנע געדאַנקען. אַ מין שמועס מיט זיך אַליין: איז טאַקע פאַראַן אַזאַ סכנה, אַז ער, ניאָמע, וואָס איז דער ערשטער אַרויף אויפן באָדן דאָ, זאָל זיך זען אין אַ טאָג פון די טעג ווידער אַליין? און נאָך מיט אַ מער שיטער געוואָרענער משפּחה? און בלײַבן וועט ער דערפאַר, ווײַל ער איז אַ ליטוואַק אַן עקשן און וועט נישט אַזוי לײַכט נאָכגעבן... ניין, אַוודאי וועט ער נישט נאָכגעבן...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט דער בעל־קורא ווידער זיך איבער־געקרייצט אין זײַן וועג. און דאָס מאָל האָט דווקא ער, ר׳ זאַנוול טשער־ניק, דער ערשטער אָפּגעשטעלט די סולקי. ער האָט ניאָמען באַגריסט מיט אַ האַנט־פאָכען און צוגעשאָקלט מיט זײַן שיטערער ווײַסער באָרד:

— וואָס מאַכט מען, ר׳ ניאָמע? וואָס איז דאָ נײַעס? די קינדער אין שטאָט שרײַבן?

— שרײַבן, שרײַבן, די וואָס ווילן — שרײַבן.

— מײַנע — זיך גוט אײַנגעאָרדנט און פאַרגעסן אין טאַטע־מאַמע. דער עלטערער, איר ווייסט דאָך, אַ גאַנצער יאַ־טיבי־דאַם געוואָרן דאָרט אין שטאָט. אַ בכבודיקער כלל־טוער. אַפילו געפּרוּווט אָרגאַניזירן אַ גרופּע אַמאָליקע קאָלאָניסטישע זין, עפּעס אַ מין אַגראַר־צענטער...

— אָר־אָר! — אַ וויכטיקע אויפגאַבע. וואָס? אפשר וועלן זיי אַרויס פאַראַקערן די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט? מען לייזט אַלע פּראָבלעמען — אויף פּאַפּיר, נישט?...

דער אַמאָליקער שכן האָט זיך געפילט אַ ביסל געטראָפן:

— וואָס הייסט? און אַ פאָנד האָט מען אויך געשאַפן צו העלפן די נויטבאַדערפטיקטע. אויך קלערט מען אויפצושטעלן אַ קאָלאָניע נישט ווײַט פון דער הויפּטשטאָט. אַזאַ מין „קינטע״ (גאָרטן) פאַר יעדן אײנעם. עס וועלן קומען דאַטשניקעס פון שטאָט און מען וועט זיי צושטעלן מילך און גרינס. וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ פּלאַן? שלעכט?

ניאַמען איז נישט איבערראַשט געוואָרן. ער האָט שוין לאַנג געוווּסט, אַז אַזעלכע פּלענער זענען פאַראַן. צווישן די אָרגאַניזירער זענען געווען קאָלאָניסטישע זין, וואָס דאָס פאַרלאָזן די קאָלאָניע גריזשעט זייער געוויסן. עס זענען געווען סתם טרוימער און וויזיאָנערן, וואָס האָבן געזען אין דער אָרגאַניזירונג פון ביישטאָטישע גרופּן ערדאַרבעטער אַ מין דערנענטערן זיך צו דער נאַטור און נישט דערווייטערן זיך פון די געגאַרטע שטאָטישע צענטערס. יידן וועלן אין אַ זונטיק אַרויספאָרן אויסער דער שטאָט, טרינקען מילך פון יידישע קי און עסן אַ טאָמאַטן־סאַלאַט פון יידישן גאָרטן. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט האָבן אונטער דער נאָז, גאָר נאָענט פון שטאָט, יידישע פּויערים, כדי צו קענען טייטלען אין די אויגן פון גויים — נאָט און זעט! אויך אַזעלכע האָבן מיר...

— און איר מיינט, ר׳ זאַנוול, אַז די אַלע פּאָדפּאָרקעס וועלן עפּעס העלפן? איר זעט דאָך, איר אַליין... איר מיינט טאַקע באמת, מיטן גאַנצן האַרצן?

דער אַמאָליקער שכן האָט געשוויגן. ער האָט, זעט אויס, דאָך נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרענדיקן אַזוי דעם שמועס און אָפּפאָרן. ער האָט געוואַרט. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט געזען, אַז ניאַמע קלייבט זיך אַ טרייב צו טאָן דאָס פערד, האָט ער אַ צי געטאָן די לייצעס און אַ פיר געטאָן די סולקי הינטערווייַלעכס כמעט ראָד צו ראָד.

— ר׳ ניאַמע, איר וועט נישט פאַראיבל האָבן. איך האָב אַ שאלה צו אייך... בעסער געזאָגט אַ פּראָשעניע אַזאַ. איך מיין, אַז עס איז רעכט... הערט מיר נאָר צו...

— זאָגט, ר׳ זאַנוול, וואָס דריקט אייך אויף דער נשמה? — ער האָט אינסטינקטיוו עפּעס פאַרויסגעפילט נישט קיין גוטס פון יענעמס קווענקלען זיך.

— איר פאַרשטייט, ר׳ ניאַמע, עס איז נישט אַזוי אַנגענעם. אָבער איר דאַרפט דאָך אַריין אין אונדזער „פּאָלאָזשעניע״... מיר זיצן שוין, קיין עין־הרע, — נו וואָס קען מען מאַכן, עטלעכע צענדליק משפחות פון „די זיבן פיילן״ אין שטעטל. מילא, אַבי נישט ווייטער פון דאַנען... נו, וואָס האָב איך געוואָלט אויסברייען? מיר, כ׳מיין די, וואָס האָבן אַ מאָל אין שכנות געוווינט, זענען נישט אָפּגעריסן צווישן זיך. מיר קומען זיך אָפּט

צונויף, דער עיקר אין שילכל. אַלע שבת — נישט ווי ביי אייך — אָבער איך ווייס, אַז עס איז שווער.

— זייער שיין פון אייער זייט — האָט ניאָמע געקוקט אים גלייך אין די אויגן ווי אַרויסצולייענען פאַרויס צו וואָס ר׳ זאַנוול צילט — באמת, זייער שיין פון אייער זייט. אָבער וואָס קען איך אייך העלפן?

— איך זאָג אייך, אַז יאָ! — זאַנוול האָט זיך אַ הייב געטאָן פון זיץ־פּלאַץ און כמעט אַראָפּגעגענידערט אַ טרעפּל פונעם סולקי — אַוודאי קענט איר מיר העלפן. טאָקע נאָר איר...

— אין וואָס גייט אייך, ר׳ ייד? — ער האָט אַ ביסל געחוזקט.

— איך דאַרף אייך נישט דערציילן, אַז מיר, די געוועזענע שכנים, האָבן היפּש געליטן פון אָנהייב אָן. וואָס אמת, מיר האָבן עס געטאָן צוליב די ווייבער, צוליב די קינדער. וואָס ווערט דען אויסוואַקסן פון זיי דאָרט, אין דערנער־פעלד? אָבער דאָס, וואָס מיר טרעפן זיך שבת אין שול אָדער אַזוי אויף אַ יאָרצייט, אַלע צוזאַמען, דאָס גיט אונדז צו חיות און דערמאָנט די אַמאָליקע צייטן.

— איז דאָך ווידער גוט, טאָ זייט מיר געזונט! — האָט ניאָמע כמעט אַ טרייב געטאָן דאָס פערדל.

— וואַרט, וואַרט! אין שטעטלדיקן שילכל זענען פאַראַן גענוג „ריי־ניקייטן" (ספרי־תורה) שיינע, פיין־געפּוצטע, מיט זילבער באַשלאָגענע און מיט העלפאַנטביין באַצירט. אָבער עס גייט נישט, עס גייט נישט, מיין פריינד. ווי נאָר איך קאָטשע פונאַנדער דאָס הייליקע ספר, שפּרינגען פאַר מיינע אויגן די אותיות. אין שילכל פון די „זיבן פיילן" זענען צוויי פאַראַן, אָבער אין איינעם בין איך ווי אַ ייד אין אשרי. ווי, להבדיל, אַן איינגעפּאַרן פערד אין די האַלאַבלעס. אפשר די בענקעניש, אפשר עפּעס אַנדערש, אָבער איך קען נישט אין קיין אַנדער ספר...

ניאָמע האָט געוואָלט אַ שפּרונג טאָן פון אַרט. ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן, און זיך פאַרטראַכט. ער איז שוין רויִקער געוואָרן. ער איז אַראָפּ פון וואָגן, זיך דערנענטערט צום געוועזענעם שכן, אָנגעכאַפּט זיין פרייע האַנט און צוגעגעבן מיט אַ לייכטן ציטער:

— איר זענט גערעכט. אויב איר ווילט באמת דינען דעם בורא מיטן גאַנצן האַרצן, קומט אייך דאָס ספר. ווער זענען מיר? נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, און אַפילו אויף ראש־השנה וועט נישט זיין קיין מנין. נעמט אייך

מיט, ר׳ זאַנוול, אייער ליבלינג. געדענקט, ווען עס פֿאַלט אויס יאָרצייט, למען השם, וויקלט פונאַנדער דאָס ספר פון „די זיבן פּיילן״ און לייענט... לייענט מיטן אַלטן ברען...

ניאָמע האָט זיך צעזעגנט מיט ר׳ זאַנוולען און געוווּסט, אַז מיטן איי־בערגעבן די ספר־תורה אין שטעטל אַריין, גיט ער איבער די שליסלען פון אַ פעסטונג זיינער, אָבער ער האָט עס געטאָן כמעט אָן צו ווערן זיך.

צענטער קאַפּיטל

# דריי איבער איינעם

פּאַסן זון־שטראַלן זענען אַריינגעדרונגען דורך דעם אָפענעם פענצטער. דער שפּעטזומער־פאַרנאַכט האָט זיך צעלייגט איבער די רויִקע פעלדער.

איצט האָבן אַפילו די געציילטע וואַסערמילן אין דער קאָלאָניע אויס־געלאָזן פון זייערע מעטאַלענע פליגלען דעם לייכטן ווינטל, וואָס האָט ביז איצט זיך פאַרשפּילט און געבליבן שטיין, ווי זיך איינצוהערן צום לייכטן שעפּטשען פון אויסגעגאַנגענעם טאָג.

„ער וועט מוזן — — — ער וועט סוף כּל סוף איינשטימען — — — וואָס? גאָר אַזעלכע מאָדנע קאָנדיציעס אַרויסצושטעלן? — זע נאָר, זע, ווי קלאָר ס'איז היינט דער דרויסן — — — מען זעט אַפילו דעם ברייטן „אָמבו"־בוים. דער איינציקער אָנדענק פון דאָן כואַן קאַסטראָס אַמאָליקן גלאַנץ. ווער זיצט איצט דאָרט? מען זעט נישט קיין באַוועגונג. גאָרנישט — דאַכט זיך, אַז אַ דייטש גייט אַרויף אויפן שטיקל פעלד דאָרט. דאָס איז דאָך דער קאַמפּ פונעם שוואַרצן סיגאַלאָוו. סיגאַלאָוו דער קרימטשאַק מיט זיין דיקער פרוי זענען אַוועק האַנדלען אין קאָרדאָבאַ, צווישן די בערג, ווו די דאָטשניקעס פאָרן. יאָ, דאָרט איז דאָך אויך מאַיר. ער האָט זיך, זאָגט מען, דאָרט זייער פאַפּראַוועט און די טשאַכאָטקע איז דערווייל אָפּגע־טריבן געוואָרן. די שטומע כאַליאַסטרע איז אויך דאָרט. אַזאַ מין עקש־נות!... די זון וויל גאָרנישט אונטערגיין — — — שיינע קאָלירן... זייער שיינע. ער וועט מוזן נאָכגעבן... ער וועט... יאָ, אַלע, אַלע וועלן זיי מוזן נאָכגעבן"...

רבקהלע איז געזעסן לעבן פענצטער און זי האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיטן שטראָם געדאַנקען, וואָס זענען ווילעניוויז איבערגע־

שניטן געוואָרן דורך די בלענד־שאַרפע זונשטראַלן און די בונטע פאַרבן פון די פעלדער, פון שטיקער הימל און פון ווייטע בערגלעך.

ער וועט, ער וועט נאָכגעבן — ער וועט עס נאָכגעבן איר ווילן? נישט איינער אַליין שטייט איר אין וועג; אין דער ערשטער ריי — איר שווער, דער אַנגעכמורעטער ניאָמע. אַ שטיק איינגעגליווערטער וואָלקן, פון בלייענעם ווינטערטאָג אַראָפּגעריסן. דאַן איר אייגענער הערשל — דער האַרטסטער ביסן פאַר אירע שיטערע ציינדלעך... מיטן זון, מיט דודן, וועט זי שוין דורכקומען — אָבער מיט אַ מאָל, דער בריוו פון איר ברודער פון דער הויפּטשטאָט, פון אַבעלען — וואָס איז דאָס פאַראַ מין טראַכטעניש? ווער האָט זיך עס געקענט פאָרשטעלן, אַז דווקא איר ברודער, פון די ערשטע, וואָס האָבן פאַרלאָזן די קאָלאָניע, זאָל מיט אַזאַ אייפער זיך אַנטקעגנשטעלן איר פּלאַן, אַז דוד זאָל פאָרן אין שטאָט אַריין לערנען מעדיצין? זי האָט אים אָנגעדייט, דעם ברודער, אַז דער איינציקער זון זייערער האָט אַ נייגונג דערצו, און זי וואָלט זיך געפילט רויִק און גליקלעך, ווען דער זון זאָל זיך קענען אויפהאַלטן ביי זיי, נישט חלילה אומזיסט. אָבער צוליב פאַרזיכטיקייט, אַן אויג האַלטן אויף אים...

רבקהלע האָט אָנגעגורט די ברילן מיט די גילדערנע ראָמען און צום צענטן מאָל געלייענט און איבערגעלייענט דעם בריוו, וואָס איז געלעגן אויפן קאַנט פונעם אָפענעם פענצטער. זי האָט צווישן די שורות געזוכט אַ רמז וועגן דער גרייטקייט אויפצונעמען דודן אין שטאָט. אַ לייכט ווינטל האָט אַ שאַרשקע געטאָן צווישן די פּאָר בלעטלעך, און דעמאָלט האָט עס געשעפּטשעט אין אַ נישט פאַרשטענדלעכער שפּראַך.

„דו וועסט זיך אַוודאי וווּנדערן, מיין שוועסטער, וואָס איך שרייב דיר אין אַזאַ סטיל. דו האָסט געקענט אַבעלען פון יענע יוגנט־יאָרן, ווען ער האָט זיך געריסן אין שטאָט אַריין און נישט איבערגעקליבן די וועגן און די פּרנסות. אַ מענטש איז אָבער נישט קיין שטייענדיק וואַסער... איך פאַרשטיי, אַז נישט אַלע קאָלאָניסטישע קינדער קענען און וועלן זיך איינוואָרצלען אין דאָרף. דאָס איז אויך אַ וועלט־קרענק. אָבער מיר מוזן טאָן דאָס מעגלעכסטע, אַז וואָס מער זאָלן דאָרט בלייבן. „מיר", מיין איך אייך און אויך אונדז, די שטאָטישע יידן. דאָס פאַרלאָזן די קאָלאָניעס וועט ברענגען אומגליק און שאַנדע אויפן גאַנצן ישוב. דאָס וועט שטעכן די אויגן פון די גויִים".

אַן אימפּעטדיקער אויפברויז האָט זי אַ טראַג געטאָן פונעם פּלאַץ, פּונקט ווי זי זאָל צום ערשטן מאָל האָבן געזען די פּאָר שורות. זי האָט אַראָפּגענומען די ברילן און דעם בריוו אַ שליידער געטאָן אויפן גרויסן טיש, וואָס איז געווען באַצויגן מיט אַ באַבלימטער צעראַטע.

„אַט האָסטו דיך אַ נייע טעאָריע — איך וועל זיצן אין שטאָט, עקס־פּלואַטירן צענדליקער נייטערינס, מאַכן מיליאָנען — און פּראָפּאַגאַנדירן, אַז קאָלאָניסטישע זין זאָלן נישט פאַרלאָזן די פעלדער, נישט פאַרלאָזן, ווייל דאָס איז נישט שיין פאַר אונדז — — — זייער אָריגינעל...״ אינסטינקטיוו האָט זי ווידער אויסגעשטרעקט די האַנט צום בריוו.

„און אויב יאָ לערנען, יעדער האָט דאָך רעכט צו געבן אַ העכערע בילדונג זיינע קינדער, איז פאַר וואָס דווקא אויף דאָקטער? צי פעלן דען הויט־שניידער דאָ? פאַר וואָס נישט קיין אַגראָנאָם? דאָס וועט דאָך זיי צובינדן צום באָדן. יאָ, מיר דאַ קלערן ערנסט וועגן אַ יידישער אַגרי־קולטור־שולע. דאָס איז דאָך אַזוי וויכטיק, ווי קאָמערץ־שולן אָדער אַדוואָ־קאַטור״...

דאָס מאָל האָט זי נישט אַוועקגעשליידערט דעם צעקנייטשטן בריוו. זי האָט אים נאָר שטאַרק פאַרקלעמט צווישן די קליינע פינגער אירע, ווי צו וועלן עמעצן וויי־טאָן:

— „יאָ, פאַר וואָס זאָלסטו נישט שיקן דיינע קינדערלעך אין אַגרי־קולטור־שולן? פאַר וואָס זאָל דווקא מיין דוד פאַרשעמערן דיין פּנים? דווקא מיין איינציקער זון זאָל דיר דינען פאַר אַן עקספּערימענט? נייך, מוחל!... נאָך נישט אַרויסגעקראָכן פון דער „געזעלשאַפט״, און שוין וואַקסן אויס נייע פאַרזאָרגער״...

„איך וועל איך אַלעמען איינבייסן, איך וועל איך איינברעכן״ — האָט רבקהלע זיך געשטאַרקט און אויפגעשטאַנען פון איר פּלאַץ. דאָס צימער איז שוין פול געווען מיט בלייכע שאָטנס. דורכן פענצטער האָט זי דערזען אויף אַ פּאָר הונדערט מעטער פון דאַנען די איינגעבויגענע געשטאַלט פון איר שווער, ניאָמע. ער איז אַרויס פון שטוב, מיט לאַנגזאַמע אָפּגעהיטע שריט האָט ער זיך דערנענטערט צו דער קופּע אָנגעהאַקט האָלץ און אויף זיינע אָרעמס צוזאַמענגעלייגט אַ פּאָר קלעצלעך. ער האָט אויסגעגלייכט דעם רוקן, געבליבן אַ מינוט שטיין, אָנגעשטרענגט זיין בליק אין דער

ריכטונג פון אָפענעם פענצטער, ווו רבקהלע איז געשטאַנען — און ער איז פאַרשוווּנדן צווישן די צעוואַקסענע טאַמאַריסקן־ביימער.

זי האָט זיך אומגעדרייט און דורכן אָפענעם אַריינגאַנג געקוקט צו די ברייטע צימערן, פון וואַנען אַ געדריקטע שטילקייט האָט אַהערגעאָטעמט. זי האָט אַ שפּאַן געטאָן צו דער ספּאַלניע, ווו דאָס גרויסע פּאָרל־בעט איז געווען אויסגעגלעט און פאַרצויגן מיט אַ דאַמאַסקן־דעק, אויסגעהאַפּטן מיט אָריענטאַלישע בילדער. די שטילקייט פון דעם בין־השמשות האָט אויף איר אַנגעווייעט אַ נישט דערקלערבאַרע בענקשאַפט. זי האָט זיך ראַפּטעם אַ וואָרף־געטאָן אויף דעם פּוכיקן געלעגער, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און געלאָזט פריי לויפן די טרערן. אַזוי ווי זי האָט געוווּסט, אַז זי איז אַליין אין שטוב, האָט זי זיך נישט אָפּגעהאַלטן אַפילו צו העשען אויפן קול.

הערשל איז נישט געווען אין דער היים. מען האָט אים איינגעלאַדן אויף אַ טרעפונג פון יונגע קאָלאָניסטן און אונטערגעוואַקסענע זין פון די אַרומיקע קאָלאָניעס. די פאַרזאַמלונג קומט היינט פאָר אין אָוונט, אינעם שטעטל, און עס וועט דאָרט אויפטרעטן אַ דעלעגאַט פון דער יוגנט־פעדעראַציע פון די קאָלאָניסטישע זין. יאָ, זין, אָבער נישט קיין טעכטער.

נעכטן איז דער דעלעגאַט געווען ביי זיי צו גאַסט און אין אָוונט זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ פּאָר יונגע־לייט פון דער קאָלאָניע. מען איז געזעסן ביים טיש, געקנאַקט קערלעך און געשמועסט וועגן די אויפגאַבן פון דער ערשט געגרינדעטער יוגנט־פעדעראַציע, וועגן דעם ביולעטין, וואָס מען גיט אַרויס און וועגן די צילן פון די יוגנטלעכע אַגראַר־צענטערס, וואָס מען שטעלט אויף אין די קאָלאָניעס. מען האָט גערעדט וועגן זיי, ווי וועגן אַ מין פעסטונג קעגן דער שטענדיקער האַרטער פּאָליטיק פון דער „געזועל־שאַפט", וועגן איינברעכן די קאָנסערוואַטיווע שטעלונג פון אַלטן דור און וועגן דער קולטור־אַרבעט אין די קאָלאָניעס, וואָס מען דאַרף באַנייען.

רבקהלע האָט דערלאַנגט כיבוד און געזעסן אין דער זייט, ווי איר וואָלט נישט אָנגעגאַנגען דער שמועס. זי האָט אָבער צוגעלייגט אַן אויער, און די קאָלירן אויף איר פּנים האָבן זיך געביטן ווי זי זאָל האָבן דורכגע־קאָכט אַלע אַרויפגעבראַכטע פּראָבלעמען.

— אַלע אייערע פאָרשלאָגן און דיסקוסיעס האָבן נישט קיין אָנהאַלט און קיין יסוד — האָט זי זיך פּלוצלינג אַריינגעמישט אין די רייד —

איר בויט אַלע פּלענער אויפן זאַמד... גלייבט מיר, איך ווייס, וואָס איך זאָג אייך...

די שמועסער זענען אַ מינוט שטיל געבליבן. הערשל האָט זיך אויפגע־שטעלט און אַרויפגעלייגט זיין אויסגעאַרבעטע דלאָניע אויף איר זאַרג־פעליק פאַרדרייטן קובליק, ווו די ערשטע גרויע האָר האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווייסלען. ער האָט געמיינט, אַז אָט־אָט, און זי וועט די פּערזענלעכע דיסקוסיע זייערע וועגן דער צוקונפט פונעם זון דאָ אַרויפברענגען און דאָס האָט ער געוואָלט אויסמיידן. זי האָט אַ ווענד געטאָן צו אים אירע קאַרע אויגן. זיי האָבן איצט מער געפינקלט ווי געוויינלעך:

— יאָ, עס וועט נישט האָבן קיין צוקונפט... אָן אונדז... אָן די פרויען.

און זעענדיק, אַז אַלע שווייגן האָט זי זיך אָנגעגורט מיט מער מוט:

— איר מענער, קענט אַלץ באַשליסן. איר קענט עס טאָן אויף אַלע קאָנגרעסן און צוזאַמענפאָרן. אָבער צי האָט איר געזאָרגט, אַז די פרוי זאָל אויך אָנטיילנעמען אין אָט די שמועסן? צי דאַרפן מיר טאַקע נאָר דורכפירן אייער ווילן? צי וועט דאָס אונדז דערמוטיקן אייך נאָכצוגיין?

און באַלד האָט זי אָנגרייפנדיק געפרעגט:

— וויפל פרויען באַטייליקן זיך אין דער קאָאָפּעראַטיווער פירונג? וויפל געפינען זיך אין די רייען פון אייער יוגנט־באַוועגונג? דערציילט מיר נישט קיין בבא־מעשיות, אַז די פרויען זענען נישט פעיִק צו דעם! צי זעט איר דען נישט אַליין ווי לעכערלעך איר זעט אויס אין אונדזערע אויגן? זאָגט אַליין, מיינע העלדן, אין וועמענס הענט און אין וועמענס ווילן ליגט דער גורל פון דער קאָלאָניע? צי האָט איר זיך געשטעלט אָט די פּשוטע פראַ־גע? מיר, מיר די פרויען, וועלן עס באַשטימען!...

זי האָט זיך איצט כמעט ווי אַליין נישט דערקענט. זי האָט זיך ווי־דער דערזען, ווי מיט צענדליקער יאָרן צוריק, אין דער אַמאָליקער קאָלאָניע מאַנטיעל, ווען וואָלטער ברוק, דער פאָרשטייער פון דער „געזעלשאַפט", איז געקומען מיט ניאָמען און שלומען איבערצייגן אַ טייל פון די קאָלאָניסטן, זיי זאָלן אַריבערפאָרן אין אָט דער נייער געגנט. דעמאָלט האָט זי, רבקהלע, געשליידערט באַשולדיקונגען וועגן דער אָפּגעלאָזענער באַציִונג און וועגן באַשלוסן, וואָס קומען נאָך דער צייט...

אין דעם מאָמענט האָט זי אויפגעהערט צו וויינען און זיך אויפגעזעצט. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אין דער שטילער לאַנגזאַמער שקיעה

פונעם טאָג האָט זיך דורכגעשלייכט אַ געשטאַלט ביים פענצטער, דורכגעשאַרט זיך, ווי אַ שאָטן און פאַרשוווּנדן. און ווידער איז אַלץ איינגעזונקען אין אָוונט־טונקעלונג. פון דער וויטנס קאָלערט זיך אַהער דאָס תאוודיקע מרוקען פון אַ בוהיי. עמעצער פאַרטרייבט די קי־סטאַדע אינעם „קאָראַל“ אַריין. זי איז רוּיִקער געוואָרן, און זיצנדיק אַזוי אינעם ווייכן בעט האָט זי זיך געשפּילט מיט די פראַנדזן פון צודעק, די אויגן געווענדט צום בלוילעך־געקאַלכטן סופיט. אין די ווינקלען האָבן קליינע שפּיגען אויסגעוועבט אַ לייכטן געוועב און דאָרט פאַרפּלאָנטערט אַ פליג, וואָס האָט פאַרצווייפלט זיך געראַנגלט און געזשומעט.

נעכטן אין אָוונט, נאָך דעם ווי די יונגע שכנים זענען אַוועק יעדער צו זיך אַהיים, האָט זי געהאַט דעם ערשטן ערנסטן קאָנפליקט מיט הערשלען. זי האָט אים אָפן דערציילט וועגן אירע פּלענער, אַז דוד זאָל פאָרן לערנען מעדיצין אין שטאָט אַריין. הערשל האָט שוין פון פריִער געוווּסט, דורך אָפּגעהאַקטע רמזים, אַז זי פאַרנעמט זיך אויף דעם וועג. אָבער אַז זי זאָל אַליין, אויף איר אייגענעם חשבון, פאַרפירן אַ שמועס מיטן זון, אים איבערצייגן און זיך ווענדן צו אַבעלען וועגן אַ קוואַרטיר פאַר אים אין שטאָט — דאָס איז שוין געווען אַ צו געוואַגטער שריט, אַז ער זאָל עס דורכלאָזן און צו רעאַגירן.

ווי זיין טבע איז געווען, האָט ער עס נישט געטאָן דורך בייזערן זיך. ער האָט עס געהאַלטן פאַר נישט ווירקזאַם. ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ און זיך דערנענטערט צו איר, אָנגענומען אירעביידע קליינע הענטלעך און אַריינגעקוקט מיט שאַרפקייט אין אירע העל־ברוינע עטוואָס אַרויסגעשטעלטע אויגן. ער האָט ווי געציילט די רייד:

— צי מיינט זי באמת, אַז ער, הערשל, האָט שוין מער נישט וואָס צו זאָגן? צי שטעלט זי זיך פאָר אַ נאָך גרעסערע חרפה, אַז מען זאָל אָפּהאַקן אַזעלכע גורל־זאַכן אַזוי זיך, אַליין און אין איילעניש, ווי אַ שטיק פליייש אויפן קלאָץ? צי איז דאָ נישט פאַראַן קיין פּלאַץ צו וועגן און מעסטן? אָט, זאָל זי נאָר אַ טראַכט טאָן: מען וויל דאָך באַנייען די באַוועגונג איינצוהאַלטן די יוגנט אין דאָרף. מען וויל אָרגאַניזירן די בעסטע כוחות, מען וויל שאַפן קרייזן פאַר לערנען און פאַר קולטור־אַרבעט. מען וויל זיך נישט פילן מער אָפּגעזונדערט. מען וויל נישט לאָזן מער די זאַכן אויף גאָטס באַראָט. אָט, אַ נייע מלחמה איז אויסגעבראָכן, און יידן זענען ווידער

די ערשטע קרבנות. צי קען אַ גוטע אָרגאַניזירטע לאַנדווירטשאַפט נישט זיין קיין פאַקטאָר אויפצונעמען טויזנטער נייע אימיגראַנטן אויף ערד? אויסער דעם, ווי וועט מען קוקן אויף אים, אויף הערשלען, וואָס זיין אייג־ציקער זון פאַרלאָזט דאָס דאָרף אין אָט דער צייט פון וויכטיקע ענדערונ־גען? און טאַקע — ווער וועט צי׳ען ווייטער דעם פאָדעם, ווער? און וואָס וועט דער טאַטע זאָגן, האַ, רבקהלע? שטעלסט זיך פאָר?...

זי האָט געזען זיין שאַרפן בליק און געפילט די וואַרעמקייט פון זיינע גרויסע אויסגעאַרבעטע הענט. אויך זיינע רייד האָבן געוויעט מיט וויכ־קייט, וואָס האָבן איינגענומען און איבערצייגט. די וואַרעמקייט פון זיינע הענט איז איבערגעגאָסן געוואָרן אין איר גאַנצן קערפּער. זי איז אָבער געבליבן קאַלט אין איר האַלטונג. זי האָט עס געטאָן מיט פרוי׳שער אויסרעכענונג, כדי נישט צו פאַרשפּילן די ענדגילטיקע שלאַכט, די שלאַכט וואָס איז פאַר איר געווען אַ מעגלעכער אויסוועג.

— איך זאָל זיך רעכענען — — — וואָס, זיך רעכענען איצטער מיט דיין באַקוועמער לאַגע צווישן גאָט און לייט? דווקא איצט, ווען עס וויזט זיך מיר אַזאַ געלעגנהייט? צי האָסטו און דער טאַטע דיינער, צי האָט איר זיך ביידע ווען עס איז גערעכנט מיט מיין מיינונג? יעדער פאַר זיך און ביידע צוזאַמען — אָבער שטענדיק אָן מיר. די גרויסע באַשלוסן, אָן מיר, שטענדיק אָן מיר. איצט וועל איך פּרווון... אַליין...

ליגנדיק אויפן בעט האָט זי זיך דערמאָנט אין הערשלס שווייגן. דאָס איז געווען, לויט איר פאַרשטעלונג, דער הערשל פון יענע אַלטע צייטן, דער קאָנספּיראַטיווער העלד פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס איז שטום געבליבן זיצן אויף זיין פּלאַץ, ווי פאַר אַן אויסגערעכנטן וויכטיקן שריט — אָדער גאָר ווי נאָך אַ נישט געלונגענער אַקציע.

איצט האָט זי ווידער איינגעגראָבן איר פּנים אין קישן און זיך נאָך אַ מאָל צעכליפּעט. זי האָט נישט געוווּסט פאַר וואָס, אָבער פון אירע פאַר־מאַכטע נאַסע אויגן איז נישט אָפּגעטראָטן דאָס בילד פון הערשלס זיצן פאַרוויקלט אין זיין לאַנגן אייגענעם שווייגן. די אויגן קוקן אויף איר, גלייך אין איר פּנים אַריין, און דאָך איז זייער בליק ווייט, ווייט — ווער ווייסט ווי ווייט פון דאַנען.

זי האָט געוויינט און געכליפּעט צוליב דער דיסטאַנץ, וואָס איז אויפ־געשטאַנען צווישן זיי, צוליב עמעצנס עקשנות, אָבער זי האָט מער נישט

געקענט נאָכגעבן. זי איז שוין אין די פערציקער יאָרן פון איר לעבן, און ווען זי האָט געפּרוווט אַ בליק טאָן אויף צוריק, האָט זי כמעט אַ שוידער געטאָן — איז דאָס אָפּגעגאַנגענע אויף אָט דעם וועג געווען כדאי? יאָ, איצט איז די צייט צו מאַכן דעם חשבון, איצט איז די צייט.

זי וויל נישט לעבן אויס רחמנות צום אַלטן ניאָמע, איר שווער, זי וויל נישט נאָכגיין הערשלען ביזקל סוף אויס רחמנות, ער זאָל זיך חלילה נישט איינברעכן, זי וויל נישט צוקומען צו דער לאַגע פון רחמנות האָבן אויף זיך אַליין — און אָן אַן אויסוועג...

הערשל איז דאָך היינט אָפּגעפאָרן אין שטעטל צו דער געגנט־טרעפונג מיטן דעלעגאַט פון דער יוגנט־צענטראַלע. מען וויל דאָ שאַפן אָפּטיילונגען פון אַגראַר־צענטער. שווייגנדיק האָט ער איינגעשפּאַנט דאָס פערד אין וועגעלע און אָפּגעפאָרן איבערן זאַמדיקן וועג. ער וועט מן־הסתם צוריק־קומען שפּעט אין אָוונט.

ווידער האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז אַ שאָטן האָט זיך דורכגעשאַרט פאַרביי דעם פענצטער און אירע אַקסלען האָבן אויפגעציטערט. זי האָט זיך אויפגעזעצט און אַרויסגעבליקט דורכן פענצטער. עס איז שוין געווען נאַכט און אויסער די וויגנדיקע שאָטנס, וואָס זענען געפאַלן פון די בוימער, האָט מען גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט.

און נאָך דעם האָט זיך אַריינגעשלייכט די דינע, עטוואָס איינגעבויגענע פיגור פון ניאָמען. ער איז אַריין אין שטוב שטילערהייט און נישט אָנגע־קלאַפּט. נישט איין מאָל פלעגט רבקהלע זיך אויפרעגן און אויפמערקזאַם מאַכן הערשלען, אַז דער אַלטער גייט אַריין אין אַ פרעמדער שטוב און קלאַפּט נישט אָן. „פרעמדער"? צי מיינט זי, אַז דער טאַטע האַלט די שטוב אונדזערע פאַר אַ פרעמדע? ער איז דאָך געוווינט דאָ פונקט ווי ביי זיך. וואָס איז דער אונטערשייד? דער טאַטע האָט דאָך מיט די אייגענע הענט די לאַמפּאַטש געקנאָטן און די ווענט אויפגעשטעלט — נישט נאָר ער, אויך זשאַמע קוריס...

אָבער רבקהלע האָט נישט געליטן פון אַזאַ איבערגעטריבענער היי־מישקייט. זי האָט געוואָלט זיך מער אָפּשליסן — אָנצייכענען גרענעצן און פאַרצאַמען זיך אין אַן אינטימען ווינקל. דאָס איז געווען נאָך אין די ער־שטע טעג, אין יענער צייט, ווען זי האָט דעם אַלטן ניאָמען פאַרערט און געשעצט. אויך ביי באַשקען האָט זי שטענדיק געמאָנט דיסטאַנץ. באַצויגן

זיך צו איר מיט רעספעקט, אָבער קיל, כדי נישט צו געבן קיין געלעגנ־הייט צו פיל אַריינצודרינגען אין אירע פּערזענלעכע ענינים.

אָבער זינט באַשקע איז געשטאָרבן האָט אַ קילקייט אָנגעוויט אין זייערע באַציִונגען. ניאָמע איז געוואָרן מער כמורנע און מער עמפּינדלעך אויף זאַכן און רייד. ער האָט זיך נישט אויפגערעגט, אָבער אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ בולטער צער. אין די מערסטע פאַלן פלעגט ער זיך אויפשטעלן, אַ פיר געטאָן מיט די פינגער איבערן גרויען בערדל, אָפּגע־זיפצט אַזוי, אַז דער זיפץ פלעגט זיך דורכרייסן צווישן די געציילטע ציי־נער אין מויל, ווי אַ נישט געלונגענער פייפן, און זיך אַרויסגעדרייט פון דער געזעלשאַפט אין ווינקל, ער האָט זיך געפונען. ווער עס האָט געקענט זיין גוטמוטיקייט אין די סאַמע ערנסטע מאָמענטן, האָט קלאָר געקענט אויסטיילן די שווערע ליידן, וואָס ער גייט דורך.

ניאָמעס אַריינגיין אין שטוב האָט איר נישט איבערראַשט. זי איז היינט געווען אַזוי אָנגעצויגן און דורכגענומען מיט אינערלעכע אויפטרייסלונ־גען, אַז יעדער שמועס, וואָס האָט געקענט צושפּיצן איר פּראָבלעם — איז איר געווען צום האַרצן. זי איז געבליבן ליגן אָנגעלענט אויפן קישן און זי האָט מיטן עק פונעם דעק ראַפּטעם אַ וויש געטאָן די אויגן:

— זיצט, אָט איז די שטול, זיצט... פאַר וואָס זיצט איר נישט... — זי איז אַפילו געוואָרן אַ ביסל אומגעדולדיק.

— האָסט... האָסט געוויינט, רבקהלע? פאַר וואָס האָסטו עפּעס גע־וויינט? — נו, וואָס פאַר אַ פראַגע? אַ פרוי קען דאָך געפינען טויזנט תירוצים צו וויינען...

— און אַ מאַן נישט? פון ווען אַזעלכע גיבורים? — האָט זי גערייצט זיך אָפּגערופן.

זיינע רויטלעכע אָבער לעבעדיקע אויגן האָבן אַרויסגעפינטלט פון אונטער די גרויע אַראָפּגעהאָנגענע ברעמען.

— דו ווייסט דאָך נישט פון היינט, רבקהלע — האָט ער זיך צו־געזעצט און אָנגעשפּאַרט דעם עלנבויגן אויפן טונקעלן סענקעוואַטן טיש — דו ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט פון די קריגער. וואָס אמת, איך בין נישט קיין נאָכגיביקער. אָבער כ׳בין פון שטענדיק אָן געווען גרייט צו פאַררייבן יעדן ברוגז, וואָס פלעגט אַ מאָל, ווען באַשקע ע״ה האָט נאָך געלעבט, אַרויסשפּרינגען. דו ווייסט עס דאָך זייער גוט, נישט פון היינט...

ריכטיק. ווען באַשקע, די שוויגער האָט געלעבט, זענען אָפט אויסגע־בראָכן שטרייטן צווישן זיי. געווען מאָמענטן, ווען צוליב נאַרישקייטן האָט מען' זיך פאַרעקשנט און נישט נאָכגעגעבן. געווען אַ מאָל אויך מער ערנסטע מאָטיוון, און שטענדיק האָט ניאָמע ווי אַ רודף־שלומניק נישט געשטעלט זיך אויף קיינעמס צד. רבקהלע האָט שטענדיק געהערט זיין זאָג: „באַשקע, געדענק, אַ שאַרף וואָרט צווישן אייגן בלוט און פלייש — פאַרגייט. אָבער טרעפט עס אַ „צוגעלאָנטשעטן", וועט עס באַשטיין אויף זייער לאַנג..."

— איך ווייס עס גוט, שווער לעבן, אָבער וואָס פאַרא שייכות האָט עס צו מיין ווייטן? געלעכטער און געוויין איז אַ פּריוואַטער ענין...

— עס איז נאָר געוועגדט ווער עס איז דער גורם דערצו... ווייסטו צוליב וואָס איך בין אַריינגעקומען?

— כ'ווייס? פאַר וואָס זאָלט איר באמת נישט אַריינקומען? יאָ, צי ווילט איר אפשר אַ גלאָז טיי, אָדער אַ מאַטע? — זי האָט זיך אַ הייב געטאָן פון פּוכיקן געלעגער.

ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט געצויגן דאָס רערל פון דער מאַטע און זיין בליק איז געווען איינגעשניטן אין גרינלעכן שוים, פון וואַ־נען דער ווייכער אַראָמאַט האָט געגלעט דעם גומען. עפּעס האָט זיך אין אים מיט וואַרעמקייט אָפּגעריסן און די אויגן זענען אים פאַרגלאָזט געוואָרן מיט אַ דינער נאַסקייט. שנעל־שנעל האָט ער מיטן אַרבל אַ וויש געטאָן אונטערן אַראָפּגערוקטן דאַשעק, ווי ער זאָל אַ וויש טאָן דעם שווייס פונעם שטערן.

— צי איז אמת, רבקהלע, אַז דו ווילסט אָוועקשיקן דודלען קיין בוענאָס־איירעס צו לערנען? — ער האָט די פראַגע געשטעלט אין איין אָטעם.

— ריכטיק. וואָס איז דאָ דער פאַרברעכן? צי דאַרף אַ מאַמע נישט זאָרגן פאַרן גורל פון איר זון, פון איר איינציקן זון?

— אַ מאַמע? און דער טאַטע נישט? און איך — צי מיינסטו נישט, רבקהלע, אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט מיין אייגן לעבן? האָט הערשל נישט קיין רעכט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן דער צוקונפט פון זיין זון? איך רעד שוין נישט וועגן מיר. וואָס האָב איך דאָ צו טאָן? וואָס וועט זיין נאָך מיר? אפשר מושבֿ־זקנים?

ער האָט מיט אַ כיוון אַרויסגערעדט דאָס שרעקלעכע וואָרט, וואָס האָט אין אים שטענדיק דערוועקט פּחד און קאָשמאַר. אין אָט דעם לאַנד איז מושב־זקנים געווען פאַרבונדן מיט שרעקלעכע טראַגעדיעס. אַהין האָבן אַרויפגעאַרבעטע זין געשיקט דעם אַלטן טאַטן אָדער מאַמען, וואָס האָבן באַלעסטיקט די מאָדערנע אויסשטאַטונג פון דער וווינונג, דעם אַסימי־לאַציע־שטייגער און די איינגעפירטע גוייִשקייט. דאָס איז געווען אַ מין פאַרשיקטקייט, וואָס איז אויף זיי נגזר געוואָרן אויף דער עלטער.

ער האָט נישט באַמערקט, ווי רבקהלע איז אַ מינוט רויט געוואָרן, ווי מען כאַפּט עמעצן אין מיטן אַן עבירה, און זי האָט נאָך דעם איילנדיק אָפּגעראַמט פונעם טיש, ווי צו געבן אַן אָנווונק, אַז איינגנטלעך איז שוין אַלץ אַרויסגעזאָגט געוואָרן וועגן דעם ענין, צוליב וועלכן ניאָמע איז אַהער־געקומען נאָך אַ סך טעג פון אויסמיידן די שטוב.

הערשלען איז שווער געווען איינצושלאָפן יענע נאַכט. ער האָט זיך צוריקגעקערט שפּעט אין אָוונט פון דער פאַרזאַמלונג פון יונגע קאָלאָ־ניסטן און ער איז געווען אונטערן רושם פון די פּלענער אויפצווועקן פון דאָס ביי דעם אינטערעס ביי דער יוגנט צו אירע אייגענע פּראָבלעמען. געווען אַ שפע פון מיינונגען און רפואות אויף צו היילן די ווונדן פון יידישן דאָרף. נישט ווייניק פון די מענטשן האָבן ערנסט געמיינט, אַז ס'וועט קומען אַ ווענדונג.

רבקהלע איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן ווייכן ברייטן בעט, כמעט אין דער מיט. זי האָט אויסגעזען דרימלענדיק, און יעדער פּרווו זיינער זיך אַריינצוגנבענען אין בעט אָן איר אויפצווועקן. איז נישט געלונגען. אין דרויסן האָבן שוין די הענער געקרייט האַלבע נאַכט און די שוואַכע שיין פון אַריינגעדרייטן קנויט האָט זיך פאַרמאָסטן מיט די שאָטנס אויף די בלאַנקע ווענט.

זי איז געלעגן און געאָטעמט דורכן שלאָף און אפשר דורך אַ גוט צוגעטראַכטער שפּיל זיך נישט אויפצווועקן. ער איז אַריין אין בעט און דאָס שטיקל פּלאַץ, וואָס איז אים געבליבן ביי דער וואַנט, איז אים ענג געווען. ער האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער און ווילנוויז זי באַרירט. זי האָט אַ לייכטן קרעכץ געטאָן און ווייטער געאָטעמט, ווי אין טיפן דרימל.

ער איז געווען באַלעסטיקט פון זיין איינזאַמען טראַכטן אין דער נאַכט. ער האָט איצט געדאַרפט אויפבינדן די צונג און פריילאָזן די מחשבות. וואָלט ער נישט אַזוי פאַרמאַטערט געווען, וואָלט ער איצט געדאַרפט אַרויס פון דעם נישט־באַקוועמען געלעגער, זיך צוזעצן אין דער ברייטער קיך און לייענען אַ בוך. נייך, נאָך וויכטיקער וואָלט געווען צו ענטפערן אויפן בריוו פון זיין שוואָגער אַבעלען צו רבקהלען וועגן אירע פּלענער פאַרן זון.

און דער זון, דוד, איז דערווייל אָפּגעפּאָרן אין שטאָט אַרייַן. כלומרשט אויף אַ באַזוך צו דער משפּחה. אָבער דאָס איז געווען דער ערשטער שריט פאַר אַן ענדגילטיקן באַשלוס. ער האָט אַפילו באַמערקט אַ לייכטן שמייכל אין רבקהלעס מויל־ווינקלען. צי איז דאָס אַ צופעליקער איבעררוף צווישן חלום און געדאַנק?

עלפטער קאַפּיטל

# אויף נייע וועגן

נישט מיט באַגייסטערונג האָט דוד אויפגענומען דעם זיג, וואָס די מוטער האָט אָפּגעהאַלטן איבערן פאָטער און זיידן. ער איז געווען אַ פלייסיקער שילער, אָבער ער האָט נאָך ביי זיך דעפיניטיוו נישט באַשטימט וועלכן וועג אויסצוקלייבן אין זיין שטודיר־קאַריערע. אַז ער וועט דאָ אין דאָרף נישט בלייבן, האָט ער גריילעך געוווּסט. דער שטאַרקער דרוק פון זיין מוטער און אויך די לאַנגווייליקייט, וואָס האָט זיך צעלייגט איבער דער קאָלאָניע, האָבן באַשטימט זיין גורל ווייט פון דאַנען. צו דעם האָט נאָך געווירקט דער פאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיינע חברים האָט שוין אויסגעוויילט זיין וועג. ווער עס שטודירט שוין אין שטאָט, ווער עס האָט זיך גענומען צו האַנדל, און אייניקע האָבן זיך סתם גענומען צו לערנען פאַכן, כדי אָנצושלאָגן זיך צו עפּעס אין לעבן — אויסער די גרענעצן פון דאָרף.

געציילטע האָבן זיך נישט געוואָלט צעזעגענען מיט די ברייטע אָפענע האָריזאָנטן פון פעלד און מיט די הויכע הימלען איבערן קאָפּ, און זיי זענען עס טאַקע די, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט אימפּעט — אפשר אויף צו להכעיס — דעם יוגנטלעכן אַגראַר־צענטער. דאָס איז געווען אַ מין עקשנותדיקער אָנשטעל צו באַווייזן, אַז אויך דאָ אין דאָרף בלייבן נישט נאָר די הינטערשטעליקע און טויגנישטן.

טיף אינערלעך איז דוד אַליין אויך געווען אויף דער זייט פון די ווינציקע עקשנים — אפשר דערפאַר, ווייל פון די קינדער־יאָרן אָן האָט ער אַרויפגעקוקט צו זיין זיידן און געזען אין אים דעם מאַן, וואָס גייט נישט איין אויף קיין קאָמפּראָמיסן. אויך דעם פאָטער האָט ער געשעצט און

אַפילו געזען זיך לגבי אים אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ. אין דער אַנוועזנהייט פון פרעמדע, בשעת מען פלעגט דערמאָנען הערשלס רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט, פלעג דוד זיך פילן נישט באַקוועם, און נאָך מער ווען די סביבה איז געווען אָנגעשטעקט מיט „לינקקייט". דאַן האָט מען נישט פאַרגעסן צו באַמערקן, אַז היינט איז הערשל אַן אמתדיקער „לינקע"־פרעסער.

אָבער מער פון אַלץ האָט אים געשראָקן און אָפּגעהאַלטן די אומ־באַקאַנטע און רוישנדיקע גרויסע שטאָט — ער איז שוין דאָרט געווען אויף אַ באַזוך נישט איין מאָל. דאָס איז געווען דער רייץ פון אַ קורצ־אָטעמדיקן באַזוך און אַ געכאַפּטע פאַרוויילונג, אָבער ער האָט נישט גע־קענט באַנעמען דעם אמתן זין פון משונהדיקן קאָכקעסל, צו וועלכן עס צי׳ען זיך שטראָמען פון אַלע עקן פון ריזיקן לאַנד.

ער איז געווען דער גורם פון דער משפחה־קריג, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין שטוב זינט אַ פּאָר יאָר — אַ געראַנגל צו פאַנגען אים און איינצוקויפן זיין אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז געווען אַ שטראָמיקער אָנגריף פון ליבע און זאָרג, וואָס האָט אים נישט איין מאָל צעמישט די חושים. יעדער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז ער, און נאָר ער, איז אויסן זיין ריכטיקע טובה, און הגם יעדער האָט עס געטאָן שטיל, אָן אויפצורייסן די אויגן ביים צווייטן — האָט עס דאָך געווירקט אויפן זון, אַז ער זאָל זיך באַצי׳ען מיט אומצוטרוי צו אַלעמען.

רבקהלע, די מוטער — זי האָט געוואָלט אין שטאָט אַריין. האָט זי לאַנגזאַם איין אים אַריינגעטריפט אַ זילזול־געפיל צו אַלץ, וואָס לעבט און ווירקט אין דאָרף און זי האָט זיך באַמיט אַרויסצודראַפּען יעדן ברעקל באַדן אויף וועלכן ער טרעט דאָ אין קאָלאָניע. שטענדיק האָט זי געפונען אַ לעבעדיקן ביישפּיל, צו באַווייזן, ווי אַזוי דער זון פון יענעם שכן אָדער די טאָכטער פון אַנדערן עק דאָרף, האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דער גרויס־שטאָט. זי איז געווען דער שטענדיקער טראָפּן וואַסער, וואָס בויערט אויס לאַנגזאַם און זיכער דעם לאָך אינעם שטיין.

צו דעם האָט דער זיידע ניאָמע נישט געקענט צוקוקן זיך גלייכגילטיק. ניאָמע האָט געוווּסט, אַז ער געפינט זיך דאָ אין דער פאַרטיידיקונג; מיט יעדן טאָג איז די קאָלאָניע שיטערער געוואָרן פון יונגע־לייט. געוווּסט האָט ער, אַז דער שנורס רייד האָבן אַן אָנהאַלט אין דער ווירקלעכקייט. וואָס

אמת, דער באַדן איז פון יידישע הענט כמעט נישט אַרויסגעפאַלן, נישט קלענער געוואָרן — אָבער קלענער איז געוואָרן די צאָל יידישע ערד־אַרבעטער און גויִישע פויערים האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין די פאַר־לאָזטע יידישע הייזער. ער האָט אָבער נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז נאָך איבער דרייסיק יאָר זיצן אויפן באַדן, און נאָך דעם ווי יאָרן לאַנג האָט ער אַליין מיט דער משפחה זיך געראַנגלט מיט לייט און נאַטור אויפצושטעלן אַ יידיש דאָרף — צי וועט דאָס אַלץ פאַרשווינדן אין ווייניקער יאָרן, ווי מען האָט עס אויפגעשטעלט? פונקט ווי אין יענע ערשטע יאָרן האָט ער געציטערט פאַרן באַשלוס פון זון, פון הערשלען — יאָ אָדער נישט צו בלייבן אין דאָרף, ווייל אויף אים האָט ער געבויט זייך אָנהאַלט — אַזוי האָט ער איצט געפלאָטערט פאַרן גורל פון זיין אייניקל, דעם איינציקן, וואָס איז דערווייל דאָ געבליבן אין דאָרף. מיט אים וועט אויפשטיין אָדער פאַלן זיין איינגעפונדעוועט הויז.

טיף אין זיך האָט ער געוואָלט גלייבן אין אַ נס, אין איינעם פון אָט די ווונדער, וואָס דרייען איבער, אָפט אָן יעדער לאָגיק, דעם גאַנג פון דער געשיכטע און פון מענטשן. איצט איז ווידער מלחמה, מלחמה אויף דער גרויסער וועלט, אַ מלחמה אויף לעבן און טויט, און דער יידישער גורל איז איצט פאַרבונדן מיט דעם עצם קיום פון דער צעוויטיקטער וועלט — טאָ ווער ווייסט וואָס פאַראַ אויסוויקלונגען עס וואַרטן?

הערשל האָט זיך אויך דאָס מאָל געשטעלט אויפן טאַטנס זייט. ער האָט אָבער געפרוווט אָנווענדן אַנדערע און נייע מיטלען, כדי אָנצוקניפּן און דערנענטערן דודן צו דערווירקלעכקייט און צום גורל פון דער קאָלאָניע. הערשל האָט געוווּסט, אַז דוד וועט זיך נישט שטענדיק באַגייסטערן פונעם זיידנס רייד וועגן די אַמאָליקע העראָיִשע יאָרן פון ליידן און פריידן, וועגן די יאָרן אין דער פייכטער כאַטע, דעם קאַמף מיט די ווינטן אין פעלד און מיט די אומפריינדלעכע שכנים, וועגן דעם געראַנגל מיט דער „מומען" (דער „געזעלשאַפט") און מיט די ווילדע שאַקאַלן, וואָס פלעגן אויפראַיען דעם פאַרזייעטן באַדן. ווי אַ סיפּור־המעשה קען דאָס ווירקן איין מאָל און אַ צווייט מאָל, אָבער אָט די רייד — געזאָגטע און געצילטע צו פאַנגען זיין נשמה — האָט הערשל געוווּסט, וועלן קיין לאַנגן אָטעם נישט האָבן.

דערפאַר האָט הערשל געפרוווט ווירקן אויף דודן, אַז ער זאָל אויס־קלייבן די אַגראָנאָמישע קאַריערע. דאָס איז דאָך אַ דיפּלאָמירטע קאַריערע,

וואָס גיט אויסזיכטן צו בלייבן צוגעהעפט צום באָדן. ווען ער וועט אַפילו אַליין נישט זיין אַ פּשוטער ערד־אַרבעטער, וועט ער דאָך דינען ווי אַ פּאַכ־מענישער ראַטגעבער ביי די יידישע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון און ער וועט אַפילו וווינען דאָ אין דער קאָלאָניע. דאָס וועט געבן אַ געוויסע אילוזיע, אַז דער פאָדעם וועט זיך דאָך נישט אין גאַנצן איבעררייסן.

דודל האָט אויסגעהערט דעם פאָטערס עצות און האָט אַליין נישט געקענט באַשטימען אין דעם מאָמענט, אָפּזאָגן אָדער צוזאָגן דעם פאָטער. דער דרוק פון בײדע זייטן האָט אים נישט נאָר צעמישט, נאָר אויך אָפּגענומען ביי אים יעדע פעיִקייט צום זעלבשטענדיקן נאָכדענקען.

אין איינעם אַ טאָג האָט הערשל אים פאָרגעלייגט, אַז איידער ער פאָרט אָפּ קיין בוענאָס־איירעס, זאָל ער זיך באַטייליקן אין אַ קאָלעקטיווער עקסקורסיע, וואָס דער יוגנטלעכער אַגראַר־צענטער אָרדנט איין צו די צפון־קאָלאָניעס באַלד נאָכן סעזאָן פון תבואה־שניט — דער ציל פון אָט דער עקסקורסיע איז געווען, אין ערשטער ריי, אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט די נאָר וואָס געגרינדעטע נייע צענטערס פון אַנדערע געביטן. מען האָט אויך געהאַט בדעה אויפן וועג צו באַזוכן אַ ריי „וויוועראָס" (ספּעקטן, ווו מען קולטיווירט קליינעביימער צום איבערפלאַנצן), ווייל מען האָט ערנסט געגומען רעדן וועגן פאַרפלאַנצן שטחים מיט פרוכטביימער און מיט שאָטנס־אַלעען, כדי די קאָלאָניע זאָל אויסערלעך באַקומען אַ מער שיינעם אויסזען. דער עיקר־ציל אָבער פון אָט דעם קאָלעקטיוון אַרויספאָר איז געווען אַרויסצוציִען די יוגנטלעכע פון זייער דערדריקנדיקער איינזאַמקייט.

אויף דעם האָט דוד מסכים געווען. ער האָט נישט געקענט די ווייטע אָפּגעזונדערטע קאָלאָניעס און געוווּסט וועגן זיי בלויז דורך דעם חודש־לעכן אָרגאַן פון די יידישע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון און פון די געציילטע ביולעטינען אין יידיש און אין שפּאַניש.

דאָס איז געווען אַ וואַנדערן מיט באַן און לאַסט־אויטאָמאָבילן איבער שטרעקעס פון פיל הונדערטער קילאָמעטערס. ווייניק האָבן זיך די נאַטור־פּייזאַזשן געענדערט דורך אָט דער רייזע, און נאָר ווו נישט ווו איז מען דורכגעפאָרן אַ וואַלד אָדער איבערגעשניטן אַ בריק איבער אַ טייך. עס זענען געווען פלאַכלענדער, ווו טויזנטער קי און פערד האָבן זיך געפּאַשעט און נאָר דאָרט, ווו די געגנט איז געבענטשט געווען מיט רעגנס, האָבן זיך געגרינט און געבלימלט די שמעקנדיקע אַלפאַלפאַ־פעלדער.

אויף די וועגן האָט מען געטריבן קי צו די פעריען. דער הילכיקער גאַלאָפּ, דאָס נאָכאַנאַנדיקע פּייפן פון די גאַוטשאָס, וואָס האָבן די סטאַדעס באַגלייט, האָט אָנגעפילט די לופט אין דינעם וואַלקנדיקן שטויב.

דאָס איז געווען אַן אַרויספאָר נאָר פון מענער. די פּאָר צענדליק יונ־געלייט האָבן אַפילו נישט געפילט דאָס פעלן פון יונגע מיידלעך אויף אַזאַ אויספלוג. דוד האָט אין אָנהייב צוגעוואָרפן אַ באַמערקונג, אַז ווי עס זעט אויס, איז דער רוף פון די ביולעטינען וועגן דער באַטייליקונג פון די קאָלאָניע־מיידלעך אין אַלע אונטערנעמונגען — נישט מער ווי אַנשטעל. דער אָרגאַניזירער האָט אים אַ רגע באַטראַכט און, ווי צעמישט, לכתחילה נישט געענטפערט. שפּעטער, בעת דער רייזע האָט ער אים געפּרוווט אײַ־בערצייגן, אַז אַזאַ אונטערנעמונג איז פאַרבונדן מיט שוועריקייטן און נישט אין אַלע זאַכן מוז מען דווקא די פרוי באַטייליקן. ביי דודן איז דאָך גע־בליבן אַ געפיל, אַז דער יונגער־מאַן גלייבט אַליין נישט אין דעם תירוץ.

אינעם פּראָגראַם פונעם אויספלוג איז אויך איינגעשלאָסן געווען אַ באַזוך אין איינער פון די עלטסטע יידישע קאָלאָניעס. דאָס איז געווען אין ווייטן צפון, ווו צוריק מיט פופציק יאָר איז אויפגעגאַנגען דער אָנהייב פון דעם גרויסן ווערק.

דאָס איז געווען נאָך איידער דער באַראָן האָט זיך אַראָנזשירט מיט איינשאַפן ערדן אין נייעם לאַנד. אין רוסלאַנד איז דער דרוק אויף די יידן געווען אַ שווערער. עס זענען אָנגעקומען אָפּגעהאַקטע ידיעות וועגן אַ לאַנד, ווו מען קען אָן שוועריקייטן זיך איינשאַפן באָדן. אַגענטן האָבן צוגעזאָגט בערג און טאָלן און געמאָלן ראָזע בילדער פון קינפטיקע רייכטימער. יידן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם, זיך אָרגאַניזירט אין אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט משפחות, און נאָך אַ לאַנגער רייזע, פולע מיט פּיינען און גרוילן, איז מען אָנגעקומען אין צוגעזאָגטן לאַנד. דאָרט האָט מען זיך געזען אָוועקגעוואָרפענע אין כמעט אָפענעם פעלד, צוגעטוליעטע צו אַן איינזאַמער באַן־סטאַנציע אין ווייטן צפון.

דער פּריץ, וואָס האָט זיי צוגעזאָגט באָדן און הילף אויפן ערשטן יאָר, האָט זיי אָפּגענאַרט און זיי איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט. כמעט טויזנט נפשות זענען אומגעקראָכן, ווי ווערעם, ביי דער באַן־סטאַנציע, געבעטלט טרוקן ברויט ביי מענטשן אין די דורכפאָרנדיקע באַנען און פאַרשאָלטן דעם טאָג פון זייער אָנקומען אין דעם נייעם לאַנד.

— און פאַר וואָס האָבן זיי, די אומגליקלעכע, זיך נישט אומגעקערט אין דער גרויסער שטאָט אַריין? — האָט עמעצער פון דער גרופּע גע־פרעגט דעם וועגווייזער.

די גרופּע איז געגאַנגען צו פוס איבער די ברייטע וועגן פון דער אַלטער ייִדישער קאָלאָניע. דאָס איז געווען די פעסטונג פון ייִדישער קולטור און נאָך היינט צו טאָג האָט מען זי באַצייכנט מיטן נאָמען „ירושלים דארגנטינה". גאַסן־קערער, ריכטער און פּאָליציאַנטן פונעם שטעטל זענען געווען ייִדן, און דאָס ביסל גויִים, וואָס האָט געוווינט אינעם שטעטל האָט אויך גערעדט ייִדיש, געשיקט די קינדער אין דער ייִדישער מיטלשול און כמעט זיך אַסימילירט צווישן די ייִדן.

אָבער אויפן וועג האָט מען שוין זוי נישט ווי געזען איינגעפּאַלענע הייזער און קופּעס ציגל.

— זיך אומקערן? צו וועמען און צו וואָס? — האָט דער שוין גרוי געוואָרענער מאַן, וואָס האָט באַגלייט די יוגנט־גרופּע זיך אָפּגעשטעלט — ווער האָט געזאָרגט פאַר זיי, פאַרלאָזענע און פאַרגעסענע? געציילטע האָבן זיך אַרויסגעריסן און ערגעץ אָנגעשלאָגן, אָבער גאַנצע משפּחות האָבן זיך פון דער וויסטע נישט געקענט רירן. אויסער דעם — זיי האָבן דאָ איבער־געלאָזן אַ טייערן באַגאַזש: קינדער אין די בלעכן...

— וואָס הייסט קינדער אין די בלעכן?...

דער באַגלייטער האָט זיך נישט גערירט פון פּלאַץ. עפּעס ווי די גרויל־זכרונות, וואָס ער האָט אויף דער אויבערפלאַך אַרויסגעבראַכט, זאָלן אים האָבן צוגעבונדן צום גרויען איינגעטראָטענעם באָדן. נאָך דעם האָט ער מיטן וויזפינגער דורכגעשניטן די לופט און זיך אָפּגערופן:

— יאָ, זיי האָבן זיך נישט געקענט רירן פון דאַנען. אַ זיבעציק קליינע עופעלעך, פּיצלעך קינדערלעך, זענען אַוועקגעפאַלן פון הונגער און קראַנ־קייטן. מען האָט נישט געוווּסט געניי ווו מען וועט דעם קאָפּ סוף כל סוף אַוועקלייגן. ווו וועט מען איבערלאָזן די צענדליקער קערפּערלעך? האָט מען זיי דערוייל מקבר געווען אין לייִדיקע בלעכן פון נאַפט, מען זאָל זיי קענען אַריבערפירן ווו מען וועט זיך באַזעצן.

איין מאָל איז דורכגעפאָרן אַ צוג און פון פענצטערל האָט אַרויסגעקוקט אַן אינטעליגענטער מאַן — אַ ייִדישער אַגראָנאָם פון דייטשלאַנד, וואָס די

אַרטיקע רעגירונג האָט אים געשיקט אין ווייטן צפון אויסצופאָרשן די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייט פאַר אויסלענדער. ער האָט דערזען דאָס שרעק־לעכע בילד פון די אימיגראַנטן, וואָס שטרעקן די ביינערדיקע הענט צו די פענצטערלעך פון וואַגאָן און בעטלען טרוקן ברויט מיט אַ וויינענדיק לשון און אַ פרעמדן אַקצענט. דער אַגראָנאָם האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון די פאַרלאָזענע משפחות, און ווען ער איז צוריקגעפאָרן קיין אייראָפּע האָט ער אָנגעווענדט זיין איינפלוס אויפן גנעדיקן באַראָן וואָס האָט שוין דעמאָלט געזוכט אַ וועג צו באַזעצן יידן אויף באָדן, און ער האָט איינגעוויליקט צו נעמען די משפחות אונטער זיין שוץ.

פון דעמאָלט אָן האָט דער באַראָן אָנגעהויבן זיין קאָלאָניזיר־אַרבעט דאָ אין לאַנד.

דוד איז געשטאַנען אין ווינקל פעלד פון בית הקברות, ווו מען האָט באַערדיקט די בלעכן מיט די פיצלעך קינדער. צי האָבן זיי באמת געדינט פאַר אַ יסוד צוצובינדן די פאַרצווייפלטע עדה צום אומדאַנקבאַרן לאַנד? נישט איין מאָל איז דוד געפאָרן מיטן זיידן ניאָמע אויפן הייליקן אָרט אין זייער קאָלאָניע צו באַזוכן די קברים פון באַשקען און פון זיאַמען, וואָס איז דערשטאָכן געוואָרן פון דער רוצחישער האַנט פון פאַלשן גאַוטש. דער זיידע האָט אויסגענוצט דעם פיעטעט־געפיל, וואָס יונגע האָבן צו קברים פון אַלטע־לייט אויף צו פאַרשטאַרקן זיין גלויבן אין דער עקזיסטענץ פונעם דאָרף. צי זענען די בלעכן־קברים פון דער קאָלאָניע אין ווייטן צפון אַ כוח אָפּצוהיטן דעם המשך?

דער אויספלוג איז געווען מיט אַ פאַרנעם. מען האָט זיי אַרומגעפירט אין נייע גרופּעס, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרן ערשט דאָ נישט לאַנג. מען האָט אַהערגעבראַכט קאָלאָניסטן, וואָס האָבן דורך צענדליקער יאָרן זיך געמאַטערט אין זאַמדיקע מאָגערע קאָלאָניעס און נאָך לאַנגע קאַמפן מיט דער „געזעלשאַפט" האָט מען אויסגעפועלט מען זאָל זיי אַריבערפירן אין מער פרוכטבאַרע געגנטן. ווען מען האָט די יוגנטלעכע אַרומגעפירט אין די ניי־געבויטע הייף אין די וויט־פאַרוואָרפענע עקן פון דער רייכער יוסטער קאָלאָניע, ווו אַלץ האָט נאָך געאָטעמט מיט בראשית — האָט ביי דודן זיך דערוועקט אַ געדאַנק וועגן אַ פאַרויסגעטראַכטן ציל פון אָט דער רייזע — דערוועקן אין די הערצער פון די יונגע קאָלאָניסטן דעם גלויבן און צובונד צום יידישן דאָרף.

מען קען נישט זאָגן, אַז דאָס האָט נישט געהאַט קיין ווירקונג. אין באַן און אין די אויטאָבוסן, בעת זייער שפּאַנען איבער די געסלעך פון יידישע שטעטלעך, וואָס זענען פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט די יידישע דערפער און צי׳ען זייער חיות פון זיי — אומעטום האָבן זיי דיסקוטירט וועגן זייערע איינדרוקן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויף יעדער דערשיינונג רעאַגירט מיט סקעפּטיציזם און אומצוטרוי, אָבער נישט ווייניק האָבן אין אָט דעם אויספלוג געזען דאָס יידישע דאָרף מיט זיינע ליכט און שאָטן־זייטן, און אין דעם פאַקט, וואָס נישט ווייניק דאָרפסלייט האָבן זיך אַריבערגעפּעקלט אין די שטעטלעך און דאָך דעם באָדן נישט אָפּגעלאָזן, האָבן זיי געזען אַ נייעם שטאַפּל אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קאָלאָניע. בעסער אַזוי, איידער דער באָדן זאָל אין גאַנצן אַריינפאַלן אין גוייִשע הענט.

— דאָס איז נישט קיין רעפאָרם — האָט דוד צוריקגעשטויסן די נייע ווערסיע — דאָס איז אַ דורכפאַל — אַזוי האָט די מוטער נישט איין מאָל דערקלערט איר אַנטוישונג — וואָס איז דאָס: יידישע ערדאַרבעטער, אָדער יידישע ערד־אייגנטימער? יידישע קאָלאָניזאַציע, אָדער קאָלאָניזאַציע פון יידן? צי קען זיין אַ יידיש דאָרף, ווען דער באָדן־אייגנטימער וווינט אין שטעטל, ווו די מערהייט איז אַ גאָר אַנדערער עלעמענט?

דוד האָט גערעדט מיט ברען. די ענינים זענען אים נישט פרעמד געווען; אין שטוב זענען זיי אָפט געלופטערט געוואָרן אין די שאַרפע דיסקוסיעס צווישן דער מוטער פון איין זייט און פאָטער און זיידן פון דער צווייטער זייט. פון שטענדיק אָן האָט ער געפילט אַ לאָגיק אין דער מו־טערס רייד, און אין די פון פאָטער און זיידן — אַ מער עמאָציאָנעלן טאָן.

נישט געקוקט, וואָס דוד האָט געקענט נישט שלעכט יידיש, האָט ער דאָך גערעדט די גאַנצע צייט שפּאַניש. די שפּראַך איז ביי אים געווען גע־שליפן און עטוואָס אַן אונטערזינגענדיקע מיט יענעם דינעם דרוק פון דער צונג, וואָס דערמאָנט דעם שפּאַניש פון דעם סטעפּ־מענטש אין דער פּאַמפּאַ. עס איז שווער געווען אַרויסצודרינגען פון זיין לשון, אַז ער איז נישט קיין פולער קריאָל.

אויך דאָ האָט דוד נישט פאַרענדיקט די עקסקורסיע ביזן סוף. עס זענען אים נמאס געוואָרן די באַזוכן אויף „קבר־אבות״, די טרעפונגען מיט וועטעראַנען, וואָס האָבן מיטן שטייגער לשון פון „אין יענע שווערע צייטן״ אָנגעהויבן זייערע קאַפּיטלעך זכרונות. אַ פּאָר טעג פאַרן פאַרענ־

דיקן די באַזוכן, האָט ער גענומען די באַן און אָפּגעפאָרן אין דער הויפּט־שטאָט. ער איז פאַרפאָרן צו זיין פעטער אַבעלע. ער האָט געוווּסט, אַז אויך ער, דער משונהדיקער גביר, איז פאַרכאַפּט פון דער „פויער־קרענק"; ער האָט געוווּסט, אַז אָן דער הילף און קוואַרטיר פונעם פעטער, וועט אים שווער זיין דאָס ערשטע יאָר זיך איינצואָרדענען און לערנען. דאָס אַלץ איז אים קלאָר געווען, אָבער דאָך האָט ער זיך נישט געוואַקלט און אַוועק צום ווייטן פּערטל אויסער דער שטאָט, ווו דער פעטער אַבעלע האָט געהאַט זיין גוט איינגעפונדעוועטע דירה, מיט אַ גאָרטן אין הינטערגרונט פון הויף און אַ ברייטן אַריינפאָר פאַרן גלאַנציקן געפּוצטן אויטאָמאָביל זיינעם.

*

רבקהלע האָט אירס אויסגעפירט. דוד האָט דורכגעמאַכט די עקזאַ־מענס און איז אויפגענומען געוואָרן אין מעדיצינישן פאַקולטעט. אויב אויפן געביט פון לערנען האָט ער קיין באַזונדערע שוועריקייטן נישט אָנגע־טראָפן אין זיין נייעם וועג, האָט ער אָבער חדשים־לאַנג נישט געקענט איינגלידערן זיך אין דער נייער סביבה, מיט וועלכער ער האָט געדאַרפט זיך פאַרבינדן אין משך פון דעם שטודיע־פּעריאָד.

די מיטלשול האָט ער דורכגעמאַכט אין שטעטל און ער איז כמעט טאָגטעגלעך געווען פאַרבונדן מיטן דאָרף. נאָכן לערנען, אָדער אין די שבתים און יום־טובים, האָט ער זיך געזען אַרומגערינגלט מיט אַן אידי־לישער שטילקייט, וואָס האָט אים אויך דערמעגלעכט צו לערנען און צו דערגענצן זיין וויסן דורך לייענען. ער איז געווען אַ לײדנשאַפטלעכער לייענער און ער האָט דורכגעוואָרפן כמעט די גאַנצע ביבליאָטעק פונעם שטעטל און פון דער מיטלשול.

ער פלעגט אויך זיך אָפּגעבן, אין זיין פרייער צייט, מיט דער אַרבעט אין פעלד. ער איז נישט אַזוי געצויגן געוואָרן צום ברייטן פעלד, צו אַקערן און זייען, אָדער פאַשען די פערד און קי. אַזוי ווי ביז איצט האָט מען געקויפט אינעם שטעטל כמעט אַלע גרינסן, וואָס רוסישע גערטנער האָבן געפלעגט אין זייערע „קינטעס" לעבן שטעטל, האָט ער באַשלאָסן זיך אָפּגעבן מיט איינאָרדענען אַ קליינעם גרינסגאָרטן לעבן דער שטוב. ער האָט אַליין איבערגעקערט די גרויע גרודעס פונעם באָדן, צעברעקלט זיי

מיט דער גראַבליע, אויסגעגלעט לאַנגע און שמאָלע בייטן און פאַרזייט דאָרט פון אַלע גרינסן אין סעזאָן. די באָבע האָט נאָך באַוויזן צו פּאַסמאַקעווען זיך מיט די קיילעכדיקע זאַפטיקע „חודש־רעטעכלעך", סאַלאַט־בלעטער און גרינעם שטשאַוו. אין די פאַרנאַכטן פלעגט ער שלעפּן פעסער וואַסער צו באַגיסן דעם גאָרטן און דאָס האַרץ פלעגט ביי אים ברייטער ווערן, ווען ער האָט געזען דאָס אַרויסשפּראָצן פון די גרינס־בייטן. די שכנים פלעגן באַוואונדערן זיין אויסדויער און אָנגעוויזן אויף אים ווי אַ ביישפּיל, אָבער נישט קיין סך האָבן אים נאָכגעפאָלגט.

אָבער ווען ער האָט אָנגעהויבן זיך צוגרייטן צו די עקזאַמענס, האָט ער לאַנגזאַם פאַרלאָזן די „קינטע", און ווי נאָר די גראָזן האָבן אינוואַדירט דעם באָדן, איז שוין שווער געווען צו מאַכן דאָרט אָרדענונג. די אַנדערע פון שטוב האָבן זיך נישט געקענט פאַרנעמען מיט אַזעלכע „זייטיקע" קלאָפּאָטן, וואָס האָבן פאַרלאַנגט צייט און כוחות.

דוד האָט איצט געלעבט אין דער גרויסער שטאָט און געאָטעמט מיט דער לופט פון קאָנטראַסטן. די אַטמאָספער אין אָבעלעס שטוב האָט אויף אים אָנגעוויייעט אין די ערשטע מאָנאַטן אַ שטימונג פון אומצוטרוי. די דערשיינונגען אין דער משפחה זענען פאַר אים ניי געווען. ער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון רייד, וואָס זענען ווייט פון מעשים — און דאָך ווערן זיי געזאָגט מיט אַזאַ מין פעסטן גלויבן.

אין עק פון הויף איז געלעגן אַ קליין שטיקל באָדן, וווּ אבעלע האָט פּלאַנירט אויפצושטעלן אַ נייעם פליגל פאַר די אונטערגעוואַקסענע קינ־דער. דער באָדן איז געלעגן וויסט און פאַרלאָזן, צייטנווייז זענען אויפגע־גאַנגען ווילדע גראָזן און פילקאָלירטע פעלדבלומען. דערנאָך האָט אַלץ צוריק פאַרוויאַנעט און געל געוואָרן. פון שכנישע הייף פלעג מען שליידערן אַהין פּאַפּירן און אָפּפאַל. איין מאָל אין יאָר פלעגט מען דינגען אַ גוי, ער זאָל ריין מאַכן דאָס שטיקל באָדן און פאַרברענען דאָס מיסט.

אין אַ געמיטלעכן זונטיק, ווען מען איז געזעסן ביים טיש, און ווי גע־ווינלעך האָבן נישט געפעלט קיין געסט, שטענדיקע אַריינגייער אין שטוב — האָט אַבעלע פונאַנדערגעשפּרייט זיין באַליבטע טעמע: דאָס דערנענטערן פון שטאָטישע יידן צום באָדן. ער האָט זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס וועגן מאַסן־צוריקקער פון שטאָטישע יידן, און אויך נישט פון „געוועזענע", אין די אויסגעליידיקטע קאָלאָניעס. אָבער עס זענען

פאַראַן מיטלען און וועגן צו פאַרבינדן ביידע זאַכן צוזאַמען: שטאָטישע פּרנסות דורך דער גאַנצער וואָך, און אויפן שויס פון דער נאַטור — אין די סוף־וואָך־טעג. מען דאַרף אַריינהאַמערן אין קאָפּ פון הונדערטער און טויזנטער פּראָפעסיאָנאַלן און סוחרים, פון אינדוסטריאַלן און אַפילו אָנגעשטעלטע, און אַנטוויקלען אין זיי דעם חוש פאַר דער שיינקייט פון דער נאַטור, אויפוועקן אין זיי די ליבשאַפט צו בלומען און פרישע אוגערקעס... אַנשטאָט צו פאָרן אויף די פּליאַזשעס, ווו דער המון רוישט און טומלט, זאָלן יידן זיך אויסבויען קליינע „טשאַלעטן" (ווילעס) ווייט פון שטאָט. און אפשר וועלן אויפשטיין אַזעלכע, וואָס וועלן אַפילו אַנטוויקלען קליינע גערטנער און אַזוי אַרום אין די זונטיק־טעג זיך באַשעפטיקן מיט ערד־אַרבעט. עס וועט אויפשטיין אַ נייער דור מיט אַ נייעם צוגאַנג און מיט געזונטע רויִקע נערוון.

— אָט נעמט, צום ביישפּיל, דעם פּרווו פון אַ ביישטאָטישער קאָלאָניע: וואָס אַן אמת — הונדערט קילאָמעטער פון דאַנען איז אַ ביסל ווייט. עס זיצן דאָך פאָרט אַ צענדליק געוועזענע קאָלאָניסטישע זין און אַ פּאָר שטאָטישע בעל־מלאכות, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין נייעם קליינעם דאָרף. איך האָב אַפילו דורכגעפירט אַ באַשלוס אין דער אינסטיטוציע, ווו איך אַקטואיר, אַז די מיטגלידער זאָלן קויפן די גרינסן און די מילך פון אָט דער קאָלאָניע. דאָס וועט זיי דערמוטיקן און שאַפן דעם איינדרוק פון צוגעבונדנקייט און זאָרג. אויסער דעם, טראַכטן זיי צוצובויען נאָך אַ פּאָר צימערלעך און יידישע קליינע סוחרים און אָנגעשטעלטע וועלן דאָרט פאַרברענגען זייערע דאַטשעס. נישט אַלץ וועט געלינגען, אָבער עפּעס וועט זיך צוקלעפּן, ניין?

און בשעת די פאַרזאַמלטע האָבן ביי קאַפּע און קאָניאַק דיסקוטירט וועגן די אָנגעוואָרפענע פּלענער פאַרן היינט און פאַרן מאָרגן, האָט דוד גאָכגעקלערט וועגן דעם אָפּגעלאָזענעם פאַרוואָקסענעם „טערענאָ" (באָדן־חלק), וואָס ליגט אין עק הויף און קוקט אַריבער אַהער דורכן אָפענעם פענצטער. ער האָט אַ שנעלן בליק געטאָן אויפן פעטער. צי וואָלט נישט געווען אויסגעהאַלטן, אַז דער פעטער זאָל אַפּליקירן זיינע טעאָריעס טאַקע דאָ, אַ שפּאַן פון זיין רייכן טיש?

ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער געפונען אַ פרייע מינוט, און מיט די פּאָר צונויפגענומענע כלים האָט ער

צעגראָבן און אויסגעגלעט דעם באָדן. די גוטמוטיקע און שטענדיק שמייכל־דיקע אַדעלאַ האָט אים אַרויסגעהאָלפן. דעם נאָענטן זונטיק אין דער פרי, ווען אַבעלע איז אויפגעשטאַנען פון זיין שלאָף און אַריין אין קיך צו טרינ־קען די פרימאָרגן־מאַטע, האָט ער אַדעלאַן נישט געטראָפן, און ווען ער איז אַרויס דורך דער הינטערטיר, האָט ער צו זיין שטוינונג געזען ביידן, זיין פרוי און דודן, ווי זיי זענען אָנגעבויגן איבער די אויסגעבעטע ווייכע בייטן און ביי אָנגעצויגענע שטריקלעך זייען זיי קליינע קערנדלעך אין דער ברוינער ערד.

מיט דער מאַטע אין האַנט איז ער צוגעגאַנגען צו די בייטן. ער האָט גוט געוווּסט, ווער עס איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער זאַך. ער האָט אויך פאַרשטאַנען דעם מיין און די אָנצוהערעניש. ער האָט אַרויפגעלייגט די פרייע האַנט אויפן אַקסל פונעם אַ ביסל צעמישטן דוד, און ווי געוווּנדט זיך מיט זיינע רייד צו אַדעלאַן:

— דאָס איז אַ לעבעדיקער גילגול פון זיין זיידן, ר׳ ניאָמע. אויך ער האָט זיך געזען פאַרבונדן מיט דער ערד. אַ שאָד נאָר, וואָס מיין שוועס־טער האָט אַן אַנדער מיינונג. ער וואָלט געווען אַ גוטער אַגראָנאָם. אָבער אונדז האָט ער געבראַכט דעם ריח פון פעלד. זאָל עס נאָר לאַנג אָנהאַלטן. אַ דאַנק דיר, דודל...

אַ שטיקל רעטעניש איז פאַר דודן געווען אַדעלאַ. טראָץ דעם וואָס זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו לעבן ברייט און אָן דאַגות, האָט זי דאָך תמיד זיך באַגנוגנט מיט דער לייכטער הילף פון אַ שיקסל און זי געהאַלטן, ווי אַ קינד אין שטוב. די מערסטע אַרבעטן פון קאָכן און רוימען האָט זי אַליין געטאָן און געזען אין דעם אַ מין נאַטירלעכקייט, וועגן וועלכן מען רעדט נישט. צו דודן האָט זי זיך באַצויגן מיט אַזאַ מוטערלעכקייט, אַז ער האָט ביסלעכווייז אָנגעוווירן דאָס געפיל פון בייטן די היים. זי פלעגט אָפט מיט אים שמועסן, און דווקא אין יידיש, און דיסקוטירט מיט אים ווי מיט אַ גלייכן. אין איר ווינציק־פרייער צייט פלעגט זי אויך זיך אָפּגעבן מיט מאָלן. אירע צייכענונגען פלעגט זי מאַכן אויף די פאַרנאַכט־שפּאַצירן אין די וועלדער און פאַרקן, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי אַ ווונדער־גאַרטל אַרום דער ריזנשטאָט.

אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע אַרויפגעאַרבעטע דאַמעס, האָט זי אויס־געמיטן דאָס פּאָמפּעזע דערשיינען אין דער געזעלשאַפט, ווו די פרויען

האָבן אויסגעשטעלט די פוטערנע מאַנטלען, די פינקלדיקע צירונג־שטיקער און געלאָזט פילן דעם שטאָלץ ביים אַרויסגליטשן זיך פון די לוקסוס־אויטאָמאָבילן. אַדעלאַ פלעגט זיך אַרומטראָגן מיטן פריקרען געפיל, וואָס זי האָט זעלטן אַרויסגעבראַכט, אַז די אַרויפגעאַרבעטקייט פון יידישן ישוב דאָ האָט אַ פאַרבינדונג מיטן פאַרגאָסענעם בלוט פון די ברידער און שוועסטער פון יענער זייט ים. דער פאַרלאַנג נאָך סחורות, ברויט און פלייש, און די היגע פראָספּעריטי, האָט דאָך אַ שייכות מיט דער מלחמה און מיט דער נייטראַליטעט פון דער מדינה.

שטענדיק, ווען מ׳האָט זי איינגעלאַדן אויף אַ באַנקעט, אַפילו צוליב צרקה־וועגן, האָט זי זיך דערמאָנט אינעם צווילינג־ברודער אירן, וואָס איז פאַרבליבן אין פוילן, און ווער ווייס, וואָס דער גורל האָט אים באַשטימט.

עס האָט איר געאיבלט, ווען זי פלעגט קומען אויף באַנקעטן, ווו די טישן האָבן זיך געבראָכן פון כל־טוב. אין מיטן דער סעודה האָט עמעצער געגעבן אַ צייכן, מען האָט אַוועקגעלייגט די געבראָטענע פאָלקע אויפן טעלער, אין איילעניש אַראָפּגעשלונגען דעם פעטן ביסן און מיטן פאַרטיזאַנען־הימן דערפילט דעם חוב כלפּי די „אומגעקומענע ברידער און שוועסטער״. ווער עס האָט אַ קרעכץ געטאָן, ווער עס האָט אַ טרער אַראָפּגעשלונגען און באַזאַלצן דעם באַטעמטן ביסן, און דערלייכטערטע זיך צוריקגעקערט צו דער נישט פאַרענדיקטער שיסל... אַ פּאָר מאָל האָט זי, אַדעלאַ, באַזוכט אַזעלכע מסיבות און אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז זי קען מער נישט בייזיין אַזאַ אומגלייכן צוזאַמענבונד פון בלוט און ווייַן.

דוד האָט מיט דער צייט מער און מער זיך צוגעבונדן צו דער פרוי, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו שווימען קעגן שטראָם. ער האָט אויך אי־נערלעך תפילה געטאָן, אַז אין אַ טאָג פון די טעג זאָל זיך באַקומען אַ ידיעה, אַז דער ברודער אירער מיט דער משפחה זיינער זענען ניצול גע־וואָרן פון אומקום. איר ליידן איז אים נאָענט געוואָרן.

צווישן אַבעלעס דריי קינדער איז משמעות געווען אַ גרויסע מאָס פון קעגנזאַצן צווישן זיי גופא, און אפשר נאָך שאַרפער — צווישן דער גע־דאַנקען־וועלט פון די עלטערן און צווישן זייער צוגאַנג צו די פּראָבלעמען און דערשיינונגען אין דער וועלט.

דריי קינדער — דריי וועלטן. נישט בלויז דער עלטער־אונטערשייד. נישט בלויז דער קאָנטראַסט צווישן בלאָנד און שוואַרץ, נישט בלויז דער

גלאַנץ פון שוואַרצע אויגן און די טיפקייט פון הימל־קאַליר, נישט באַר דער פאַרלאַנג צו קומען צום אויסדרוק דורך פאַרשידענע וועגן.

דער בכור ניקאַנאָר (אויף יידיש — נחום) איז געווען אין דריטן יאָר גימנאַזיע און נישט געהאַט קיין באַזונדערע אַמביציעס מצליח צו זיין אין די לימודים. ער איז געווען אַ שוואַרצאויגיקער און טונקל־האָריקער, ווי דער פאָטער, און הויך־געוואַקסן, ווי די מוטער. אַ מין טיפיש יידישער אָפּשיין האָט זיך געמאָלן אויף זיין געזיכט און געלייגט דעם שטעמפּל, פון וועלכן ער האָט געוואָלט זיך אַרויסמאַכן און אַנטלויפן. אין די לעצטע חדשים פון פאַריקן לערניאָר האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אַקטיווער גרופּע יונגע קאָמוניסטן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט גרופּעס קעגן דער הערשנדיקער דיקטאַטור. זיי האָבן, צוזאַמען מיט די אוניווערסיטעט־חברים, געשאַפן די שטורעם־גרופּעס און דורך פאַרשידענע צודעק־נעמען פון אומ־פּאַרטייִישקייט, אַריינגעדרונגען אין די קרייזן פון דער סטודענטן־מאַסע, וואָס איז פאַרהאַסט געווען דורכן אויפגערייצטן לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. אויף דער שנאה צו דער אינטעליגענץ האָט דער רעזשים זיך באַפעסטיקט. ניקאַנאָר האָט זיך שנעל דערהויבן צו אַ רעדאַקטאָר פון אַן אונטערערדיש בלעטל און נישט איין מאָל געפירט שטורמישע דיסקוסיעס מיטן פאָטער, וואָס האָט נישט מסכים געווען אים אָפּצוגעבן אַן אָפּגעלייגטן סקלאַד פאַר זיין „טריפהנער" ליטעראַטור.

די צווייטע — רינאַ. אין גאַנצן אַ יאָר ייִנגער פון איר ברודער. אָבער דער קאָנטראַסט איז געווען וועזנטלעך און פיזיאָנאָמיש. זי איז געווען ני־דעריק געבויט. לאַנגע בלאָנדע פאַליענדיקע האָר האָבן זיך געשאָטן איבער אירע קליינע אַקסלען. דאָס נעזל פאַרשפּיצט, ווי ביי אַ רוסישער שיקסע, און די אויגן, ווי צוויי קליינע לעבעדיקע אָזיערעס, וואָס שפּילן זיך קעגן דער לעבלעכער זון. זי איז געווען שטיל אין אירע גענג, אָבער פאַרעקשנט אין אירע באַשלוסן. און באַשלאָסן האָט זי נאָך ביי די דרייצן יאָר פון איר לעבן, אַז איר גורל איז פאַרבונדן מיטן לעבן פון די חלוצים אין פּאַ־לעסטינע. דורך אַ צופאַל האָט זי זיך באַגעגנט מיט אַ חברטע ביים פּיאַנע־לערער און לאַנגזאַם איז זי אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ קרייז פון אַ חלוציש־סקויטישער יוגנט. דאָס איז געווען אַ וועלט, וואָס האָט זיך באַזירט אויף סימבאָלן, אַ דראַנג און בענקעניש צו דער נאַטור. זינגענדיקע קרייזן אַרום צעלייגטע פייערן לעבן אויפגעשטעלטע פּאַלאַטקעס אין די טיפע

פרילינג־נעכט. עס האָט געצויגן. רינאַ האָט נישט געדאַרפט צוריק איבער־זעצן איר נאָמען אויף העברעיִש. זי האָט אַריינגעבראַכט די העברעיִשע מעלאָדיע אין שטוב און באַגלייך מיט דעם — אויך שטורמישע דיסקוסיעס מיטן ברודער און זיינע חברים. יידיש האָבן די קינדער כמעט נישט גע־לערנט, און דאָס ביסל פון די ערשטע לערניאָרן איז פאַרמעקט און פאַר־געסן געוואָרן פון זייער זכרון. איצט האָט רינאַ זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ נאָטיץ־ביכל, ווו זי האָט אַריינגעשריבן די העברעיִשע לידער מיט אַ שפּאַנישן אויסלייג.

אויף דער פּאָליצע פון איר שלאָפצימער זענען געווען אויסגעשטעלט אַלע ביכער און זשורנאַלן, וואָס די וועלט־באַוועגונג האָט פאַרשפּרייט, בילדער פון העלדן, פון צענטראַלע פיגורן און פון אַרבעטער־פירער אין ארץ־ישראל. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ מאַפּע מיט די פינטעלעך, וואָס האָבן געצייכנט מיט פעטער פאַרב די קיבוצים, וואָס איר באַוועגונג האָט אויפגעשטעלט. זי האָט אָפּגעהיט מיט אייפער די כללים פון סקויטישן קאָדעקס: נישט געטרונקען קיין וויין, נישט געפּאַרבט זיך, געקליידט זיך גאָר באַשיידן — ווייסע בלוזע און בלויע האַלב־קלייד — און טראָגן דעם, וואָס קיין געלט אויף אַרויסצוגייך און פאַרווילן זיך האָט איר נישט גע־פעלט, פלעגט זי זיך נאָר באַנוצן מיט די פאָנדן פון דער געמיינזאַמער קאַסע. דאָס איז געווען אַ מין קאָרידאָר, אַן אַריינפיר צו דעם קינפטיקן קאָמונאַרן לעבן ערגעץ אין וויטן לאַנד.

אין די זומערטעג פון זונטיק־אָפּרו פלעגט זי אויף אַ גאַנצן טאָג נעלם ווערן ערגעץ אין די וועלדער אויף אויספלוגן און נישט איין מאָל האָט זי ביי איר אין הויז איינגעאָרדנט טרעפונגען פון אינסטרוקטאָרן פון איר עלטער און דורכן גאַנצן טאָג אויסגעהערט שמועסן אויף אידעאָלאָגישע טעמעס און וועגן פּראַקטישע אופנים פון יוגנט־דערציִונג. אויף וויפל אַבע־לע האָט זיך באַצויגן צו אָט דער התלהבותדיקער אויפפירונג פון זיין קליינער טאָכטער און געזען אין דעם אַ קינדער־שפּיל און נאָך מער ווי אַ מיטל, אַז זי זאָל נישט אַריינגעצויגן ווערן אין אַ גויִישער סביבה, האָט אַדעלאַ מיט מער זאָרג זיך באַצויגן צו אירע פּלענער, פון וועלכע די טאָכ־טער האָט נישט געמאַכט קיין סוד. מען האָט גערעדט וועגן דעם, אַז אין גיכן וועלן די עלטערע גרופּעס איבעררייסן דאָס לערנען און אַריין אויף הכשרה. מען זוכט אַ פּאַסיק אָרט ווו אויפצושטעלן די פאַרם. מען איז

אַפילו געקומען כאַפּן אַ שמועס מיט אַבעלען, ער זאָל זיך פּאַראינטערעסירן אַז די הכשרה זאָל געבויט ווערן נאָענט צו דער ביישטאָטישער קאָלאָניע.

די דריטע איז געווען די צען־יאָריקע לוִיסיטאַ, אַ קאַפּריזנע באַשע־פּעניש, וואָס איר חוצפה האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. זי האָט געחוזקט פונעם טאַטנס אויפשיינענדיקן פּליך און נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק צו לערנען. טיף אין זיך האָט אַבעלע געמוזט מודה זיין, אַז עפּעס האָט די קליינע געירשנט פון אים. אויך ער איז געווען יונגערהייט אַ גרויסער שייגעץ, זיך באַצויגן מיט ביטול צו די אידעאַליסטן אין דער קאָלאָניע און געזען אין דער שולע און אין די לערער אַ צרה, וואָס עמעצער האָט אויסגעקלערט, כדי שווער צו מאַכן דאָס לעבן פון די קינדער...

צוועלפטער קאַפּיטל

# די נשמה פון א ניגון

נחום זיגלער, דער באַגאַבטער יידישער לערער, איז ביסלעכווייז גע־וואָרן איינער פון די צענטראַלע פיגורן אין די יידישע דערציִונגס־קרייזן. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ שיין־אויסגעבויטער יידיש־העברעיִשער שולע און מיטגעווירקט, אַז דאָס יידישע קינד זאָל זיך פילן באַקוועם און שטאָלץ בעת עס קומט אַהין — נאָך די לערן־שעהען אין די רעגירונגס־שולן.

ער האָט אויך אויסגעקעמפט פאַר די לערער פול־באַצאָלטע וואַקאַציעס און אין די זומער־מאָנאַטן האָט מען שוין נישט געזען די פיינלעכע סצע־נעס, ווי דער יידישער לערער האָט געדאַרפט זיך ראַנגלען מיט די צונויפ־געלאָפענע יידישע קינדער, ווען די עלטערן האָבן אויף זומער אַריינגע־שיקט, כדי זיי זאָלן נישט אומבלאָנקען אין די גאַסן. צוליב דעם, וואָס מען האָט ביי זיי צוגערויבט די וואַקאַציע־פרייהייט, פלעגן זיי מאַכן דעם טויט דעם אומבאַהאָלפענעם לערער. איצט האָט זיך דער יידישער לערער געפילט גליך מיט לייט, און דאָס יידישע קינד האָט אויך געגאָסן פון די וואַקאַציעס. דער יידישער לערער האָט איצט אויך געקענט אַרויספאָרן אויף אָפּרו אין די באַשיידענע קור־ערטער ווייט פון שטאָט.

דאָס יאָר האָבן נחום זיגלער און זיין פרוי רוזשקעלע באַשלאָסן אָפּצו־ריכטן זייער אָפּרו נישט ווייט פון שטאָט, דאָרט ווו מען האָט אויפגע־שטעלט אַ יידיש ביישטאָטיש דאָרף. צווישן אַנדערע פרנסה־צווייגן האָבן די קאָלאָניסטן זיך אָפּגעגעבן מיט אויפנעמען יידישע געסט אין די זומער־חדשים. דאָס האָט זיי אַריינגעבראַכט אַ „לעבעדיקע” פּעזע. זיי האָבן אויפן אָרט געקענט פאַרטאָן דאָס ביסל גרינס, אייער און מילך פון דער ווירט־שאַפט. ביז דעמאָלט האָבן די קאָלאָניסטן געפירט מיט דער באַן דורך פיל

צענדליקער קילאָמעטער די פּראָדוקטן פון זייער האַרעוואַניע און עס פאַר־קויפט אין ייִדישע היימען, ווו מען פלעגט, צוליב פּיעטעט, זיי באַצאָלן אַ פּאָר סענט מער אויפן ליטער מילך אָדער טוץ אייער. דאָס האָט אויך אַ ביסל דערמאָנט די שטאָטישע ייִדן, אַז פונעם גרויסן רעש איז דאָך גע־בליבן אַ זכר פון עטלעכע צענדליק משפחות אין דער קאָלאָניע. דאָס דערפל איז געווען קליין און די עטלעכע משפחות האָבן זיך ביסלעכווייז איינגע־וואָרצלט, זיך וואַרפנדיק פון איין צווייג צום צווייטן. אין אָנהייב האָט מען געבויט גרויסע פּלענער, אַרויסגעגעבן בראָשורן און געחלומט וועגן אַ גאַנצער נעץ פון אַזעלכע ייִדישע דערפער, וואָס וועלן זיך צעלייגן נישט צו וויט און נישט צו נאָענט פון דער הויפּטשטאָט. עסקנים האָבן געהאַט בײ וואָס צו פאַרטשעפּען די פינגער און אידעאַליסטן האָבן געבויט פּראָ־דוקטיוויזאַציע־טעאָריעס פון אַלטן שניט. מען האָט אויסגערעכנט, אַז אַרום די ביישטאָטישע פאַרמס וועלן ייִדישע פּראָפעסיאָנאַלן, קליינהענדלער און פאַבריקאַנטן, וואָס באַשעפטיקן זיך אַ גאַנצע וואָך אין שטאָט, אויפשטעלן זומער־וווינונגען מיט גערטנער און וועלן פאַרברענגען די סוף־זומערוואָך אויף דער נאַטור.

צווישן די ניי־באַזעצטע זענען געווען עטלעכע געוועזענע יונגע קאָלאָ־ניסטן, וואָס האָבן עוקר געווען פון זייערע קאָלאָניעס און נאָך אומוואַנדלונגען האָבן זיי איינגעשטימט צו זיין די פאַרגייער פון נייעם קאָלאָניע־סיסטעם. צו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן עטלעכע בעל־מלאכות, וואָס די אַרבעט און זאָרג און שווערע וווינונג־באַדינגונגען האָבן זיי געשטויסן צו נייע פּרוּוון.

ווען צו די נייע פאַרמער איז דערגאַנגען, אַז עס איז פאַראַן אַ דראַנג פון שטאָטישע ייִדן צו שיקן די פרויען און קינדער אויף „פּאַפּראַווקע" אינעם נייעם ישוב, האָבן זיי שנעל אויסגענוצט די קאָניונקטור און יעדער איינער האָט צוגעבויט צימערלעך, כדי צו קענען אויפנעמען אַ גרעסערע צאָל זומערגעסט. די ייִדישע מיטלקלאַס־לייט האָבן געשיקט די פרויען און קינדער. זיי אַליין פלעגן זיך אַראָפּכאַפּן אין די זונטיק־טעג אויף אַ פּאָר שעה, זיך אָנטרינקען מיט פרישער שוימיקער מילך, איינשלונגען עטלעכע פרישע אייער און מיטנעמען אין שטאָט אַריין עטלעכע געפּרעסטע „ייִדי־שע" קעזלעך.

נחום זיגלער און רוזשקעלע זענען געווען דאָס איינציקע פּאָרפאָלק,

וואָס האָבן צוזאַמען פֿאַרבראַכט די פּאָר וואָכן און געהאַט פֿאַר זיך אַליין אַ צימער.

דאָס לעבן איז צוגעגאַנגען פּרימיטיוו. פּונקט ווי אין די אַלטע יידישע קאָלאָניעס האָט מען אויך דאָ געשעפּט וואַסער פֿונעם ברונעם אָדער אַרויפֿגעצויגן דורך דער האַנט־פּאָמפּע. געוואַשן האָט מען זיך אין פֿאַרמאַכטן צימער אין אַ שיסל וואַסער און די אָפּטריט־פּלעצער זענען געווען אומריין. אָבער אַרום האָבן זיך דאָך געפֿילט די ריחות פֿון קו־מיסט, פֿון אײַנגעטרייקנטער מילך און פֿון די קליינע באָדן־חלקים האָט געוווּנקען דאָס פֿרישע גרינס. דורך די נעכט האָבן די הינט געבילן, די הענער האָבן געקרייט און דאָס האָט דערמאָנט די אידיליע פֿון אַמאָליקן יידישן דאָרף העט אין די וויטקייטן.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט מיט אַ הייסן אָטעם. אַ דינער שטויב האָט זיך געשפּילט מיטן ליכטן ווינטל. אַ לייכטע אָפּשוואַכונג האָט זיך צעלייגט איבער די גלידער און פֿויל געמאַכט די באַוועגונגען פֿון די דאַטשניקעס. קינדער האָבן זיך פֿאַרשפּילט מיט די שטוב־חיות, געיאָגט זיך נאָך פֿייגל און פֿאַרשריגן די שטילקייט פֿון דאָרף. דיקע ווייבער זענען געזעסן אין שאָטן פֿון עוקאַליפּטוס־ביימער, געטרונקען מאַטע אָדער לימאָנאַד, געקנאַקט קירבעס־קערלעך, און אַרויסקוקנדיק, אַז די מענער זאָלן אָנקומען פֿון שטאָט מיטן נאָענטן אויטאָבוס, האָבן זיי דערווייל דערציילט צום צענטן מאָל די צרות און דעם נחת פֿון שטאָטישן שטייגער לעבן.

מיטן דערנענטערן זיך צו די פֿאַרמיטאָג־שעהען, שטאַרקט זיך דאָס אומגעדולד ביי די פֿרויען און זיי שיקן די קינדער צום שאָסיי אָפּצוּוואַרטן דאָס אָנקומען פֿונעם אויטאָבוס. די קינדער פֿאַרזאַמלען זיך ביים וועג, שרייען נאָך יעדן דורכפֿאָרנדיקן אויטאָ, און פֿון לאַנגווייליקייט צעשפּילט זיך דער חשק צו געשלעג־פֿאַרמעסטונגען.

עס איז אָנגעלאָפֿן אַ רויט־בייכיקער אויטאָ און ביי דער סטאַנציע האָט ער אַרויסגעלאָזט די באַזוכער, וואָס זענען אויפֿגענומען געוואָרן מיט פֿריידיקע געשרייען דורך די קינדער. דער אויטאָ איז אָבער געבליבן שטיין לענגער. דורך דער היטערטיר האָבן זיך אַרויסגערוקט אַ גרויסע גרופּע פֿון יוגנטלעכע. ווען דער אויטאָ האָט ענדלעך געריִרט, האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין אַ מיליטערישער אָרדענונג, זיך באַוועגט אויף אַ

העברעיִשער קאָמענדע און אַוועקגעמאַרשירט אין אַ קליין שיטער וועלדל, ווּ זיי האָבן שנעל אויפגעשטעלט אַ לאַגער מיט לייוונטענעביידלעך.

די קינדער פון די דאַטשניקעס זענען אַוועק אין וועלדל, געצויגן פון די ידישע סקויטן. די אָנגעקומענע מענער האָבן אַרויסגענומען פון זייערע קליינע וואַליזקעס ווערמוט־פלעשער און געמאַכט אַ לחיים. זיגלער און רוזשקעלע זענען געזעסן אין אָפּרושטולן אין אַ ווינקל פון הויף און צוגע־דרימלט. דורך די האַלב־פאַרמאַכטע וו:עס האָט זיגלער באַמערקט ווי יעדעס מאָל פאַרשווינדט דורך דער צוגעשפּאַרטער טיר אַ פּאָרל, און ווען זיי קערן זיך צוריק ווינקען זיי זיך איבער. די מענער האָבן אָנגעוויזן, כמעט מיט נייגעריקייט, אויף דאָס פּאָרל, וואָס איז געזעסן אין דער טיף פון הויף:

— דאָס איז דאָך די אַקטריסע פון סאָלעיל־טעאַטער... איך וואָלט געקענט שווערן, אַז דאָס איז זי... ריזאַ זיגלער...

— אַ ידישע טאָכטער פון די קאָלאָניעס... מען קען נישט זאָגן.... אַ טאַלאַנט!

— און ער — אַ קאָנטראַסט; שטיל, געזעצט, עפּעס פּאַסן זיי זיך גאָרנישט...

— שאַ, דו מוזט טאַקע אַלץ אַרויסגראַגערן מיט דיין טרובע.

— מילא, אַרויסגעוואַקסן פון אַ מלמד. מען זאָגט אַפילו — אַ שטיקל בינע־לייטער...

— נו, זי שפּילט אים שוין אָפּ... אָבער אַ פיין פּאָרל. נישט גלייכע, אָבער פּאַסיק.

זיגלער האָט אויפגעכאַפּט שטיקער פון זייער שמועס און האָט נאָך מער פאַרזשמורעט די אויגן, ווי אין טיפן שלאָף. ער האָט נאָר זייטיק, ווי דורך אַ שפּאַרונקע, געבליקט צו זיין ווייבל און געוואָלט אויפכאַפּן, צי זי הערט זיך צו צום שמועס. לויטן קילן שמייכל, וואָס האָט זיך געקרייזלט אויף אירע ליפּן און די וואַכיקייט אין אירע אויגן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי נעמט אויף אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אַרום איר.

דורך די עטלעכע וואָכן, וואָס ער פאַרברענגט דאָ אויסער דער שטאָט, האָט זיגלער געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צוצוקוקן פון דער נאָענט צו דעם מענטשן־טיפּ, וואָס קומט אַהער זיך אָפּרוען. געהאַט האָט ער דעם איינ־דרוק, אַז די געפּאַקטע ווייבער, וואָס עסן מיט אַזאַ תאווה און אַפילו מיט אַ געצווונגענעם אַפּעטיט, קומען מקיים זיין די מצווה אויסצונוצן דעם

באַצאָלטן סכום פֿאַר דער דאַטשע ביזן סוף. דער הויפּט־שמועס צווישן עסן און עסן איז געווען וועגן טעם און ווערט פֿון די מאכלים. כמעט מיט געוואַלד האָבן די פרויען אַריינגעשטופּט די פּאָרציעס אין די מיילער פֿון די קאַפּריזנע קינדער, ווי עס וואָלט זיי אַרומגענומען דער פּחד איבערצולאָזן אין טעלער דאָס באַצאָלטע געלט.

ווען די מענער זענען געקומען אויף עטלעכע שעה, האָט זיך דער שמועס געדרייט אין די ערשטע שעהען אַרום דעם עסן — צי עס איז געשמאַק און גענוג — און נאָך דעם, נאָכן אַריינכאַפּן אין איילעניש דעם תאווה־חוב, האָט מען זיך צעזעצט אַרום די נידעריקע טישלעך אונטערן שאָטן פֿון דיביימער, און ביז דער לעצטער אויטאָבוס האָט אָנגעזאָגט זיין קומען, האָט מען זיך פֿאַרטאָן אין קאָרטן־שפּיל.

אַרום האָבן די בהמות געמרוקעט אין די פֿאַרצוימטע פּאַשע־פֿעלדער, פֿון די ווייטערע גוייִשע פֿעלדער האָבן די עפּלסעדער אַרויסגעגעבן בשמים־ריחות, פֿערד אין געשפּאַנטע וועגעלעך האָבן זיך צעהירזשעט — און קיינער פֿון די געסט האָט נישט אָנגעגורט די אָפּגעטעמפּטע לענדן און די איינגעזונ־טענע פּיס צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער די סטעזשקעס און אַלייען. אין די לעצטע מינוטן האָט מען בהלהדיק אָנגעשטאָפּט די וואַליזקעס מיט פֿעלד־פּראָדוקטן, וואָס די ידישע פֿאַרמער האָבן געבראַכט און הכהנעהדיק פֿאַר־געלייגט, און דאָס צוגעוואָרפֿענע געלט האָט געקלונגען, ווי אַ מין נאַציאָנאַלע תרומה פֿאַר אַ יידישן אַנשטאַלט.

פֿאַרנאַכטצו, ווען די זון האָט זיך אַ נייג געטאָן אין מערבֿ־זייט, איז אָנגעקומען אַבעלע מיט זיין פֿרוי און קליינער טאָכטער. זיין גלאַנציקער אויטאָ האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט מיט אַ לייכטן סקריפּ, ווי אַ נגי־דיש הוסטל, אָנצוזאָגן, אַז ער איז דאָ. אַבעלע איז דאָ געווען אַן אָפּטער גאַסט און די שכנים פֿונעם דאָרף פֿלעגן אים שטענדיק פֿאַרלייגן זייערע פּראָדוקטן אַן באַצאָלט. זיי האָבן עס געטאָן מיט פֿולער אָפּנהאַרציקייט, ווייסנדיק וויפֿל מי און אַרבעט ער פֿאַרווענדט אין שטאָט, אַז דאָס דאָרף זאָל אויסהאַלטן. אָבער אַבעלע וויל קיין מאָל נישט געניסן פֿון אַזאַ אָנ־באָט. פֿאַר יעדן קעזל, פֿאַר יעדן סלאָי האָניק אָדער טוץ אייער, באַצאָלט ער דעם פֿולן ווערט, און דאָס פֿאַרגרעסערט נאָך מער זיין חשיבות אין די אויגן פֿון די קאָלאָניסטן.

אַבעלע האָט זיך פֿאַרחידושט צו טרעפֿן דאָ משפּחה־לייט. ער איז

אייגנטלעך היינט געקומען אַהער נישט צוליב אָפּרו אָדער געוויר ווערן, ווי עס האַלט ביי די תושבים פונעם דאָרף. ער האָט געפירט מיט זיך אַ נייע אויפגאַבע, וואָס אין אָנהייב האָט ער זיך כמעט ווי אָפּגעטרייסלט פון איר. די קליינע רינאַ, די ענטוזיאַסטישע חלוצה זיינע, האָט אָנגע־הויבן צושטיין צו אים, אַז ער, דער פּאַטער, זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט אויפזוכן פאַר איר אָרגאַניזאַציע אַ פּלאַץ, ווו מען זאָל עפענען אַ הכשרה פאַר די, וואָס דאַרפן זיך צוגרייטן עולה צו זיין אין קיבוץ. ווען ער האָט געצויגן די אַקסלען און זיך געוווּנדערט, וואָס ער דווקא דאַרף דורכפירן אַזאַ שליחות, האָט די טאָכטער שנעל געענטפערט:

— דו האָסט דאָך, פּאַפּאַ, אַזעלכע אויסגעצייכנטע פאַרבינדונגען מיט טויער פאַר דער ביישטאַטישער קאָלאָניע.

פון איר דירעקטן אָנווייז האָט אַבעלע פאַרשטאַנען, אַז די זאַך איז שוין זיכער געלופטערט געוואָרן אין די העכערע קרייזן פון איר אָרגאַני־זאַציע און פון דאָרט איז איר איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע אָנצו־וואַרעמען אין אים דאָס עסקנישע בלוט....

און זי האָט אים מנצח געווען. וואָס אָן אמת, אין אָנהייב האָט ער זיך אַ ביסל געראַנגלט. דער געדאַנק, אַז אויך זיין טאָכטער קען אין אַ טאָג פון די טעג איבעררייסן איר לערנען און זיך אָנשליסן אין דער הכשרה־גרופּע, האָט אים אַ ביסל געשראָקן. ער האָט אָנגעהויבן צו דערקענען דעם כאַראַקטער פון דער קליינער רינאַ. ער האָט געוווּסט, אַז נישט לייכט וועט זיין זי איינצובייסן. און צי מוז ער דווקא זי אָפּוועגדן פון דעם? צי איז דער וועג פון ניקאָנאַר, זיין בכור, אַ ריכטיקערער? יעדן פאַלס, האָט ער געהאַט צייט נאָכצוטראַכטן. עס איז נאָך ווייט ביז צו דער דעציזיע. רינאַ דאַרף נאָך ענדיקן די מימלשול, ערשט דעמאָלט וועט זי זיך באַשליסן ווו צו גייך. ביז דעמאָלט קענען זיך די זאַכן ענדערן. און ווען זי וועט אַפילו אַריין אין הכשרה — צי איז דאָס שוין אַ גאַ־ראַנטיע, אַז זי וועט טאַקע עולה זיין קיין פּאַלעסטינע? אָט, דאָ אין לאַנד דרייען זיך אַרום הונדערטער, אפשר טויזנטער יידן, וואָס האָבן אין די יוגנט־יאָרן דורכגעמאַכט אַ לאַנגע הכשרה אין די גרויסע חלוצישע פונקטן אין פּוילן און ליטע. ווער עס האָט זיך אָנטוישט און ווער עס האָט זיך נישט דערוואַרט אויף סערטיפיקאַטן. אַ סך פון די זענען איצט גבי־רים, און נישט ווייניק פון זיי — קאָמוניסטן מיט אַ צוגעשפּיצטער שנאה

צום ציוניזם. צי זענען דען פאַראַן אויסזיכטן, אַז מען זאָל דווקא פאַר דער רייכער אַרגענטינע שיקן סערטיפיקאַטן, אין דער צייט, וואָס מען דאַרף אַרויסראַטעווען פון דער מלחמה און פון נאַצי־גיהנום וויפל עס לאָזט זיך? און נאָך אַלעמען — וואָס נאָך קען ער, אַבעלע, פאַרלאַנגען פון זיין טאָכטער? זי גייט אין ידישע קרייזן, זינגט העברעיִשע לידער, זאַמלט געלט פאַרן קרן־קימת און האָט נישט צו טאָן מיט שקצים... וואָס נאָך קען מען טאַקע פון איר פאַרלאַנגען?

האָט ער איינגעוויליקט און נאָכגעגעבן דער טאָכטערס בקשה. ער איז אַראָפּגעקומען אַהער דעם זונטיק מיטן געדאַנק צו באַטראַכטן ווי מען קען אויפשטעלן אַזאַ פאָרם און דערביי אויך אָנטאַפּן דעם דופק ביי די קאָלאָניסטן, וואָס זיי האָבן צו זאָגן אויף אַזאַ פאָרשלאָג.

און ווי אַבעלע שטייט און שמועסט מיט נחום זיגלער וועגן דער נויטווענדיקייט אויפצושטעלן דאָ אַ ידישע שולע פאַר די עטלעכע קינדער, און מיט רוזשקעלען, וועגן געבן אַ קליינקונסט־אָוונט פאַר די קאָלאָניסטן און פאַר די זומערגעסט, און דערביי אויך מיטן סעקרעטאַר פון דאָרף וועגן דעם פּלאַן פון דער הכשרה, דערטראָגן זיך אַהער פונעם וועלדל די אויפגעהייטערטע געזאַנגען, וואָס האָבן זיך ווי אויסגעשיילט פון די רויך־זיילן, וואָס די צעלייגטע פייערן האָבן אַרויסגעגעבן.

די קלאַנגען האָבן זיך אַהערגעטראָגן, ווי מיסטישע קולות פון אַ צוזאַמענגענומענעם שבט, וואָס האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, און פראַוועט דאָ זיינע אייגענע צערעמאָניעס:

אַרום דעם פייער
מיר זינגען לידער,
די נאַכט איז טייער —
זי קומט נישט ווידער...

מאָדנע ניי האָבן געקלונגען די זאַפטיק־ידישע ווערטער אין די מיילער פון ניי־אויפגעקומענעם דור, וואָס איז געוואַקסן אין אַ פרעמדער וועלט. זיגלער איז געווען צערודערט און גערירט. עפּעס האָט זיך אין אים אַ ריס געטאָן דאָס אַלטע פיעטעט־געפיל, וואָס ער האָט געהאַט צו דער יוגנט נאָך אין יענער תקופה, ווען ער האָט געלערנט אין דער „תרבות"־גימנאַזיע אין פוילן. שפּעטער, אין די קאָלאָניעס, ווו ער איז

געווען אַ לערער, האָט ער אויך געזען אַ יוגנט, וואָס לעבט און זינגט ייִדיש. אָבער מאָדנע, זיי האָבן געזונגען אַלטע פֿאָלקסלידער. פֿון אַ וועלט, וואָס זיי האָבן נישט געקענט פֿערזענלעך. פֿאַר וואָס האָבן זיי נישט גע־זונגען וועגן דאָרף?

אַבעלע האָט נאָך מער אָנגעשפּיצט זײַן געהער און זיך אָפּגערופֿן צו אַדעלאַן:

— איך וואָלט געשווירן, אַז אונדזער רינעלע איז אויך דאָרט, זיכער איז זי דאָרט. אַפֿילו איר שטימע האָב איך דערקענט, דאָס אויער פֿונעם טאַטן קען מען נישט אָפּנאַרן, אָבער וואָס טוען זיי דאָ, אַזוי ווייט פֿון שטאָט?

אַדעלאַ האָט רויִק געשמייכלט.

— ווי עס זעט אויס, זענען זיי אַזוי זיכער בײַ זיך, אַז דו האָסט פֿאַר זיי אויסגעפֿועלט דעם הכשרה־פּונקט, אַז זיי האָבן באַשלאָסן טאָקע באַלד זיך מיט דער געגנט צו באַקענען... עס שפּילט בײַ זיי אַ ראָלע?...

— נו, וואָס קען דאָ זײַן? וועלן מיר זען און זיך איבערצייגן — האָט אַבעלע געענטפֿערט און אימפּולסיוו זיך געלאָזט צום וועלדל.

אַדעלאַ האָט אים אָבער פֿעסט און עלעגאַנט אַ צי געטאָן פֿאַרן אַרבל.

— ניטע, נישט שטערן זיי. זיי זענען אַהער געקומען צו דערוויי־טערן זיך פֿון מענטשן. פֿאַר וואָס זאָלן מיר זיי שטערן? זיי זענען דאָך אַנטלאָפֿן פֿון אונדזער אויג און ריח — צי וואָס זיי דערמאָנען, אַז מיר זענען דאָ?

— גערעכט, גערעכט, אַדעלאַ — זיגלער האָט אַפֿילו געדריקט איר האַנט אין פֿולער צושטימונג. זי האָט צו אים געשמייכלט מיט אירע בלייַ־כע און נישט געפֿאַרבטע ליפּן. זיגלער האָט געטראַכט: פֿון אַזעלכע אײדעלע ליפּן מוזן זיך אַראָפּקייקלען דעליקאַטע ווערטער. ער האָט זיך אָפּגערופֿן צו אַלעמען:

— לאָמיר אַריבערגייען דעם וועג. פֿון יענער זײַט איז פֿאַראַן אַן אומגעוואַלגערטער בוים, וועלן מיר אויף אים זיצן און אומגעשטערט זיך צוהערן צו זייערע לידער. פֿון דאָרט וועלן זיי אונדז נישט זען און זיך נישט שטערן...

דער בוים איז געווען דיק און טרוקן. די בלעטער האָבן געטרע־שטשעט און פֿון זײַנע טויטע צווייגן האָבן די לעצטע שטראַלן זיך דורכ־

געזיפּט ווי גאָלד־פּלעקן צווישן זאַמד. זיי זענען געזעסן און געשוויגן. אויך דאָס געזאַנג אין וועלדל האָט זיך אַ ווייל איינגעשטילט.

— און איך האָב גערעכנט צוצוגיין און מיטנעמען אונדזער רינאַן מיט אונדזער אויטאָ אַהיים. צו וואָס דאַרף זי זיך וואַלגערן אין וועג אַ פאַרמאַטערטע? — אַבעלע האָט דערביי געגלעט דאָס קעפּל פון דער קליינער לוויִסאָ. זי האָט זיך אַרויסגעמאַכט פון זיינע הענט און אָנ־געהויבן צו קלעטערן איבערן אָנגעבויגענעם בוים ביז צו די ערשטע אַרויסגעוואַקסענע טויטע צווייגן. „פּאַפּאַ, פּאַפּאַלע״ — האָט זי געלאַכט — „אַנו כאַפּ מיך״! אַבעלע האָט געסאַפּעט און באַמיט זיך אַרויפצוקלעטערן, זיך אויסגעגליטשט און אומגעפאַלן. אַלע אַרום האָבן לוסטיק געלאַכט.

— און פון וואַנען ביסטו זיכער, אַז זי וועט מיט דיר וועלן פאָרן און זיך געזעגענען מיט אירע לייט? — האָט אַדעלאַ אים געפרעגט בעתן אָפּטרייסלען די טרוקענע בלעטער פון זיין אָנצוג.

ער האָט נישט געענטפערט. פון טיפן וועלדל אַרויס האָבן זיך באַ־נייט די געזאַנגען, וואָס זענען טייל מאָל געוואָרן באַגלייט מיט צוקלאַפּן מיט די הענט.

זיגלער האָט זיך ווי אָנגעשטעקט מיט דעם עקסטאַז פון די יונגע און אַליין אויך אָנגעהויבן אונטערצוברומען און צוקלאַפּן צום טאַקט מיט די פינגער אינעם אויסגעהוילטן בוים. ווען ער האָט געזען, ווי מען קוקט אויף אים, האָט ער אויפגעהערט צו מורמלען און זיך אָפּגערופן: ,

— נישט צו מאַכן, מיינע טייערע. יעדע באַוועגונג דאַרף האָבן אַ נשמה, און די ריכטיקע נשמה איז דאָס ליד...

— דאָס געזונגענע ליד איז ווי אַן איינלאַדונג צו אַ שענער לעבן — האָט רוזשקעלע אים געענטפערט.

— דאָס ליד איז ווי די פאַרב פון די בלומען — האָט אַדעלאַ אַ ביסל שעמעוודיק ווי אַ פיר געטאָן אין דער פאַרשטעלונג מיטן פענדזל.

— הו־הו! — האָט אַבעלע כמעט ווי אַ פייף געטאָן — נו, וואָס זאָל איך זאָגן? דאָס ליד איז ווי די נאָדל, וואָס וועבט איין די פעדעם פונעם געוואַנט... כאַ־כאַ־כאַ...

— לאַכט נישט, מיינע פריינד — האָט זיגלער זיך אָנגערופן — איצט האָב איך זיך צוגעהערט צו די העברעיִשע און יידישע לידער, גע־זונגענע פון יונגע מענטשן, וואָס זענען אפשר ווייט פון צו פאַרשטיין

דעם תוכן פון די לידער וועגן אַ לעבן אין אַ ווייט לאַנד, וואָס זיי קענען עס נישט.. אָבער עפּעס ליגט דאָך אין דעם, האָב איך גֿעטראַכט. אַ באַוועגונג, אַן אונטערנעמונג, וואָס רופט אַרויס געזאַנג, עקסטאַז, אַ ווילן אָפּצוזונדערן זיך פון באַקוועמלעכקייטן. אַזאַ באַוועגונג האָט אַ נשמה, און די נשמה זינגט... נעמט צום ביישפּיל אַ מאָל די רעוואָלוציאָנערן: וויפל נשמה האָבן זיי אַריינגעטאָן אין זייערע לידער און מעלאָדיעס! עס האָט געלעבט — ווייל עס האָט געזונגֿען... דאָ זיצן יונגע מענטשן אין אַ פרעמדן וואַלד און זינגען „שם בארץ חמדת אבות" מיט אַזאַ חסידישן ברען.

ער האָט אַ ווײַלע זיך איבערגֿעריסן ווי מורא צו האָבן אַרויסצוברענגען דעם פולן מיין פון זיינע רייד. אָבער ווען אינעם וועלדל האָט זיך דאָס געזאַנג געשטאַרקט און מען האָט געטאַנצט אין אַ געשלאָסענעם ראָד אַרום דעם פייער, האָט ער צוגעגעבן כמעט ווי אין שטילן שעפּטשען:

— הלוואַי וואָלט אַזאַ ברען פון ליד און געזאַנג געהערשט אין די הײגֿע קאָלאָניסטישע קרייזן. ליידער האָט מען עס נישט פאַרשטאַנען און נישט געפּילט. אָט, דורך פּופּציק יאָר יידישן דאָרף — וואָס פאַראַ לאָקאַלע לידער האָט מען געשאַפן? וועלכע מעלאָדיעס האָט מען פאַרפאַסט? אַלע פרעמדע הימנען האָט מען געזונגען, אָבער נישט דאָס געזאַנג פון יידישן דאָרף. נישט קיין פּאָעטן און נישט קיין קאָמפּאָזיטאָרן האָבן באַגלייט דאָס ווערק פונעם באַראָן. עס האָט גֿעפעלט די נשמה פון יידישן פעלדליד... מאָדנע, גראָד איצט איז מיר דאָס געקומען אויפן געדאַנק.

דער אָונט האָט זיך אָנגערוקט מיט פאַמעלעכע טריט. אין וועלדל האָבן די פייערן זיך צעגליט ווי דער איבערבלייב פון שאַרפן זונפאַרגאַנג. אַבעלע האָט זיך צעזעגֿנט מיט זיינע קרובים און אָן טרובעןַ און אָן רעש — זיך אַוועקגעגליטשט איבערן שוואַרצן שאָסיי צוריק אין שטאָט אַריין.

דרייצנטער קאַפּיטל

# דער צוזאַמענשטויס

די שטאָט האָט זיך געטרייסלט אין פּאָליטישע קאָנוווּלסיעס. דער רעזשים האָט זיך געהנדלט צו דער „אָקס". אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז דאָס לאַנד איז נייטראַל, אָבער נאַצישע אַגענטן האָבן געבושעוועט און צעפירט זייערע הענט.

דער רעזשים האָט זיך אָנגעלענט אויפן לומפּן־פּראָלעטאַריאַט און אויפגערייצט זיינע אינסטינקטן קעגן דער אינטעליגענץ. די „אָנהעמדל־דיקע", ווי מען האָט אָנגערופן דעם המון, האָבן געהאַסט די סטודענטן, וואָס האָבן מזלזל געווען אין די פּרינציפּן פון דער „יוסטיציאַנעלער רע־וואָלוציע" און אין די אויטאָנאָמישע מויערן פון אוניווערסיטעט זיך פאַר־באַריקאַדירט קעגן דער דיקטאַטור.

זינט אייניקע טעג האָבן די סטודענטן פון מעדיצינישן פאַקולטעט זיך איינגעשלאָסן אין די שפּאָגל־נייע געביידעס. ס'איז אויסגעבראָכן אַ ספּאָנטאַנער ריזן־שטרייק, ביי אַ מאַניפעסטאַציע איבער די צענטראַלע גאַסן פון דער הויפּטשטאָט, ווי אַ פּראָטעסט קעגן נאַצישע רדיפות קעגן די איינגענומענע פעלקער, איז געפאַלן אַ סטודענט פון אַ פּראָוואָקאַטאָרי־שער קויל. דער רעזשים האָט אָרגאַניזירט אַ קעגן־מאַניפעסטאַציע און אַראָפּגעבראַכט דורך צענדליקער באַנען הונדערטער טויזנטער באָרוועסע פּעאָנען פון די נאָענטע און ווייטסטע געגנטן. דורך עטלעכע טעג האָבן זיי געבושעוועט און איינגענומען די שטאָט מיט זייערע קולות און לויב־לידער פאַרן דיקטאַטאָר. זיי האָבן געפאָדערט די אינטערווענץ פון דער רעגירונג און די אוניווערסיטעטן.

די סטודענטן פון מעדיצינישן פאַקולטעט האָבן זיך איינגעשלאָסן

הינטער די מויערן און נישט צוגעלאָזן די מאַכט־פאַרשטייער. זיי האָבן צוגעשפּאַרט די טויערן, און דורך די הויכע קאָפּשווינדלערישע עטאַזשן און באַלקאָנען אַריבערגעוואָרפן לאָזונגען איבער די אַרומיקע גאַסן.

מער ווי אַ וואָך צייט איז דוד געווען אָפּגעשלאָסן אין די הויכע מויערן אין דער געזעלשאַפט פון עקזאַלטירטע יונגע־לייט. נאָר דורך די ראַדיאָ־אוידיציעס און דורכן איבערשרייען זיך מיט די פאַרזאַמלטע גרופּעס אויף דער גאַס, דורך די פענצטער אַרויס, האָט נאָך אָנגעהאַלטן דער קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט. מען האָט ערנסט גערעדט וועגן אַן אינטערווענץ פון דער פּאָליציי אַרויסצוטרייבן די צעבונטע־וועטע סטודענטן־מאַסע. דאָס האָט נאָך מער גערייצט דעם קאַמפּס־לוסט און פאַרשטאַרקט דעם ווילן אויסצוהאַלטן ביזן סוף.

דוד האָט זיך געפונען אין דער נאָענט פון זיין שוועסטערקינד, ני־קאָנאָר, וואָס איז געווען אויפן צווייטן יאָר מעדיצין און ער איז געווען דער אויפזעער אויף אַ גרופּע, אַ מין געשלאָסענע איינהייט פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־פעדעראַציע. זיי האָבן נישט דעקלאַרירט זייער אָנגעהעריקייט, אָבער פון זייערע לאָזונגען, פּאָדערונגען און פלוגבלעטלעך, וואָס זיי האָבן טעגלעך פאַרשפּרייט אין די קולואַרן פון פאַקולטעט און צעזייט מיטן ווינט איבער די אַרומיקע גאַסן, האָט זיך אַרויסגעהערט דער גוט־באַקאַנטער טאָן פון אידענטיפיקאַציע מיטן סאָוויעטישן קורס, — וועגן עפּענען דעם „צווייטן פראָנט" און אַנדערע אַקטועלע שלאַג־לאָזונגען.

דוד איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן פון אַ הויכן שטאָק און ער האָט אַראָפּגעקוקט אויף דער נישט גאָר ברייטער גאַס, וואָס פון אויבן האָט זי אויסגעזען נאָך שמעלער. אונטן האָט עס געררישט מיט לעבן און באַוועגונג. דורך די לאַנגע טאָג־שעהען האָבן זיך עטלעכע מאָל פאַרמירט אין ראָג פון די גאַסן גרעסערע גרופּעס מאַניפעסטאַנטן — סיי סימפּאַטיקער און אויך קעגנער — און דורך ספּאָנטאַנע אויסרופן און דראָענדיקע גוואַלד־אַקטן אַלאַרמירט די פּאָליציי. די פּאַטרולן האָבן אָן אויפהער קאָנטראָלירט די אַרומיקע גאַסן, רייטנדיק אויף שווערע אויסגעפּאַשעטע פערד. דער אָפּקלאַנג פון צענדליקער געקאָוועטע פיס האָט אויסגעזאָגט דאָס אומ־דרייען זיך פונעם „פּעלאָטאָן" (גרופּע). באַזונדערס האָט דער עכאָ זיך דערטראָגן צו די העכערע עטאַזשן אין די מער שטילערע נאָך־האַלבנאַכט־שעהען. דעמאָלט האָבן די פּאַטרולן, מיט פאַרדעכטיקטער אָנגעשפּיצטקייט,

נישט פאַרלוירן קיין באַוועגונג און קיין שאָטן פון די באַוואַכטע גאַסן. אין אָט דער רייטער־פּאָליציי האָבן מערסטנטייל געדינט די טונקל־הויטיקע קאָרעגטינער, וואָס האָבן געשמט אַלס האַרטנעקיקע און איינגעשלאָסענע טיפּן. זיי האָבן זיך באַצויגן גרויזאַם צו די מאַניפעסטאַנטן און ביי זייער דערשיינען, באַוואָפנטע מיט לאַנגע שווערדן און שווערע באַיאָנעטן־ביקסן, פלעגט איינפאַלן דאָס האַרץ ביי די דורכגייער. זיי פלעגן אָן רחמנות אַריינ־רייטן צווישן די פאַרזאַמלטע און די געשולטע פערד פלעגן מיט די פעט־גלאַנציקע הינטנס שטופן זייטיק די אָנגעלאָפענע מאַסע, זי צעברעקלען אויף קלענערע גרופּקעס און לסוף צעטרייבן. צענדליקער האָבן באַקומען בריקעס פון די פערד אָדער אַ פליק פון דער שווערדן־שייד.

אין דעם פאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צווישן די אויס־געהוילטע שטיקער רוימען, וואָס זענען פריי געבליבן פון הויז צו הויז, האָט דוד אַ סך געטראַכט וועגן זיין טאַטן. שוין לאַנג, ווי ער האָט נישט באַקומען קיין בריוו פון דער היים. אין די טעג פון געצוווּנגענער אָפּגעריי־סנקייט — האָט ער זיך געזען ווי פאַראַנקערט אין פרעמדע ברעגן.

פאַר וואָס דווקא האָט ער געטראַכט וועגן טאַטן? דוד האָט געזען אויף דער גאַס דעם אָנלויף פון מאַסן מענטשן. זיי האָבן געוואָלט עפּעס אויס־דריקן צו די, וואָס האָבן זיך פאַרהאַקט אין פאַקולטעט. ער האָט געהערט דעם אומגעוויינלעכן אויסברוך פון קולות, געזען די געביילטע פויסטן פון די מענטשן און ער האָט זיך דערמאָנט אין די יונגע רעוואָלוציע־יאָרן פון זיין פאָטער. דאָס אָנלויפן פון דעם קאַוואַלעריע־פּאַטרול האָט אין אים צעשפּילט דעם דמיון און אויפגעוועקט די דערציילונגען, מיט וועלכע די מוטער פלעגט אין זיינע קינדער־יאָרן אים פאַרוויגן פאַרן שלאָף.

דער טאַטע אַליין האָט קיין מאָל נישט געאיילט זיך צו דערציילן וועגן יענער עפּאָכע. אַ מאָל פלעגט ער נאָר ענטפערן טרוקן אויף אַ פראַגע וועגן אַ היסטאָרישער עפּיזאָד אָדער וועגן אַ צענטראַלער פערזענלעכקייט. אָבער קיין זכרונות האָט ער נישט אַרויסגעבראַכט. פונקט ווי זיי וואָלטן פאַר אים געווען אַ מאָראַלישע לאַסט. דאָס האָט דודן נישט איין מאָל געוווּנ־דערט, וויסנדיק, אַז אַ רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט איז אַן אָנגעלייג־טער ענין אין די ספערן פון דער היגער יידישער אינטעליגענץ. עס קען זיין, אַז דער שטענדיקער קאָנפליקט, וואָס דער פאָטער האָט אָנגעהאַלטן מיט די לינקע, האָט אין אים געשטאַרקט דעם ווידערווילן צו דער תקופה,

וועז ער אַליין האָט געלעבט און געאָטעמט אין דער וועלט פון יענע הויכע פראָזן.

ערגעץ האָט דוד געלייענט אַ מיינונג וועגן רעוואָלוציע און רעוואָלו־ציאָנערן: „ווער ס'איז נישט קיין רעוואָלוציאָנער אין דער יוגנט — איז אַן אידיאָט אויף דער עלטער". דער גורל האָט צוגעשפּילט, און דער פילאָ־זאָף, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די געפליגלטע פראַזע, איז איצט אַ רעאַק־ציאָנער...

הערשל, זיין פאָטער, איז אַ מאָל געווען אַן אַקטיווער טוער צווישן טעראָריסטן. היינט איז ער אַ בכבודיקער מיטאַרבעטער אין אַגראַר־קאָאָ־פּעראַטיוו, אַן ערדאַרבעטער, וואָס זיצט, ווי אַ דעמב מיט זיינע וואָרצלען, אין טיפן באָדן. צי איז באמת נישט געווען מעגלעך אַ נאַטירלעכער המשך פון דער משפחה־טראַדיציע, וואָס דער זיידע ניאָמע ליפמאַן האָט אָנגעג־הויבן?

דוד האָט זיך געווערט קעגן דעם אויספיר, אַז ער האָט אָפּגעווייכט פון אַן אידעאַליסטישן צוגאַנג צום לעבן. ער איז געקומען אַהער, אין שטאָט, צו לערנען. אָבער דאָס איז נישט קיין תכלית פאַר זיך אַליין. ער וועט ענדיקן זיין שטודירן און זיין דאָקטאָר־טיטל וועט נישט זיין קיין מאַנטל צו קאָקע־טירן אין דער געזעלשאַפט אָדער צו פאַרקויפן זיין דיפּלאָם פאַר אַ פעטן נדן, כדי איינצואָרדענען זיך אַ לוקסוס־קאַבינעט. ער וועט אַרויספאָרן ערגעץ אין אַ קאָלאָניע, אַ ייִדישע אָדער גוייִשע, און וועט אָנווענדן זיין פּראַקטיק צו היילן אָרעמע און אומוויסנדיקע. יעדער איינער דינט דעם אינערלעכן רוף לויט זיין איינשטעלונג. איז עס נישט ריכטיק?

ער האָט זיך געפילט באַקוועם אין דער געזעלשאַפט פון זיין קוזין און זיינע אידעען־חברים. דאָס זענען געווען מערסטנטייל ייִדישע יונגע־לייט פון רייכן שטאַנד, וואָס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון לינקע קאָנצעפּ־ציעס און באַוועגונגען און וואָס האָבן ווי דורך אַ וווּנדער־שטעקעלע גע־פונען אַ לייזונג פאַר יעדן פּראָבלעם. דער אידעאַל האָט געבונדן און גע־מאַכט פאַרשטענדלעך יעדע האַנדלונג און לאָזונג, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן ערגעץ אין דער ווייטער אַזיע אָדער אין די מויערן פון קרעמל.

אָבער טיף אין זיך האָט ער געפילט, אַז זיין נשמה איז נישט אַבסאָלוט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אָט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. נישט איין מאָל איז אים באַפאַלן אַ שטילע שרעק. ער האָט געוואָלט לערנען, און אין די

אומרוען האָט ער געזען אַן אָפּשלעפּעניש פון די נאָרמאַלע לערנטעג. אמת, דאָס איז אַ קאַמף פאַרן רעכט זיך צו אָרגאַניזירן. דער דיקטאַטאָר האָט געוואָלט אָפּטעמפּן דעם פרייען גייסט פון די סטודענטן דורכן איינפירן ביי זיי זיין לאָזונג, וואָס ער האָט אָנגעווענדט אין די אַרבעטער־רייען: „פון דער אַרבעט — אַהיים!" די פּאָליטיק וועט דער הערשער טאָן און די סטודענטן דאַרפן לערנען און דערפילן זייער פליכט. דאָ זענען געשטאַנען אין קאָן די גרויסע טראַדיציאָנעלע אידעאַלן פון דער באַפרייונגס־באַוועגונג נאָך פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

אָבער פערזענלעך האָט ער נישט געאײַלט זיך צום קאַמף. ער איז מסכים געווען מיט די אויספירונגען פון זיינע חברים, אָבער געפילט האָט ער זיך נישט אין גאַנצן רייף אויפצונעמען און אַליין מיטצומאַכן די שטורמישע געשעענישן.

אונטן, אויפן גאַס, האָט זיך געשטאַרקט די באַוועגונג, און פון אויבן האָט אויסגעזען ווי אַ בהלהדיק אומלויפן פון מוראַשקעס, וואָס מען האָט פאַרשפּאַרט זייער וועג אין זייער טעגלעכער מי. הענט האָבן געפּאַכעט צו די סטודענטן, וואָס זענען געשטאַנען אויף די באַלקאָנען אָדער אַראָפּגעשריגן און געוואָרפן פלוגבלעטלעך. פון אַ זייטיקער גאַס האָט עמעצער זיך אַ טראָג געטאָן מיט אַ הויכרעדער און איבער דעם וויברירנדיקן רוים האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אָפּגעריסענע באַסאָווע קולות: „סטודענטן, אַוואַנגאַרד פון פרייהייט און רעזיסטענץ — האַלט אָן די קאַמפּס־פּאָזיציע!"

ווי אַן אָרויסרוף אָדער דיאַלאָג צווישן די מויערן פון דער גרויסשטאָט איז געקומען דער ענטפער פון הויכן פאַקולטעט־באַלקאָן. ניקאַנאָר אַקערמאַן האָט אַרויסגעצויגן די טרובע פונעם הויכרעדער און געוואָרפן אין רוים אָפּגעהאַקטע פראַזן:

— זאָל לעבן!... פאַר דער אויטאָנאָמיע! פאַר דער רעפאָרם!... זאָל לעבן די איינהייט! פאַרן צווייטן פראָנט! קעגן דער היטלער־אינוואַזיע אין אייראָפּע...

די הויכרעדערס האָבן אַרויסגעוואָרפן זייערע לאָזונגען און באַהערשט די סביבה. דער אויסגעשריי קעגן דער דיקטאַטור האָט געצונדן די בלוטן און געמאַכט אויפציטערן דאָס האַרץ. דער פאַרצוויגענער שטרייק פון די סטודענטן האָט אויפגערודערט די באַפעלקערונג, די משפחה־לייט האָבן נישט איין מאָל זיך פאַרזאַמלט אין די ראַג־גאַסן צו כאַפּן אַ בליק אָדער

איבערוואָרפן אַ פּאָר ווערטער מיט די באַלאַגערטע שטרייקער. עס האָט געשמעקט מיט אויפריים־שטאָף. דער אַרום האָט געאָטעמט מיט געשפּאַנ־טער דערוואַרטונג.

ווען ניקאָנאָר האָט אָפּגעצויגן די טרובע פון זיינע ליפּן, וואָס זענען געווען בלוילעך און פּיכט־ציטערנדיק, האָט אים דוד אַ שטורקע געטאָן מיטן עלנבויגן און אַ וויַז געטאָן אין דער ריכטונג פון אַנטקעגנדיקן ווייס־געפּאַרבטן הויז:

— זע, ניקאָנאָר, זע ווער עס שטייט דאָרט...

ניקאָנאָר האָט ווי איינגעהאַלטן זיין אויפרעגונג און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — יאָ, איך זע, דאָס איז דאָך מיין שוועסטער רינאַ. און די צווייטע? דאָס איז דאָך רות! האַלאָ! האַלאָ! רינאַ, רות! דאָ! דאָ, אַהער אין פינפטן שטאָק... רעכטס!

מען האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט קורצע אויסרופן און געפּאָכעט מיט טיכלעך. לאַנג האָט דאָס נישט אָנגעהאַלטן. דער אָנגעלויף פון רייטער־סקוואַדראָן, דאָס תקיפדיקע אָנשלאָגן פון שווערע פערדישע פּאַדקאָוועס און דאָס פּייפן אין דער לופט, האָט זיך אויסגעמישט מיטן פּראָטעסט־געַ־שריי פון די פאַרזאַמלטע, וואָס האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם דרוק און זיך צעשאָטן איבער זייטיקע גאַסן.

דאָס מאָל איז עס געווען מער ווי אַ געוויינלעך פּאָליציייִש צעטרייבן. ווען די אַרומיקע גאַסן זענען אַ ביסל אָפּגערייניקט געוואָרן פון אויפגעַ־רעגטן עולם און פון די משפּחה־לייט פון די סטודענטן, זענען אָנגעלאָפן צענדליקער לאַסט־אויטאָמאָבילן מיט שווערע פאַרשלאָסענע גראַטעס און באַגלייט מיט הונדערטער באַוואָפנטע סאָלדאַטן, און זיי האָבן זיך אָפּגעַ־שטעלט ביי דער פראָנט־געביידע פון פאַקולטעט.

עס איז געווען קלאָר, אַז די מאַכט האָט פעסט באַשלאָסן צו ענדיקן מיט דעם סטודענטן־רעוואָלט. זייער שטרייק איז געווען אַן אָנרעג פאַר אומרו און רעוואָלט און די מאַכט האָט דאָס מער נישט געקענט טאָלערירן.

אינעם אוידיטאָריום איז פאָרגעקומען אַ שטורמישע פאַרזאַמלונג, ווו מען האָט דיסקוטירט דעם אופן ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף דער פּאָליציייִשער דראָונג אָנצווענדן כוח. דער אולטימאַטום איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען און הינטער די טויערן מערקט זיך שוין די צוגרייטונג פון די באַלאַגערער צו דער פראָנטאַלער אַטאַקע: אַן אָפּטיילונג מיט מאַסקעס קעגן טרערן־גאַז;

לאַנגע װאַסער־קישקעס זענען אָנגעשרויפּט געוואָרן צו ריזיקע קראַנען אויף דער גאַס; די בלאַנקע באַיאָנעטן האָבן זיך אָפּגעדעקט קעגן פורפור־רויט פון דער פאַרגייענדיקער זון, — אַ מין אָנזאָג פון פאַרבן, וואָס מאַכן האַסטיקער קלאַפּן די הערצער...

די קעגן־באַדינגונגען פון די סטודענטן זענען נישט אָנגענומען גע־וואָרן. די פּאָליציי האָט געהאַט אינסטרוקציעס צו פאַרהאַלטן אַלעמען אַן אויסנאַם. נאָך דער רעוויזיע און קלאַסיפיקאַציע וועט זי באַפרייען װעמען זי געפינט פאַר נויטיק. אונטער דער דראָונג פון אַ בלוט־באָד האָבן די סטודענטן זיך אונטערגעגעבן. דאָס טויער איז מיט כוח אויפגעבראָכן גע־וואָרן. שורותווייז האָבן מען אַרויסגעטריבן די פאַרעקשנטע יונגע־לייט אויף די געפּאַנצערטע גראַטעס־אויטאָמאָבילן און אין באַגלייטונג פון אַ שווער־באַוואָפנטער וואַך האָט יעדער לאַסט־אויטאָ זיך אַדורכגעשלייכט צווישן די גאַסן, קליינע גרופּקעס פאַרזאַמלטע האָבן שטיל און פאַרצאָרנט נאָכגע־קוקט די אַפּפאָרנדיקע.

דוד איז געזעסן אין אַן אויטאָ פאַרהאַקט מיט נאָך אַ צענדליק סטו־דענטן. אַלע זענען אים געווען אומבאַקאַנט און ער האָט זיך געפילט ווי פאַרלאָזט. אין דער בהלה האָט ער פאַרלוירן די שפּורן פון זיין קוזין ניקאָ־נאָר, וואָס האָט נאָך זיך באַוויזן צו ראַנגלען און באַקומען אַ קלאַפּ מיט אַ ביקסן־קאָלבע אויפן נאַקן. דוד האָט אַרויסגעקוקט דורך דער גראַטע און באַמיט זיך אויסגעפינען צווישן די פאַרזאַמלטע אויפן גאַס עמעצן פון דער משפחה, אײדער ער וועט איינגעשלאָסן ווערן אין דער טורמע פאַר פּאָלי־טישע אַרעסטירטע, די טורמע, וואָס איז באַוווּסט געווען מיט דעם גרויזאַ־מען רעזשים.

מען איז געפאָרן איבער זייטיקע גאַסן, כדי אויסצומיידן אומגעוווּנ־טשענע באַגעגענישן. אין יעדן רוישנדיקן ראָג, ווען דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך באַדאַרפט אָפּשטעלן און צוואַרטן, האָט דוד אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען ווי מענטשן באַוועגן זיך פריי, זיצן ביי קאַפע־טישלעך און שמועסן זיך איבער. פאַרלעך זענען געגאַנגען געאָרעמט איבער אַלייען און זיך אַריינגעקוקט אין די אויגן. דער אָוונט איז צוגעפאַלן, און פון קליינע הייזקעס האָט זיך אַרויסגעהערט דאָס ראַדיאָ־שפּילן. דער גערוך פון צוגעגרייטן געבראָטן פלייש פאַרן נאַכטמאָל האָט געקיצלט די נאָז־לעכער.

דוד האָט באַטראַכט די קאַמעראַדן אין זיין פאַרנדיקער צעל. צי וועט ער מיט זיי, מיט די פרעמדע, אויך מיטמאַכן זיין גורל־וועג אין דער תפיסה? דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט ביים דערמאָנען זיך, אַז די שעה פאַר דער אויספאַרשונג דערנענטערט זיך. ער האָט זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס. ער האָט געוווסט, אַז מען ווענדט אָן צוואַנג־מיטלען, פסיכאָלאָגישע טריקן און שפּיצלעך, וואָס צעברעכן דעם גייסט. צי וועט מען עס אויך אָנווענדן ביי דער גרויסער מאַסע? געהערט האָט ער פון פאַלן, ווען מען האָט אָפּגעשלאָגן די לונגען אָדער גייסטיק צעבראָכן אויף אייביק. צי וועט עס אים אויך צושפּילן? פאַר וועלכע זינד און פאַר וועלכע צילן וועט ער דעם קרבן ברענגען?

דער אויטאָ האָט זיך געטרייסלט איבערן ברוק און געוואָרפן די אַרעסטירטע פון די זיץ־פּלעצער.

*

ניקאָנאָר מיט נאָך אַ גרופּע פון זיינע קאַמפּס־חברים האָבן זיך געראַנגלט מיט דער פּאָליציי, וואָס האָט זיי פאַרטויבט מיט טרערן־באָמבעס. באַזיגטע, האָט מען זיי אַריינגעשטופּט אין אויטאָ און פאַרריגלט די טיר הינטער זיי. זיי זענען געווען די לעצטע אָפּצופאָרן, און פון דער ווייטנס האָבן זיי דורך די שפּאַלטן געזען אַריינרייסן זיך אַ המון באַרוועסע מאַניפעסטאַנטן, וואָס האָבן מיט שטיינער און שטעקנס צעשפּליטערט די סטאַטוע, וואָס איז געשטאַנען אין פראָנט פון טויער פון פאַקולטעט. נאָך דעם האָט זיך דער אויטאָ פאַרקירעוועט און זיך אריינגעדרענגט דורך די גאַסן פון יידישן פערטל.

ביים פראָנט פון דער יידישער שול איז געשטאַנען אַ וואַכפּאָסטן פון יידישע יונגע־לייט. ניקאָנאָר האָט נאָך באַוויזן אויפצוכאַפּן ביים דורכפאָרן, אַז די פראָנט־וואַנט פון דער סינאַגאָגע איז געווען צעשעדיקט פון אַ באָמבע און די לוחות פון די עשרת הדברות זענען געווען אויסגעריסן ביזן לעצטן אות...

## פערצנטער קאַפּיטל

# אויף אַ נייעם וועג

נאָך עטלעכע וואָכן פון אַרעסט אין דער תפיסה, ווו הונדערטער סטודענטן זענען פאַרבליבן איינגעשלאָסן אַלס פאַרדעכטיקטע אין רעוואָלטאַקטן, האָט דוד ענדלעך געאָטעמט די פרייע לופט פון דער שיין געבויטער ווילע פון זיין פעטער אַבעלע.

ניקאַנאָר, זיין קוזין, איז פאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ לענגערער צייט און עס האָט נישט געהאָלפן דעם פאָטערס פּראָטעקציע און געלט־אָנבאָטן. פאַרקערט, די פּאָליציי האָט אָפּגעוואָרפן זיין פּרווו פון אונטערקויפן און נאָך געסטראָשעט, אַז אויך ער וועט אַרעסטירט ווערן אַלס כאַבאַר־פאַרלייגער. ווי עס זעט אויס, האָט מען געזוכט אַ געלעגנהייט צו באַווייזן, אַז דווקא די רייך־יידישע הייזער זענען אָנגעשטעקט מיט „קאָסמאָפּאָליטישע" צעשטערערישע אידעען.

ניקאַנאָר איז אַרויס פון דער טורמע אַ שווייגנדיקער און אַ קאָנצענטרירטער אין זיך אַליין. ער איז געוואָרן נאָך מער פאַנאַטיש און זיין שנאה צום רעזשים אָפּן אַרויסגעוויזן ביי יעדער געלעגנהייט. דאָס איז געווען אַ מין טראַציקע דעמאָנסטראַציע מזלזל צו זיין אין דעם קעגנער, וואָס פאַרמאָגט אַלע שטראָף־ און מאַכט־מיטלען קעגן אַן אומבאַוואָפנטער קאַמפּסגרופּע.

דוד דאַקעגן האָט איצט געפונען אַ געלעגנהייט אַרויסצומאַכן זיך פון דער געפערלעכער שפּיל. אין טורמע איז זיין גייסט נישט געשמידט געוואָרן צום קאַמף, ווי עס איז דער שטייגער אין די מערסטע פאַלן. ער האָט געמוזט מודה זיין, אַז די טורמע, די גראַטעס, די דיסציפּלין, וואָס דער פּרט איז געצווונגען זיך אונטערצוואַרפן, וועלן אים נישט אויספּו־

רעמען די געשטאַלט פון אַ רעוואָלוציאָנער. פּאַרקערט, ער האָט זיך געפילט דערנידעריקט, פאַרשפּיגן, און ער וואָלט גערן רעזיגנירט פון יעדן קאַמף, אַבי אַרויסצוגיין און אָטעמען די פרייע לופט. קיין דעקלאַראַציעס האָט ער נישט אונטערגעשריבן, אָבער אין טורמע האָט מען, זעט אויס, דערזען, אַז דאָס איז נישט קיין געפעדערלעכער „פויגל". נאָך אַ פּאָר וואָכן איז ער געווען פון יענער זייט מויער.

זיין פּאַסיווקייט לגבי דער קאַמפּס־גרופּע האָט ער קודם־כל געוואָלט אויפקלערן און באַפעסטיקן פאַר זיך אַליין. ער האָט געוואָלט זיין אויפריכטיק מיט זיך, כדי נאָך דעם צו קענען ביישטיין יעדע אויסערלעכע באַמערקונג אָדער חוזק פאַר זיין האַנדלונג.

ער האָט זיך געזען אין דער זעלבער לאַגע ווי דער פאָטער זיינער צוריק מיט צענדליקער יאָרן, ווען ער האָט, אין אַ מאָמענט פון צוגעשפּיצטע געשעענישן און פון פאַרווירונג אין די ס.ר.־קרייזן, זיך אָנגעשלאָסן אין דער רייע פון דער משפּחה אין דער נייער וועלט. מיט דעם האָט ער, דער פאָטער, פאַרענדיקט זיין ראָמאַנטיש־קעמפעריש קאַפּיטל, און זיך איינגעשפּאַנט אין יאָך פאַר דער משפּחה ביז היינט צו טאָג.

ער, דוד, געפינט זיך איצט אין אַן ענלעכער לאַגע ווי זיין פאָטער אַ מאָל. ער איז דאָ אין שטאָט נאָך אַ לאַנגן משפּחה־שטרייט. די מוטער האָט אים געשטויסן אַהער, דער טאַטע און דער זיידע האָבן אים געצויגן צוריק אויפן פּלאַץ. דאָס איז אים מחייב נאָכצוקומען דער מאַמעס ווונטשן און נישט אָפּווייכן אויף זייטיקע וועגן, וואָס האָבן נישט צו טאָן מיטן ציל. מילא, דער שטרייק האָט אַרומגענומען אַלע פרייע סטודענטן — האָט מען זיך פון דעם נישט געקענט אַרויסמאַכן. אָבער נאָכן שטורעם דאַרף ער זיך צוריקקערן צו דער באַנק און צו די ביכער. נאָכן יאָר לערנען וועט ער דאַרפן מאַכן אַ סך־הכל פון זיינע דערגרייכונגען, און דער קאַמף אין דער לינקער גרופּע וועט דאָ גאָרנישט צוגעבן. די פליכטן פאָדערן אָפּצוטרייסלען זיך פון די, וואָס ציִען אים אויף זייטיקע וועגן.

אָבער דאָס איז נישט געווען דער גאַנצער אמת אין זיין אָפּשאַצן די סיטואַציע; נישט נאָר דאָס האָט פאַרנומען זיין האַרץ און מוח. נישט נאָר צוליב דער מאַמען.

אויך רות, רות זילבער, וואָס איז אַרויסגעשוואומען שפּעטער, ווען די שטורמישע טעג זענען פאַרביי און די סטודענטן האָבן זיך צוריקגעקערט

צו דער לערנבאַנק, האָט אים ביסלעכווייז אָפּגעצויגן פון יענע קרייזן, פון וועלכע ער האָט סיי ווי געוואָלט זיך דערווייטערן. איר קומען און איר געפינען זיך אין זיין סביבה האָט אָנגעהויבן ווירקן און פירן אים צו יענע מחשבות, פון וועלכע ער האָט שטענדיק געחוזקט מיט אַזאַ דינעם סאַר־קאַזם. נישט וויסנדיק און פילנדיק אַליין ווי אַזוי, איז דוד אַריינגעטראָטן אין יענעם קרייז פון יונגע־לייט, וואָס האָבן אָפּט פאַרפולט די שטוב פון זיין פעטער און פאַרפירט שטורמישע דיסקוסיעס מיט דעם קוזין ניקאַנאָר און זיינע נאָענטע חברים.

דוד איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין קרייז פון דער חלוצישער חברותא, אין וועלכער רות, פונקט ווי זיין קוזינע רינאַ, איז געווען אַן אַקטיווע פירערין.

זי איז נישט געווען באַזונדערס שיין, אָבער אין אירע געזיכט־שטריכן זענען געווען די קאָנטורן פון כאַראַקטער און ווילן. די קורץ־געשוירענע האָר האָבן איר צוגעגעבן אַ מענלעכן אויסדרוק און די עטוואָס צוגע־שפּיצטע נאָז און די שאַרפע אויגן האָבן אויסגעזאָגט וואַכזאַמקייט. זי איז געווען פון די צענטראַלע פיגורן אין דער יוגנט־באַוועגונג, און די, וואָס האָבן געקענט איר משפּחה און אָפּשטאַם, האָבן אין איר געזען עפּעס אַ מין עקזאָטישן צווייג פון אַ פרעמדן בוים.

דוד איז באַזונדערס אינטריגירט געוואָרן פון אָט דעם ברונעטן מיידל מיט די קורץ־געקרויזטע האָר. מ׳האָט זיך אָפּט לייכט איבערגע־שושקעט וועגן איר אָפּשטאַם, וועגן דעם ווונדער, וואָס אַזאַ טיפּ מיידל, פון אַ שטיין־רייך יידישער שטוב, קליידט זיך אַזוי פּשוט און חברט זיך מיט געוויינלעכע פאָלקס־קינדער. און דערצו נאָך, זאָגט מען, גרייט זי זיך איבערצורייסן די לימודים און אַריין אין דער הכשרה־פאַרם, ווען זי וועט אויפגעשטעלט ווערן. ווי קומט עס ?

דאָס האָט דודן דווקא געצויגן. אין אָנהייב האָט ער אין איר אָנוועזנ־הייט זיך נישט געפילט אין גאַנצן פריי, אָבער מיט דער צייט איז זי גע־וואָרן אַן אָפטע אַריינגייערין אין אַבעלעס הויז און זיך נאָענט געחברט מיט רינאַן. אַבעלען האָט געשמייכלט דער פאַקט, וואָס די טאָכטער פון גרויסן פאַבריקאַנט, וועמענס פּראָדוקטן שרייען אַראָפּ פון אַלע שפּייז־קראָמען און ער איז פון די ערשטע בייצושטייערן פאַר פאָלקס־צוועקן, איז אַן אַריינגיי־ערין ביי אים אין שטוב. אַדעלאַ האָט מיט יעדן באַזוך פון רות זי מער

דערנענטערט, ליב געהאַט מיט איר צו פאַרפירן שמועסן און שטילערהייט האָט זי איינגעזאַפּט אין איר קינסטלערישן זכרון די קאָנטורן פון רותס לענגלעך און עטוואָס טרויעריק געזיכט. אַדעלאַ האָט אָפט געמאַכט סקיצן פון איר סילועט און צוגעפּאַסט זיי צו אַ בילד, וואָס זי האָט געפּלאַנט אַרויס־צוגעבן. רות פלעגט איין מאָל אין וואָך, כמעט ווי אַ געזעץ, באַזוכן די משפחה אַקערמאַן. זי פלעגט עסן מיט זיי וועטשערע אָדער מיטאָג און דאָס האָט געגעבן אַ געלעגנהייט פאַר מער לענגערע שמועסן.

די פּערזענלעכע נייגונג צו רות האָט אויך געווירקט אויף דודן אין דער פּאָליטישער זייט. נישט זייענדיק איבערגעגעבן דעם קרייז פון די לינקע, האָט ער לאַנגזאַם געוועגדט זיינע סימפּאַטיעס אין דער ריכטונג, וווּ די צוויי פריינדינס, רינאַ און רות, זענען געווען אַקטיוו. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַן אָפטער אָנטיילנעמער אין זייערע אויספלוגן און זיך כמעט גערעכנט ווי איינער פון זייער גרופּע.

אין איינעם אַ טאָג איז רות געקומען און רינאַ איז נישט געווען אין שטוב. דוד האָט זי אויפגענומען, און ווען ער האָט איר דערציילט, אַז רינאַ איז נישטאָ, האָט זי זיך אַריינגעשטעלט אין שטוב מיט איר געוויינלעכער היימלעכקייט און געזאָגט:

— ס׳מאַכט נישט אויס. איך האָב איר געוואָלט איבערגעבן, אַז די אַנדערע וואָך וועל איך איבעררייסן דאָס לערנען אין דער קאָמערציאַל־שול. איך האָב שוין וועגן דעם גערעדט מיט מיין פּאַפּאַ.

— און וואָס טראַכסטו צו טאָן? — דוד האָט עפּעס יאָ געהערט וועגן אירע פּלענער.

— איך וויל דורכמאַכן אַ קורס פאַר קראַנקן־שוועסטער און דערצו וויל איך עטלעכע שעה אין טאָג אַרבעטן... דאָס איז נישט שווער צו דערגרייכן.

דוד האָט געגאַפט. אַרבעטן? אין איר שטאַנד?

— איך האָב געוווסט, אַז דו וועסט אויסשטעלן אַ פּאָר אויגן. די טאָכטער פון מיליאָנער זילבער — אַרבעטן? וואָס פעלט איר דען?

— ריכטיק, די פראַגע איז טאַקע אַ פראַגע.

— יעדע פראַגע האָט אַן ענטפער — זי האָט מיט זיכערקייט אַ טראָגט געטאָן פאָרויס און אַרייך אין וואַרטזאַל — האַ! סעניאָראַ אַדעלאַ, גוט וואָס איך האָב אייך געטראָפן אין שטוב. איך דאַרף אייך צוזאַמענטרעפן מיט

מיין מאַמען. דעם טאַטן האָב איך שוין באַוויזן איינצובייסן. די מאַמע ווערט זיך נאָך זייער שטאַרק.

אַדעלאַ האָט באַטראַכט דאָס רירעוודיקע מיידל, וואָס שפּרודלט מיט באַשלוסן, ווי אַ דערוואַקסענע, און זיך צוגעזעצט לעבן איר. זי האָט לייכט אַ גלעט געטאָן איר באַק:

— און וואָס גייט דאָ?

רות האָט אַ ווײַלע געשוויגן. זי האָט איבערגעפירט איר בליק פון אַדעלאַן צו דודן און צוריק, ווי אָפּצושאַצן די מעגלעכקייט אויפצודעקן איצט אינטימע פּלענער. פון דרויסן, דורכן אָפענעם פענצטער, האָבן דיביימער לייכט זיך געשאָקלט אין פאַרנאַכטיקן ווינטל. די בלעטער, אָפּגע־גאָסן מיט גאָלדיקן זון־קאָליר האָבן געררוישט. רות איז אויפגעשטאַנען פון טאַטעל. ביים פענצטער האָט זי אָפּגעריסן אַ גלעקל־בלימל און צוגע־טראָגן עס צו די דינע ליפּן:

— ס'איז געקומען די צייט צו באַשליסן און צו האַנדלען. אויב איך מיין ערנסט מיט מיין עליה קיין ארץ־ישראל, דאַרף איך דאָ מאַכן אַ שאַרפן שניט. רעדן פאַר אַנדערע, און אַליין פירן זיך ווי פריִער? נישט ביי מיר! אויב איך גרייט זיך צו לעבן אין קיבוץ, איז יעדע שעה, וואָס איך לערן קאָמערץ, אַרויסגעוואָרפענע מי. איך דאַרף לערנען אַ פאַך, וואָס קען צו נוץ קומען אין דער געזעלשאַפט, ווו איך לעב זיך אויס. נישט ריכטיק?

— ריכטיק, ריכטיק — האָט אַדעלאַ צוגעשטימט — אָבער דאָס מיינט נישט, אַז דווקא דו, די טאָכטער פון אַ רייכן אינדוסטריאַל, דאַרף זיין צווישן די ערשטע...

— עמעצער מוז זיין צווישן די ערשטע. אויסער דעם, דווקא ווייל איך בין אַ מיליאָנערס אַ טאָכטער און עס פעלט מיר נישט קיין זאַך, וועט אַזאַ האַנדלונג מיינע ווירקן פּאָזיטיוו אויף אַלע ייִנגערע חברים. מיר דאַרפן זיי איבערצייגן, אַז געלט און שטאַנד שפּילן דאָ נישט קיין ראָלע.

— דאָס מיינט, אַז דער מאַרקסיזם, וואָס איר פּרעדיקט, איז דאָ אין פולער סתירה — האָט דוד זיך אַ לאָז געטאָן צו פּאָלעמיק — ביי אייך, פּונקט ווי ביי די עקסטרעם־לינקע, דאַרף די שטויסקראַפט פאַר סאָציאַלע ענדערונגען זיין די נויט און די אונטערדריקונג. וואָס דריקט אייך, רייכע טעכטער און זין?

— דאָס איז די נייגונג פאַר געדעכטיקייט און די גרייטקייט צו קעמפן פאַר איר. אויך אין דער רוסישער רעוואָלוציע האָבן זיך באַטייליקט רייכע זין און טעכטער. איז דאָס טריף?

— אָבער... אָבער צו וואָס דאַרפסטו איצט אַרבעטן? וואָס פעלט דיר? — האָט דוד זיך כמעט ווי געררייצט. ער האָט דאָ געזען אַ גינסטיקע געלעגנ־הייט אַ שפּאַן צו טאָן אין איר אינטימער וועלט. ער האָט לאַנג געגאַרט עס צו טאָן.

— עס זענען פאַראַן אַן אַ שיעור מאָטיוון, וואָס באַרעכטיקן מיין האַנד־לונג. אין דער ערשטער רייע — דאָס געפיל פון זעלבשטענדיקייט. אַרבעט און אויסהאַלטן זיך איז דער ערשטער געבאָט פון חלוציזם. דאָס איז אויך אַ טראָט נענטער צו יענעם אַקט, וואָס וועט דווקא ווירקן צום שטאַרקסטן אויף מיינע עלטערן. נאָך אַ יאָר אָדער צוויי וועל איך אַריין אין דער הכשרה, דאָס וועט זיי צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז סוף כל סוף וועל איך פון דאַנען אַוועקפאָרן. צו אַזאַ געדאַנק דאַרף מען זיך לאַנגזאַם צוגעוווינען. אויסער דעם... איך ווייס נישט צי איך מעג עס דערציילן, אָבער איך האָלט אייך פאַר נאָענטע פריינד... איך האָב מיינע אייגענע טיפע מאָטיוון נישט הנאה צו האָבן פון מיין פאָטערס רייכקייט. אַפילו די אויסשטאַטונג צו דער עליה אין אַ פּאָר יאָר אַרום וויל איך אַליין פאַרדינען, מיט מיינע איי־גענע צען פינגער. איך האָב מאָטיוון דערצו.

אַזוי ווי זי האָט דאָ געמאַכט אַ פּויזע, האָבן דוד און אַדעלאַ געוואַרט. דער לייכטער טרויער אין אירע אויגן און דאָס לייכטע ציטערן פון דער אונטערשטער ליפּ האָבן אויסגעזאָגט אויף אַן אינערלעכן קאַמף.

— איך ווייס נישט ווו עס הייבט זיך אָן און ווו עס ענדיקט זיך דער מאָראַלישער צוגאַנג אין מסחר. אין אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָבן מיר געלערנט, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, ווו אַלץ איז געבויט אויף זעלבסט־הנאה, איז נישטאָ קיין מאָראַלישע באַזע אין קאָמערץ און אינדוס־טריע. איינער איז גרייט איינצושלינגען דעם צווייטן און בלייבן אַליין אויף דער אַרענע. אין דעם פּונקט איז מיין פאָטער נישט ערגער און נישט בע־סער ווי אַלע אַנדערע. דערפאַר איז נישטאָ קיין גרונט, אַז איך זאָל האָבן צו אים מער טענות ווי צו אַלע פון זיין שטאַנד... דאָך — און זייט וויסן, אַז אירביידע זענט די ערשטע, וואָס איך ברענג עס אַרויס מיט אַזאַ אָפנקייט — עפּעס איז געשען אין מיין משפּחה, וואָס האָט מיך דערפּירט, אַז איך זאָל

זיך אָפּטרייסלען, ווי ווייט מעגלעך, הנאה צו האָבן פון דעם טאַטנס פּראָפּיטן.

אַדעלאַ האָט זיך אויפגעשטעלט און צוגעגרייט קאַפע און קוכן. זי האָט עס געטאָן מיט אויסגערעכנטקייט, כדי דאָס דערציילן זאָל פאַלן אין אַ שטימונג פון היימלעכקייט און נישט אָנגעצויגנקייט.

דאָס איז געווען די געשיכטע פון צוויי ברידער. צוויי יונגע־לייט, וואָס זייער פאָטער איז אין די ערשטע „גרינע" יאָרן געווען אַ קאָלאָניסט אין אַ קאָלאָניע, וואָס האָט געשפּילט אַן ערשטע און טראַגישע ראָל אינעם גע־ראַנגל מיט דער „געזעלשאַפט" און איז כמעט ווי אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער מאַפּע אַלס יידישער פּונקט.

די פאַמיליע איז אַוועק אין דער גרויסשטאָט, זיך באַזעצט אין קאָמ־פּאַקטן יידישן פּערטל, און די זין האָבן אָנגענומען צוויי באַזונדערע וועגן אין לעבן. רותס פאָטער איז געוואָרן אַ קליידער־סוחר אין צענטער פון שטאָט און זיין יינגערער ברודער האָט זיך פאַרגענומען צו לערנען געאָ־לאָגיע, וואָס עפּעס געאָלאָגיע, בשעת אַלע יידישע יונגע־לייט האָבן אויסגע־קליבן תכלית־קאַריערעס? אַדאָלף אָדער גיזשערמאָ, ווי ער האָט זיך שפּע־טער באַטיטלט, האָט געהאַט אַ נייגונג צו שטודירן און באַטראַכטן נאַטור־דערשיינונגען, וואָס האָבן אַ פאַרבינדונג מיט קאַלך, גראַניט און שטיין. נישט איין מאָל האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין עקספּעדיציע־גרופּעס אין די אַנדן אָדער אין די בערג פון קאָרדאָוואַ. ווען ער האָט געענדיקט זיין שטו־דירן, האָט ער לאַנגע יאָרן פאַרבראַכט אין די קאַלך־ און קרייד־מינעס פון לאַנד און געזוכט די שפּורן פון מאַטעריאַלן, וואָס קענען אויסגענוצט ווערן צו הילף דעם מענטש.

רות געדענקט, אַז ווען זי איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד, האָט מען אין שטוב גערעדט וועגן דעם פעטער, וואָס פאַרברענגט זיינע יאָרן צווישן שפּאַלטן פון די בערג, מאַכט אויפרייסן מיט דינאַמיט, ברענט איבער די מאַטעריאַלן און פירט לאַבאָראַטאָרישע אויספאָרשונגען. נאָך לאַנגע יאָרן פון איבערליגן אין די בערג אין נישט באַקוועמע באַדינגונגען איז ער קראַנק געוואָרן אויף די לונגען און שנעל אַוועק פון דער וועלט. איר פאָטער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די איבערגעבליבענע אַרבעטן פונעם פאַרשטאָרבענעם און האָט אַנטדעקט אַ פאַרטיקע פאָרמולע, ווי אַזוי אויס־צואַרבעטן פון אַ מינעראַל־זאַמד אַ כעמישן פּרעפּאַראַט צו פּוצן געשיר און אַלומיניום. לויטן געזעץ און לויט דער לאָגיק האָט אַלץ געהערט צו

אים, ווייל דער פאַרשטאַרבענער איז געווען נישט פאַרהייראַט. האָט ער, דער פאָטער געלייגט זיין האַנט אויפן פּאַפּירענעם פּאַרמעגן, אַרויסגעצויגן אַ פּאַטענט און אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן לויט דער פאָרמולע. היינט דערמאָנט זיך שוין נישט קיינער, אַז דער פאָטער האָט אַ מאָל געהאַנדלט מיט שמאַטעס.

דאָס איז די סיבה, פאַר וואָס זי וויל נישט הנאה האָבן פון אַזאַ פאַרמעגן. זינט זי איז געקומען צום שכל און זיך דערוווּסט וועגן טאַטנס פאַבריקאַציע און זיינע קוואַלן, האָט זי זיך געפילט אומבאַקוועם ביי יעדן שמועס אין דער משפּחה וועגן קויפן הייזער, בייטן אויטאָמאָבילן אָדער בויען אַ דאַטשע־הויז ביים ווייטן דרום־ברעג. אַפילו אַ ניי קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך, האָט געדריקט אירע גלידער און דערמאָנט דעם ריח פון פּולווער און אויפגעריסענעם מינעראַלן־שטויב. ניין, איצט וויל זי אוודאי נישט געניסן פון אַזעלכע הכנסות.

דאָס איז אַלץ. אַ זייער פּשוטע געשיכטע. אָבער פאַר איר, פאַר רותן, איז דאָס אַן ענין פון פּרינציפּן. דער טאַטע? וואָס איז ער שולדיק, אַז ער האָט מצליח געווען מיט דער פאַבריק? אויך דאָס לאַנד, דאָס גאַנצע לאַנד האָט פּראָפיטירט פון דער פאָרמולע, אָבער זי, זי וויל נישט הנאה האָבן פון טאַטנס גאָב.

אַדעלאַ איז געווען פאַרטאָן אין אויפכאַפּן די קאָנטורן פון רותס פּראָפיל און זי האָט כמעט ווי אָנגעוואָרן דעם פאָדעם פון רותס דערציילונג. זי האָט אין איר דמיון געצייכנט און געפּענדזלט און געמישט די פאַרבן. דאָס בילד וועט אַרויסקומען טרויעריק, אַזוי האָט אַדעלאַ אָפּגעמאַכט. אַזוי זעט טאַקע אויס דאָס עטוואָס בלאַס־אַרומגעזוימטע געזיכט פון רייכן מיידל, וואָס מאַכט נישט קיין ווען פון טאַטנס געלט.

איצט האָט רות שוין אָפּגעווענדט דעם שמועס אין אַן אַנדער ריכטונג. זי האָט גערעדט וועגן די פּליטים־לאַגערן אין דער באַפרייטער אייראָפּע, וועגן דער אַרבעט, וואָס די ייִדישע בריגאַדע פירט אָן צווישן די איבערגעבליבענע פון די אויסראָטונגס־לאַגערן. די חלוצישע באַוועגונג שיקט אירע בעסטע כוחות צו טרייסטן און צו פירן זיי איבער געהיימע וועגן צום אויסגעטרוימטן לאַנד. דערפאַר שיקט מען נישט קיין שליחים אַהער אין די שטילע אַמעריקאַנער לענדער. אָבער דאָס איז אַן עוולה. ברויו גייען אַהין און צוריק און קיין שליח קומט נישט. מען דאַרף זיך אַ וואָרף טאָן און אַר־

גאַניזירן די יוגנט, מען דאַרף אויסנוצן דעם אויפגעוואַכטן סענטימענט, מען מוז אָרגאַניזירן די איינגעהאַנדלטע הכשרה־פאַרם, און נאָך דרינגענ־דע אַרבעטן וואַרטן, אַז די געניטע האַנט פון אַ ישראל־מענטש זאָל זיי אַ ריר טאָן פון אָרט.

ווי מיינט ער? צי וואָלט ער נישט איינגעוויליקט אַרויסצופאָרן אויף סוף וואָך אין אַ „קינטע" אויסער דער שטאָט אויף אַ קורצן סעמינאַר? עס וועט זיין אינטערעסאַנט... ער האָט באַלד נישט געענטפערט, געפילט האָט ער אָבער ווי זי פירט אים מיט איר ליכטער האַנט אויף אַ נייעם, גאָר נייעם וועג.

פופצנטער קאַפּיטל

# צוריק אין אייגענער שאָלעכץ

די מאָדנע בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען אַהיים אין דאָרף, האָבן אָנגעהויבן צו באַאומרויִקן דאָס האַרץ פון דער מוטער. רבקהלע האָט אין אָנהייב אַפילו געפּרוווט די בריוו פון דוד צו באַהאַלטן, זיי זאָלן נישט זיין ווי אַ געווער קעגן איר.

דוד האָט אָנגעהויבן אָנצודייטן אין די בריוו וועגן ענדערונגען אין זיינע צוקונפט־פּלענער, ענדערונגען, וואָס פּאַלן זיך נישט צוזאַמען מיט די ברענענדיקע באַגערן פון דער מוטער צו זען איר זון אַ געענדיקטן פּראָפעסיאָנאַל. איר ליב האָט דורכגעציטערט ווי אין אַ געענדערטן זומער־וועטער, לייענענדיק די שטעלן, וואָס האָבן געמאָלן דאָס אַרויספּאָרן אין די ביישטאָטישע וועלדער, דאָס אויפשטעלן ליזונט־ביידלעך אין די סוף־וואָך־טעג. דוד דערציילט דאָרט וועגן יוגנטלעכע, וואָס גרייטן זיך איבערצורייסן די אוניווערסיטעט־לערע און זיך אָנשליסן אין דער הכשרה־פּאַרם, דאָרט זיך צוגרייטן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. ס'איז געווען קענטיק פון זיינע רייד, אַז ער פּאָוואָריזירט אַזאַ מין דראַסטישע ענדערונג אין דער געדאַנקען־וועלט פון דער יידישער יוגנט. דוד האָט אַפילו געשריבן מיט סאַרקאַזם: „די יידישע קרענק — איז די דאָקטערישקייט פון די על־טערן"... דאָס האָט געשמעקט מיט אַן איבערקערעניש פון אַלע אירע פּלענער. ווי וועט זי קענען קוקן אַפילו אין די אויגן פון איר שווער, פון ניאָמען ?

אָבער די זאַך איז פאָרט דערגאַנגען צו ניאָמעס אויערן. זיין אינטויִציע האָט אים נישט געקענט פאַרפירן און ער איז דערגאַנגען דעם אמת : דוד, זיין געליבט אייניקל, טראָגט זיך אַרום מיט אַזעלכע פאַנטאַזיעס. ווי האָבן

זיי געקענט אָנשלאָגן אַהער, אין דער וויטער מדינה, ווו יידן האָבן נישט קיין נויט צו טראַכטן וועגן אָפּפּאָרן פון דאַנען? מען רעדט דאָך אַזוי פיל וועגן דעם שטראָם פון נייע אימיגראַנטן, וואָס דאַרף זיך אַ טראָג טאָן אַהער באַלד נאָך דער מלחמה, ווען זי וועט זיך ענדיקן. צי איז נישט וויכטיקער, אַז אויף די פּאָר סערטיפיקאַטן, וואָס מען וועט אויסבעטן, זאָלן אַרויסגע־ריסן ווערן יידן פון די לאַגערן? אָן סערטיפיקאַטן לאָזן דאָך די ענגלענדער אין גאַנצן נישט אַרייַן.

וואָס פאַראַ מין דיבוק איז אין זיי אַריין, אין די יונגע־לייט דאָ?

פון דער אַנדערער זייט האָט ער הנאה געהאַט, וואָס דוד קערט איבער די פּערזענלעכע אַמביציעס פון זיין שנור, מיט וועלכער ער רעדט אַ סך אויף דער טעמע און וואָס ווייזט אַרויס אַן אומגעדולד צו אים. אַ קילקייט איז אַריינגעטראָטן אין די באַציִונגען צווישן רבקהן און הערשלען. זייער אינטימקייט איז פאַרשוווּנדן און הערשל האָט נישט געקענט מיט איר שמועסן וועגן וויכטיקע ענינים, ווי מיט אַ גלייכן שותף. ס'איז געווען אומבאַקוועם, אָבער אַפילו אין די אָפּטע שטרייטן צווישן שווער און שנור האָט הערשל זיך געפילט ווי אַ פרעמדער, אַזעלכער וואָס קען דאָ נישט דעצידירן ביזן סוף. שאַרפע טענער האָבן נישט געפעלט אין די לעצטע חדשים. דער עיקר האָט די לאַגע זיך צוגעשפּיצט נאָך דודס בריוו, וואָס זענען אויך דערגאַנגען צו ביאָמען.

נאָך אַזאַ איבערוואָרטלען זיך, וואָס פלעגט דערגיין ביז אַ לייכטן דורכקריגן זיך, פלעגט ביאָמע זיך צוריקקערן אין זיין וווינונג און זיך פאַרנורען אין אַ ווינקל. אָפּט האָט ער זיך אַליין צוגעגלייכט צו אַ טשע־רעפּאַכע, וואָס האָט געלעבט אַ סך יאָרן, זיך אָנגעזען מיט נייעסן פון לעבן, איינגעבויגן דעם האַרטן רוקן אונטער דער לאַסט פון געשעעניש, און צום סוף זיך צוזאַמענגעלייגט אין דער האַרטער שאָלעכץ, בכדי צו חלומען פון דאָס ניי אַן אַלטן, אַלטן חלום.

די איינזאַמקייט פון דער גרויסער שטוב האָט ביי אים אויסגעצאַפּט יעדן טראָפּן וואַרעמקייט. וואָס דאָס טאָגטעגלעכע לעבן האָט נאָך געקענט אים צוטיילן. דאָס אַרומגיין אַרום די עטלעכע קי, וועלכע ער פלעגט נאָר אין די פאַרטאָגן אויסמעלקן און צופירן די מילך אין דער נאָענט־אויסגע־בויטער סמעטענע־ און קעז־פאַבריק, האָט אים געגעבן דעם אינהאַלט פאַר די שעהען פון טאָג. די ברייטע פעלדער זענען באַאַרבעט געוואָרן דורך

הערשלען, און ער, ניאָמע, פּלעג באַקומען גרייטע פּראָצענטער אין באַנק. נישט אַלע יאָר זענען געווען פּאַרדינסטן, אָבער ווען די צייט האָט צוגע־שפּילט — עס האָט גערעגנט צו דער צייט, דער האָגל האָט נישט אויסגע־שלאָגן, דער ווינט האָט נישט אויסגעלייגט און די פּרייזן האָבן זיך גע־האַלטן ווי עס איז — איז שטענדיק עפּעס איבערגעבליבן. דערווייל האָט מען זיך אויסגעלערנט די חכמה פון אויסבעסערן דעם פּאַרזיי, אַריינצו־פירן נייע מעטאָדן און מאַשינען. אויך האָט דער קאָאָפּעראַטיווער אופן פון איינשאַפן פּראָדוקטן און פאַרקויפן די תבואה און אַנדערע קולטיוון, איינגע־שטעלט אַ סאָלידע באַזע פאַרן קיום פון קאָלאָניסט. דווקא ווען אין קאָלאָניע זענען שיטערער געוואָרן די יידישע פּויערים און זייער פּלאַץ האָבן פאַר־נומען גויים, האָבן די קאָאָפּעראַטיווע אַנשטאַלטן זיך מער צעבליט. אַרום דעם מויער פון שטעטלדיקן קאָאָפּעראַטיוו האָט עס גערוישט ווי לעבן אַ גרויסשטאָטישער קראָם. לעבן די „קרעמעריעס" און „קעסעריעס", ווו מען פלעג צופירן די קאַנען מילך, האָבן שטענדיק אין די פרימאָרגן־שעהען זיך פאַרזאַמלט צענדליקער וועגעלעך און צווישן אַראָפּנעמען די פולע קאַנען מילך און אָנלאָדן די ליידיקע פלעגט מען אַריינכאַפּן אַ לייכטן שמועס. דאָס איז געווען איינער פון זיינע גרויסע חלומות. ניאָמע האָט זינט די ערשטע יאָרן פון זיין אָנקומען אַהער טאַקע זיך פאַרגעשטעלט אַזעלכע מונטערע סצענעס פון דאָרפישער שיינקייט. אָבער איצט איז דאָך פאַראַן אַן אומאָנגענעמע ענדערונג: מען הערט שוין וויניקער דאָס יידישע לשון ביי אָט די טרעפונגען. דער אונטערגעוואַקסענער דור, וואָס איז נאָך דאָ פאַרבליבן, לעבט זיך אויס מער אין שפּאַניש און דערצו נאָך זענען אַ גרוי־סער טייל פון די מילך־ברענגער — קריסטן, זין פון סאַראַטאָווער דייטשן, יוסטע איטאַליענישע פּויערים און איינצלנע רוסישע און אוקראַיִנישע יונגען, וואָס אַרבעטן אויף פּראָצענטער ביי די יידישע באַלעבאַטים, וועלכע וווינען אַליין שוין אין שטעטל.

אין אַ שמועס, וואָס ניאָמע האָט פאַרפירט מיט זיין מחותן זישע אַקערמאַן אין אַ שבת אין שול, האָט יענער, מיט זיין שאַרפזיניק לשון, אים אויפגעדעקט די קאָרטן...

— עס העלפט נישט, מחותן, דאָס איז דער אָנהייב פונעם סוף. איצט זענען זיי די געציילטע און די ווינציקע, איצטער זענען זיי נאָר פּאַסיווע מיטגלידער, אין דער לייטונג גייען זיי נישט. צו וואָס? זאָל דער ייִד

זיך ברעכן דעם קאָפּ מיטן אָנהאַלטן דעם ניווא פון פרייזן און פירן די געשעפטן. עס וועט אָבער קומען אַ צייט, און אַט די אינסטיטוציעס וועלן ווי אָפּגעשיילטע עפּעלעך אַריינפאַלן אין זייערע מיילער... ווען? דאָס איז אין אונדז געווענדט.

ניאָמע איז געזעסן אויף דער האַרטער סאָפּקע, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנזעעוודיקן פּלאַץ אין דער ברייטער קיך. דער טשייניק זידט אויף דער אייזערנער עקאָנאָם־קיך און דאָס מאָנאָטאָנע זשומען ברענגט ווידער אָן די זכרונות פון לאַנג־אָפּגעלעבטע טעג. אַזוי האָט דער טשייניק געזאָטן נאָך אין יענע יאָרן פון ליגן אין דער טוכלער־וואָרעמער כאַטע. נאָר דעמאָלט האָט מען דאָס פייער געברענט מיט קומיסט און מיט שטעכיקע קאַ־ריי־דערנער. רויכיק־פּעט האָט זיך די פייכטקייט צוגעקלעפּט צו די ווענט און זיך געטוליעט צו די מענטשלעכע קערפּערס. די היימלעכקייט האָט נישט אָפּגעטראָטן אַפילו אין שטורמישע רוישיקע ווינטער־נעכט. דאָס איינטאָניקע זשומען פונעם טשייניק האָט באַגלייט אַלע תקופות פון זייער זיין אין דער סביבה און תמיד אָנגעזאָגט די ליבלעכע בשורה פון געמיטלעכן מאַטע טרינקען אין אַ פריינדלעכן קרייז אָדער דעם אַראָמאַט פון שאַרפער טיי מיט היימישער וואַרעניע, וואָס באַשקע פלעגט פּרעגלען פון אַלערליי פּרוכטן. אין די לאַנגע ווינטערנעכט האָט דאָס טרינקען באַגלייט לאַנגע שעהען פון לייענען די ראָמאַנען אין פאַרזעצונגען אין די יידיש־אַמעריקאַ־נער ציטונגען. אין אַ ווינקל פון דער גרויסער אָפענער שאַפע ליגן נאָך ביז היינט צו טאָג צוזאַמענגעוויקלטע פּעקלעך פון יענע ראָמאַנען, וואָס באַשקע פלעגט ציטנווייז פונאַנדערוויקלען און פון דאָס ניי לייענען ביי דער שיין פון לאָמפּ. דאָרט אין שאַפע זענען אויך אויסגעשטעלט די הייליקע ספרים, וואָס אַ טייל פון זייערע בלעטער זענען שוין אויסגעפליקט און אויסגעריבן ביז שטויב. אָבער די ביכער זענען פאַרט פאַרבליבן און אין די אינערלעכע שטייפע טאָוולען זענען פאַרצייכנט דאָ און דאָרט זייער וויכטיקע דאַטעס — דער געבוירן־טאָג פון אַ זון אָדער טאָכטער, די פּטירה פון אַ וויכטיקן רב אָדער ציוניסטישן מנהיג, דאָס דורכפאָרן, אויפן וועג צו דער נייער וועלט, דורך אַ גרויסן ים־פּאָרט און אַנדערע דערמאָ־נונגען פאַר די קומענדיקע דורות.

„מען דאַרף, מען דאַרף אין אַ טאָג מאַכן אַ שטיקל סדר אין דער שראַנק" — האָט ניאָמע צו זיך אַליין געמורמלט, און די פאַרמאַטערטע

אויגן האָבן זיך נישט אָפּגעריסן פון די רייען ביכער, וואָס זענען גע־שטאַנען ווי איינגעוואַקסן דורך אַלטע צייטן צו זייערע פּלעצער און ווי צוגעטוליעטע אין שוץ פאַר די וויכערס, וואָס וועלן זיי אין אַ טאָג פונאַנ־דערטיילן...

די ביכער־שראַנק איז ווי אַ גרויסע משפּחה; זי וואַקסט אויס און מערט זיך. דאָס אויג און דאָס האַרץ קוויקן זיך אין זייער שיינקייט פון גייסט. הייבט זיך אָן די משפּחה צעפאַלן, צעברעקלען זיך, פאַלט אָפּ איר גלאַנץ און איר וואַרעמקייט. אין דער משפּחה זענען פאַראַן אַלערליי טיפּן; אויך אין דער שאַפע שטייען אָנגעלענט פאַרשידנפאַרביקע ביכער און ספרים: ראָמאַנען און לערנביכער, עין־יעקב און תהילים, תנ״ך און אַוואַנ־טורע־ביכער. ווען די משפּחה האַלט זיך צוזאַמען, איז איר פאַרביקייט ווי אַ בילד, פול און נאַטירלעך. וואָס וועט מאָרגן זיין פון אָט דער ביכער־שראַנק, ווען ער, ביאָמע, וועט שוין דאָ נישט זיין? ווו וועלן די רוקנס און די בלעטער זיך פונאַנדערפליִען? ווו שפּאַרן אָן זיינע קינדער איצטער? דאָך איז ער מקנא די ספרים: צענדליקער יאָרן וועלן פאַרביי, און עמע־צער וועט ערגעץ ווו אַריינבליקן אין זיי. און אפשר וועט אַ בוך אַרויסרופן אַ בענקעניש, אַ טרער צו פאַרגאַנגענע צייטן?

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ביכער־שאַפע און צוגעגאָסן אַ קענדל וואַסער אין סיקענדיקן טשייניק. זיין געזיכט איז איינגענומען געוואָרן פון דער זעצנדיקער פאַרע, וואָס האָט פייכט געמאַכט זיין בליק. ביאָמע האָט צוגעגרייט די מאַטע און זיך אַוועקגעזעצטביים פענצטער פון דער קיך. ער האָט אַרויסגעקוקט דורך דער קליינער שויב צו די פעלדער און לאַנג־זאַם געזופּט דורך דעם רערל דעם ביטערן געטראַנק. איצט, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, איז ער נישט אין גאַנצן אַליין.

און, ווי שטענדיק ביי אַזעלכע פאַלן, האָט זיין בליק זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון די אַרומיקע פעלדער און וויטע האָריזאָנטן. יעדער קוסט און בערגל, יעדער בוים, האָט אין אים דערוועקט זכרונות פון יענע יאָרן פון געראַנגל מיט דער נאַטור און מיט דער סביבה.

גלעטנדיק מיט זיין מידן בליק די גוט־באַקאַנטע פעלדער, האָט ער אין אָט דעם מאָמענט נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אין אַ טאָג, אַ נאַכט אָדער פרימאָרגן, וועט ער זיך מיט דעם אַלעמען געזעגענען. דאָס אַלץ וועט פאַרזעצן זיין גאַנג. די פעלדער וועלן בייטן זייער אָנקלייד,

אָבער אַלץ, די בערגלעך און די לאַנקעס, וועלן ווייטער זיך שפּילן מיט די שטראַלן און טרינקען דעם פֿאַלנדיקן טוי. ווען עס איז וועט אַלץ זיך צוריק־קערן צו באַנייטער יוגנט. דאָס איז געשען מיטן גרויסן טאַמאַריסקן־בוים, וואָס הערשל האָט געפֿלאַנצט נאָך אין יענע טעג פֿון זיצן אין דער כאַטע. דער בוים האָט צעשטרעקט זיינע צווייגן אין אַלע ריכטונגען און ווי אַרומ־גענומען אַ שטיק פֿון ברייטן רוים. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער אָנגעהויבן צי וועלקן און זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ הוילן גוף מיט טרוקענע ברוינע אָרעמס. דער בוים איז ווי אָפּגעשטאָרבן. מען האָט אָפּגעבראָכן פֿון אים צווייגן און געהייצט מיט זיי דעם אויוון. אָבער דעם הייניקן פֿרילינג האָט זיך אַנטפּלעקט אַ וווּנדער; פֿון די וואָרצלען האָבן אָנגעהויבן אַרויסצו־שפּראָצן דינע נאָדלען און אין אַ טאָג האָט זיך דאָרט אויפֿגעשטעלט אַ ניי ביימל.

איז דאָס טאַקע דער סוף? פֿאַר וואָס דערמאָנט מען זיך דאָס ביים פֿאַרגיין פֿון מענטשלעכן לעבן? דער מענטש קען דאָך אין יעדער תקופה פֿון זיין לעבן זיך אַ פֿרעג טאָן: וואָס וועט זיין נאָך מיר? עס איז בלויז אַן אונטערשייד פֿון עטלעכע צענדליק יאָר.

ער האָט זיך דערמאָנט אין דער לייכטער קריגעריי, וואָס ער האָט געהאַט אין דער פֿרי מיט זיין שנור. אין אַ מאָמענט האָט ער איר צוגע־וואָרפֿן:

— דו, דו האָסט זיך פֿאַרגענומען איבערצורייסן די קייט. דו האָסט דאָך אים אַוועקגעשיקט, אונדזער דודלען, אין שטאָט אַריין. ער וועט שוין מער נישט צוריקקערן זיך, נישט זיין דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט, וואָס הערשל האָט געוואָלט...

דער נישט־נייער געדאַנק, אַז מיט זיין אייניקלס אויסוואָרצלען זיך פֿון דאַנען וועט זיך איבעררהאַקן די פֿאַרבינדונג פֿון דער שוין שיטערער מש־פּחה מיט אָט דעם באָדן, אויף וועלכן ער איז אַזוי פֿיל מאָל געפּרוּווט געוואָרן, האָט אים אַ טראָג געטאָן פֿון אָרט — ער האָט אין ציטעריש איבערגעגאָסן דאָס הייסע וואַסער אינעם מאַטע־קענדל און אָפּגעבריט זיך די פֿינגער־שפּיצן. מיטן אַרבל האָט ער אָפּגעווישט אויף שנעל די גרינע פֿליסיקייט און זיך דערפֿילט אין אַ פֿולער וואַכיקייט, אַ מין וואַכיקייט, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון בייזן צושטאַנד. ער האָט אין זיין צער צוגעמאַכט די מידע אויגן, כדי נישט צו זען דעם אַרום, וואָס אָט, אָט, און ער וועט

זיך אַרויסגליטשן פֿון צווישן זײַנע פֿינגער אין איינזיינקען, פֿאַרשווינדן פֿון זײַן בליק.

ער האָט געהאַט בטחון אין הערשלס צובונד צו דער נחלה, אָבער דאָס איז נישט גענוג. — פֿאַר וואָס האָט אים הערשל נישט באַשאָנקען מיט מער אייניקלעך? אפֿשר וואָלט איינער פֿון זיי דאָך זיך אײַנגעוואָקסן אין היגן באָדן. הערשלס אויסדויער איז נישט גענוג צו פֿאַרזיכערן, אַז אָט דער פּאַס ערד זאָל אין אַ טאָג פֿון די טעג נישט אַרײַנפֿאַלן צוריק אין גויִשע הענט.

ער האָט דאָך שוין געזען אַזעלכעס. גאַנצע גרופּן זענען חרוב געוואָרן, זיך אײַנגעוואָלגערט און ווו נישט ווו איז אויסגעוואַקסן אַ כאַטע פֿון אַ גויִשן אַרענדאַר, ווי אַ תּחית־המתים פֿון אַמאָליקן פּייזאַזש... אַפֿילו אַ שיל האָט ער געזען שטיין אין מיטן פֿעלד מיט אויסגעקלאַפּטע פֿענצטער און פֿאַרגראָזטע שטעגלעך. אויפֿן שוועל פֿון דער אַמאָליקער ידישער שולע פֿון אַ קאָלאָניע, וואָס איז מער נישטאָ, האָט זיך געוואָלגערט דער פּגר פֿון אַ טויט פֿערד. אַפֿילו פֿאַרוואָרלאָזטע הינט זענען נישט געווען בנמצא אויפֿצופֿרעסן די נבלה...

דער באָדן פֿון זײַן נחלה, וואָס וועט זײַן דער גורל זײַנער?

וועט אים אַ מאָל אַ גוי באַאַרבעטן? וועלן חזירים אַרומקריכן איבערן הויף? ער האָט זיך אַ הייב געטאָן פֿון דער סאָפּקע, ווו ער איז געזעסן אָנ־געלענט און זיך ווידער אַ טראָג געטאָן צום פֿענצטערל. די נאָענט־פֿאַר־נאַכטיקע זונשטראַלן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן איבער די קיילעכיקע בערג־לעך. יעדע סטעזשקע און קוסט איז אים באַקאַנט, ווי יעדער קנייטש פֿון זײַן אויסגעאַרבעטער דלאָניע. יעדער איינער וועט אים, ניאָמען, אויפֿנע־מען מיט דער פֿולער ליבלעכקייט פֿון אַן אַלטן גוטן־פֿרײַנד. יאָ, ער וועט זיך מיט זיי נישט צעזעגענען. זײַן באַשלוס איז בײַ אים אויסגעוואָקסן, ווי דער פֿעלדז פֿון יענעם בערגל, וואָס קוקט אַראָפּ צו דער זאַלציקער לאַגו־נאָ — אַ מין דעמאָנישער באַשלוס, ווי צו רייצן זיך מיט דעם גורל־שפּיל פֿון מאָרגנדיקע טעג, וואָס קוקן שוין פֿרעמד צו אים, דעם אַלטן פּויער.

ניאָמע האָט געוווּסט, אַז ער וועט זיך אָנשטויסן אין דער האַרטער וואַנט פֿון אָנגעגנומענע באַגריפֿן, און וואָס נאָך ערגער — פֿון אָנגענומענע געזעצן. ער וועט אָבער אָט די וואַנט פּרוּוון דורכברעכן. אַנדערש האָט קיין זינען און קיין תּכלית נישט זײַן זיצן דאָ אויפֿן באָדן ביז די לעצטע טעג.

בעסער שוין, אָפּגעהיט זאָל מען ווערן, דער מושב־זקנים, דער פינצטערער לאַבירינט, פון וועלכן מען קערט זיך שוין נישט אום.

ער וועט צוגרייטן זיין אייגענע מצבה. ער וועט אויף אָט דעם באָדן, אויף איינעם פון די בערגלעך אויסקלייבן דעם פּלאַץ פאַר זיין אייביקער נחלה און מנוחה. נישט נאָר ווייל ער קען נישט און וועט זיך נישט צעזעגענען מיט דעם באָדן. אויך דאָס. אָבער אין זיין טיף טאַטשעט אים די שרעק, אַז אין איינעם אַ טאָג זאָל הערשל נאָכגיין זיין איינציקן זון אָדער נאָכגעבן דעם דרוק פון זיין פרוי און פאַרלאָזן דעם באָדן.

ער האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן צווייפל, אַז אַן אויסגעבויטע מצבה אין מיטן פעלד, אַ מצבה פון אַ „רוס", וועט אָפּהאַלטן די גויִים פון איינצוהאַנדלען די נחלה. גויִים האָבן אַן אינערלעכן פּחד פאַר קברים, און זיכער וועלן זיי נישט וועלן דאָ זיך באַזעצן.

ניאָמע האָט געוווסט, אַז דאָס געזעץ פאַרבאָט אַזאַ מין קבורה. ער וועט זיך אָבער איינקלאָמערן אינעם פאַקט, וואָס אין דער געגנט האָט שוין ווער פאַר אים געהאַנדלט אַזוי און אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דער גאָוטש דאָן כואַן קאַסטראָ האָט דאָך זיין יונג־פאַרשטאָרבענע פרוי באַערדיקט אויף איינעם פון די בערגלעך צווישן אוראַלטע שטעכיקע קוסטעס. דאָרט האָט מען דאָך אויך דעם אַלטן גאָוטש געגעבן זיין אייביקער רו, און ביידע קברים ליגן ביים ראַנד פון דער יידישער קאָלאָניע. וועמען שטערט דען זייער שלאָף אין רויִקן באָדן? דאָס זעלבע רעכט האָט ער, ניאָמע, איינצו־וואַקסן זיך אינעם באָדן, וואָס ער האָט אויסגעקעמפט דורך יאָרן.

זיין באַשלוס איז געווען פעסט, דאָך האָט ער אים אָפּגעהיט ווי אַ טיף אייגענעם סוד. יעדן טאָג האָט ער אויסגעפורעמט אַ פּאָר ציגל פון דעם באָדן, וואָס לעבן דער אַמאָליקער ערשטער כאַטע. צו ערשט האָט ער אויסגעמישט די ערד מיט וואַסער און שטרוי און מיט די פיס געקנאָטן און אויסגעאַרבעט מיט שווערער מי דעם גרויען „לאַמפּאַטש" אין דער הילצערנער פאָרעם, נאָך דעם האָט ער עס צונויפגעלייגט אין אויוון און לאַנג אויסגעברענט. אין די נעכט, ווען דער רויך האָט געשפּאַרט פון קוימען און די ציגל האָבן זיך צעגליט און באַקומען דעם רויטלעכן פייער־קאָליר, האָט דער אַלטער ניאָמע זיך צוגעזעצט ביים טיש און מיט דער אויסגע־ריבענער קריצנדיקער פען אָנגעשריבן זיין פאַרזאָג אויף נאָכן טויט.

זעכצנטער קאַפּיטל

# אויף נידעריקע טענער

פּאַטער און זון זענען געזעסן אָנגעלענט אין דער קרומער וואַנט פון גַעם קליינעם שייער. דורך די אויפגעפּראַלטע אָנשויביקע פענצטער־לעכער האָט אָנגעווייעט דער שאַרפער ריח פון ערשט אָנגעשמירט־צעלאָזענעם חלב, וואָס האָט זיך איינגעזאַפּט אינעם האַרטן לעדער פון אופּראַזש און פערדישן שווייס. דאָס צפון־ווינטל האָט אַהערגעטראָגן די קולות און ריחות פון אָפענעם פעלד. ס'איז שפעטפרילינג־צייט, די אָנגעפילטע זאַנגען שיטן אַרויס דעם אָנגעהאַנגענעם לייכטן צוויט און זיי זעען אויס, ווי די איידעלע קרישטאָלענע אויריינגלעך אויף פרוי׳ישע לעפלעך. אַ גרויסער ווייס־געפלעקטער הונט איז געלעגן ביי הערשלס פיס, און געכאַפּט זלידנע פליגן. ער האָט צוגעקלאַפּט מיט די ווייס־אויסגעשטשירעטע ציין, ווי עמעצער קלאַפּט־צו אַ הילצערנע טאַבאַק־פּושקע.

ניאָמע האָט געצויגן מיט די אָנציינִיקע יאַסלעס דאָס מאַטע־רערל און איילנדיק אָפּגעווישט מיטן אַרבל די גרינע פליסיקייט, וואָס האָט אַראָפּגעטריפט איבער זיין שניי־גרויען בערדל. ער האָט דערביי זייטיק געוואָרפן אַ בליק אויב הערשל באַמערקט עס. ביים צוקלאַפּן פון די הינטישע ציינער האָט ניאָמע געוואָרפן די אויגן צו דער ליִגנדיקער חיה און געפילט זיך געטראָפן פון דער מילכיקער ווייסקייט, וואָס האָט געבלאַנקט אויף די רויטע יאַסלעס. נאָך דעם האָט ער כמעט אַפּאַטיש אַ פיר געטאָן זיין שטאַרן בליק איבערן ים וויגנדיקע זאַנגען. העט ווייטער האָבן זיך געמיניעט די ווייס־געקאַלכטע שטיבעלעך פון שכנים, און גאָר ווייט, אויפן האָריזאָנט האָבן די בלוילעכע בערגלעך איינגעטונקען זייערע קיילעכיקע היטלען אינעם אַראָפּגעהאָנגענעם הימל־ראַנד.

— דאָס איז נישט קיין אויסוועג, טאַטע — האָט הערשל נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן זיך אָנגערופן. ער האָט אויפגעגנומען דעם הילכיקן זופּ פון דעם מאַטע־רערל אין טאַטנס מויל — אַ סימן אַז דאָס וואַסער אינעם טעצל האָט זיך שוין געענדיקט — און ער האָט עס לייכט אַרויסגעצויגן פון פּאַטערס בלוי־אָדערדיקער האַנט.

ניאָמע האָט ווידער איילנדיק אָפּגעווישט די פּליסקייט פון די ליפּן.

— דאָס איז נישט קיין וועג, און דאָס איז נישט קיין אויסוועג — דאָס הער איך דאָך פון דער ערשטער מינוט זינט מיר זענען אַהערגעקומען. שטענדיק האָט עמעצער געמוזט מיך אַ שלעפּ טאָן פאַרן אַרבל פאַר יעדן טראָט, וואָס כ׳האָב געוואָלט שטעלן — פון אויפרעגונג האָט ער ראַפּטעם אַ שאַר געטאָן דעם לעדערנעם דאַשעק פון זיין אַלט־שווייסיקן היטל. ער האָט פאַררוקט דאָס היטל ווייט אויפן שטערן און אויפגעכאַפּט דאָס פולע אויפשיינען פון דער זון, וואָס האָט געזוכט אַ סמאַליע צו טאָן די לעבע־דיקע מענטשלעכע הויט.

— דאָך, שטענדיק האָסטו דיינס אויסגעפירט, טאַטע, לויט דיין ווילן האָבן זיך די זאַכן איינגעאָרדנט. — הערשל האָט זיך אַ רגע אויפגעשטעלט, ווי די קרומע וואַנט זאָל אים האָבן געשטערט. ער האָט הינטערוויילעכס זיך אומגעקוקט, אָבער דאָרט איז געווען נאָר די שטומע וואַנט — דאָס וואָס דו גייסט טאָן, טאַטע, איז נישט יידישלעך, נישט אויסגעהאַלטן...

— דו מיינסט, דאָס... דאָס קבר ישראל? — האָט ניאָמע רו׳יק אַ פרעג געטאָן.

— אָפילו דאָס! עס פּאַסט נישט... אָבער סיי ווי ווען דער מאַגיס־טראַט נישט איינשטימען. דאָס איז קעגן די געזעצן פון לאַנד.

— ווי אַנדערש קען איך פאַרזיכערן, אַז אונדזער באָדן זאָל נישט אַריינפאַלן צו גוי׳ם?

הערשל האָט געצויגן די ברייטע אַקסלען. דער שמועס איז אויף אים שווער געפאַלן.

— וואָס קען מען דען פאַרזיכערן אויף לאַנגע יאָרן? צי האָסטו זיך, טאַטע, פאָרגעשטעלט אין יענעם זוניקן זומער־פרימאָרגן, ווען מיר זענען זאַלבעדריט, דו, מאיר און איך, אַרויף אויף דער ערד דאָ, אַז מיר וועלן איצט זיך באַשעפטיקן מיט אַזאַ הארבער קשיא? לאָז אָפּ, טאַטע, לאָז דער וועלט גיין איר אייגענעם וועג, צי עס געפעלט אונדז איר גאַנג אָדער נישט...

— און דער באָדן זאָל צוריק אַריינפאַלן צו גוי׳ם? נאָכן אַקערן מיט די נעגל און מיט די ציין?

— ווער זאָגט? איך זיץ דאָך אויפן פעלד, און ביז הונדערט און צוואַנ־ציק יאָר, אויך דו, טאַטע. שפּעטער? וואָס ווייסן מיר ווען דער „שפּעטער"

וועט זיין און וואָס קען דער לעבעדיקער פֿאַרזיכערן, וואָס עס וועט נאָך אים זיין?

— נאָך ווי! — האָט ניאָמע נישט נאָכגעגעבן.

— דאָס איז נישט קיין וועג. אויך אַ מצבה ווערט איינגעזונקען. נישט די טויטע, טאַטע, נאָר די לעבעדיקע, די לעבעדיקע וועלן אָנהאַלטן די קאָלאָניע אין אונדזערע הענט.

— לעבעדיקע? ווער זענען דאָ די לעבעדיקע? איך? דו? רבקהלע? דודל? אפשר איז ער גערעכט. ווער קען אויפהייבן די שטימע קעגן אים? זיין שריט דערפירט מיר אָפּט צו דער מחשבה, אַז אונדזער זיצן דאָ איז נישט מער ווי אַ סטאַנציע אין דער וויסטע. מיר זענען דער דור המדבר...

און נאָך אַ קורצן אָפּכאַפּן דעם אָטעם:

— צווישן די גרעסטע פעלערן, וואָס די „געזעלשאַפט" איז באַגאַנגען, איז פֿאַראַן איינער, וואָס די געשיכטע וועט איר נישט מוחל זיין...

— וואָס זי גיט אַרויס די קויפשיינען די קאָלאָניסטן — האָט הערשל געפּרוווט טרעפן.

— נישט נאָר דאָס אַליין, אָבער אויך דאָס. דו ווייסט דאָך אַליין, אַז היינט צו טאָג איז עס אַ פֿאַרפֿאַלענע זאַך. צענדליקער יאָרן האָבן די קאָ־לאָניסטן געוואָלט אויספֿועלן די „פּראָמעסאָ דע ווענטאַ" פֿון דער „מומען". זי האָט עס שטענדיק אָפּגעלייגט, ווי מען לייגט אָפּ אַ שאַרפֿע רעצעפּט. אפשר האָבן זיי געהאַט אַ פֿאַרגעפֿיל? איצט מוז די „געזעלשאַפֿט" נאָכקו־מען דעם דרוק פֿון די רעגירונגס־דעקרעטן. די „גזירה" איז געקומען, ווי אַ גאולה פֿאַר די קאָלאָניסטן. אָבער דאָס איז נאָר אַ דערווייליקער נצחון, וואָס וועט ברענגען אַ חורבן. אויך ביי אונדז האָבן צענדליקער קאָלאָניסטן פֿאַרקויפֿט דעם באָדן באַלד ווי זיי האָבן באַקומען דעם קויף־דאָקומענט. די קינדער, וואָס זענען פֿריער אַוועק און זיך איינגעאָרדנט אין די שטעט, האָבן צוגעשיקט געלט דעם טאַטן, ער זאָל אויסלייזן דעם באָדן, און באַלד איז דער באָדן פֿאַרקויפֿט געוואָרן צו גויִם... דאָס איז די אויסגעחלומטע „אויסלייזונג"...

— איצט איז עס דאָך אָבער אַ גזירת המלכות, וואָס קען מען מאַכן?

— דאָ שטעקט דער טעות פֿון דער „געזעלשאַפֿט" — האָט ניאָמע לע־בעדיק זיך אַ דראַפּע געטאָן — דער באָדן האָט געדאַרפֿט איבערגיין נישט צו דעם יחיד אין דער קאָלאָניע, דער כלל האָט געדאַרפֿט זיין דער אַפּוט־

רופוס. ווען אַ קאָלאָניסט פאַרגלוסט זיך אָפּצוזעגענען זיך מיטן באָדן — געזונטערהייט, נאַדיר אָפּטרעט־געלט און גיי. אָבער דער ראַט אין קאָלאָ־ניע, אָדער די קאָאָפּעראַטיוון — זיי קענען ברענגען אַ נייעם קאָלאָניסט. דער באָדן דאַרף געהערן צו דער קאָלאָניע, און נישט דעם קאָלאָניסט.

הערשל האָט געשטוינט. צי האָט ער ערגעץ־ווו געהערט אַזאַ מין דאָרפישע פירונג? צי האָט ער געהערט אַן אָפּקלאַנג דערפון אויף קאָנ־גרעסן פון קאָלאָניסטן? אפשר אין די סטאַטוטן פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, אין פּאַלעסטינע...

ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין זון, וואָס האָט אין די לעצטע וואָכן געשריבן אָפטער ווי געוויינלעך און צוגעגרייט די אַטמאָספער פאַר דעם גרויסן אומבייט אין זיין לעבן. דוד האָט שוין געהאַט באַשלאָסן איבער־צורייסן דאָס לערנען און אָנצושליסן זיך אין אַ גרופּע יונגעלייט, וואָס טרעט אַריין אין דער הכשרה־פאַרם. צי זאָל ער אים בענטשן, וואָס דווקא אין דער גרויסער שטאָט האָט ער געפונען אַ סטעזשקע, וואָס פירט צוריק צום באָדן, באָדן ערגעץ אין אַ ווייט לאַנד. אָבער... און דאָך, עפּעס ציטערט אויף אין אים. ווי וועלן זיך איינשטעלן די באַציִונגען צווישן אים, הערשלען און זיין פרוי, וואָס די נשמה האָט איר געצויגן צו זען אין דודן אַ דאָקטאָר.

— טאַטע — האָט ער זיך אָפּגערופן און צוזאַמענגעלייגט די כלים פון מאַטע־סערוויז — היינט וועל איך שמועסן מיט רבקהלען. איך גלייב, אַז איצט אין די צייט...

— וועגן וואָס וועסטו מיט איר רעדן? — האָט ניאָמע אים באַטראַכט און נישט אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ. די טרעפונג זייערע האָט ער נישט באַטראַכט ווי געענדיקט.

— איך וועל מיט איר רעדן... נו, עס איז געקומען די צייט מיט איר צו רעדן...

אָבער וואָס ער וועט רעדן מיט איר, האָט ער דאָך נישט געקענט זאָגן דעם טאַטן.

— דו וועסט מיט איר נאָך רעדן, אָבער איך האָב שוין מיט איר גע־שמועסט. יאָ, הערשל, איך האָב שוין מיט איר געשמועסט. און אַפילו אין גוטן מוט און אין גאָר נידעריקע טענער... ווי מיר וואָלטן געשמועסט גע־מיטלעך ביים מאַטע טרינקען וועגן נישט קיין וויכטיקע זאַכן... גלייבסט נישט, הערשל? נו, נו...

*

אויף וויפל עס איז הערשלען געווען שווער איינצובייסן דעם זין פון פאַטערס רייד, האָט עס דאָך געשטימט מיט דערווירקלעכקייט. דער שמועס איז נישט אויסגעבראָכן סתם אַזוי זיך פון אַ דורכוועטלען זיך. דער באַדן איז געווען צוגעגרייט.

די פאַרגאַנגענע וואָך איז ביי ניאָמען איינגעשטאַנען דער רייזנדער־אינקאַסענט פון יידישן בית־יתומים און מושב־זקנים. יאָר־איין, יאָר־אויס, קומט ער אַראָפּ אין דער קאָלאָניע און שטייט איין אַ פּאָר טעג ביי ניאָמען, און נאָך דעם ווי ניאָמע פירט אים אַרום מיט זיין פערד און וועגעלע פון איין קאָלאָניסט צום צווייטן איינצוקאַסירן דעם יערלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל פאַרן אַנשטאַלט, נעמט דער רייזנדער די באַן און פאָרט אָפּ צו אַ נייעם ישוב. יעדעס יאָר קומט ער אַראָפּ בדרך כלל נאָכן שניט, ווען אין קע־שענע פון קאָלאָניסט דרייט זיך אַ פרייע פּעזע. אָבער דאָס יאָר איז ער אַרויס פריִער כדאי אַרויסצוענדיקן די איינקאַסירונג פונעם יאָר נאָך איי־דער ער פּענסיאָנירט זיך.

ווי אַלע אינקאַסענטן פון אַנדערע צענטראַלע אַנשטאַלטן פון דער הויפּטשטאָט, איז יונה באַרקאַן געווען באַלאַדן מיט אַ היפּשן יידישן קול־טור־באַגאַזש. די רייזנדע פלעגן אַרומפאָרן נישט בלויז כדי איינצומאָנען דעם פרייוויליקן צושטייער פאַר די אינסטיטוציעס. אין די קאָלאָניעס פלעגט מען אויסנוצן זייער באַזוך אויף איינאָרדענען אַ צוזאַמענקומען, ווו די שלי־חים פלעגן דערציילן וועגן יידישן לעבן אין די שטעט און שטעטלעך. גע־ווען זענען אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט די קליינע אותיותלעך און געגעבן אַ שיעור תנ״ך פאַרן עלטערן דור אין דאָרף. דאָס איז געווען אין די טעג, ווען מען האָט נאָך געלערנט אין שילעכל „עין־יעקב״ אָדער מדרש.

יונה באַרקאַן האָט דערצו נאָך געהאַט אַ שטיקל נייגונג צו חזנות. ווען באַשקע האָט געלעבט, פלעגט ער צו זיי אַראָפּקומען און לאָזן הערן זיינע אימיטאַציעס פון די חזנישע פּלאַטן. אין די לעצטע יאָרן איז ער געבליבן אַן אַלמן, און אויף זיינע רייזעס איבער די קאָלאָניעס האָט ער נישט איין מאָל אויסגעדריקט זיין ווילן אויפצוזוכן אַ לייטישע פּאַסיקע פרוי, אַן אַלמנה אָדער אַ גרושה, זאָל זיין אַפילו אַן עלטערע בתולה... מען האָט אים אָנגעדייט, אַז אין דער קאָלאָניע „די זיבן פיילן״ איז „עפּעס״

פאַראַן. אין ווייטן עק פון דער קאָלאָניע איז געזעסן אויפן קאַמפּ די אַלמנה קרופּניק. איר מאַן איז אַוועקגעפאַלן פון אַ פאַרשלעפּטער קראַנקייט און די אויסגעגעבענע טעכטער זענען שוין צעזייט איבער די ווייטסטע עקן פון דער מדינה. זעלדע קרופּניק איז אָבער נישט געזעסן אַליין. פון שטענ־דיק אָן האָט זיך געפונען ביי זיי אין שטוב די ייִנגערע שוועסטער איטקע, אַ בתולה מיט אַ שוין גרוי־געוואָרענעם צאָפּ. אין די יונגע יאָרן, אין דער זאַמדיקער קאָלאָניע מאַנטיפעל האָט זי געהאַט קאַוואַלירן, וואָס האָבן איר „אוכאַזשעוועט", זי האָט אָבער געקליבן ווי „ווערעמדיקע אַרבעס", און נאָך אַ דורכגעפאַלענער אַנטוישטער ליבע, איז זי געבליבן איינגעשלאָסן אין זיך און מער נישט געטראַכט פון שאַפן זיך אַן אייגענע משפחה־היים. זי איז געבליבן ביי דער שוועסטער און געהאָלפן די קינדער אירע, די „סאָלטערסקע" מומע האָט געהערט צום פּייזאַזש פון דער משפחה. די שכנים און די משפחה־לייט אַליין האָבן נישט זיך געקענט פאָרשטעלן זעלדעס הויז אָן איטקעס דינער געשטאַלט.

ווען לייט אין קאָלאָניע האָבן דערשנאַפּט, אַז יונה באַרקאַן זוכט, אויס־סער די פּאָר פּעזעס פאַרן אַנשטאַלט, אויך אַ שטיקל טרייסט אויף זיינע עלטערע יאָרן, האָט מען אַ ווענד געטאָן די בליקן צו יענעם ווינקל, ווו עס קרייצן זיך די וועגן צו דער גויישער עסטאַנסיע און צו דער באַן־סטאַנציע. די שטוב איז געווען ווייס־צוגעקאַלכט, אוןביידע שוועסטער האָבן, מיט דער הילף פון אַ דייטשער משפחה, וואָס איז געזעסן אין עק פון זייער נחלה, אָפּגעהיט דעם הויף און דעם „רעמאַנענט" (אינווענטאַר), זיי זאָלן נישט צו גרונט גיין אָן דער השגחה פון אַ מענעריש אויג.

אָבער דאָ האָבן זיך די מיינונגען פון די שכנים צעטיילט מיט אַזאַ שאַרפקייט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ וויכטיקן שריט פאַרן גאַנצן קאָלאָניע־ציבור: וועמען זאָל מען פאַרשלאָגן — דער אלמנה אָדער דער בתולה? עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז לטובת דעם גוט איינגעשטעלטן הויף דאַרף מען אַריינפירן אַהין דעם שטאָטישן באַיאָרטן קאַוואַליר און באַפרייען די אַלמנה פון איר איינזאַמקייט. אַנדערע דאַקעגן האָבן געטענהט, אַז עס וועט זיין אַ בפירושע מצווה אַראָפּצונעמען די בתולהדיקייט פון איטקען און אויף דער עלטער כאָטש זאָל זי פאַרזוכן דעם טעם פון אַ משפחה־לעבן, און אַזוי אַרום וועט מקויים ווערן דער אַלטער יידישער זאָג, אַז „קיין יידישער מאַנאַסטיר איז נישט בנימצא".

דער שטרייט צווישן די שכנים איז אָנגעגאַנגען אַ פּאָר טעג און דער אָפּפּאָר פון יונה באַרקאַן איז געוואָרן אויפגעהאַלטן. ער איז געזעסן ביי ניאָמען, „באַארבעט" די קאַלאַניסטן, צו וועמען ער האָט דערגרייכט מיט ניאָמעס סולקי און ער האָט געוואַרט אויף דער צוגעזאָגטער געלעגנהייט פאַרגעשטעלט צו ווערן פאַר זיין באַשערטער... נישט קענענדיק דורכקומען צווישן זיך, וועלכע פוןביידע פרויען דאַרף דערשיינען ווי די באַשערטע כלה, איז מען געקומען צום אויספיר, אַז מען וועט דעם חתן ברענגען צו די ביידע פרויען און בעת דער טרעפונג וועט פון זיך אַליין שוין אויספיקן זיך דער שידוך.

ביי אַ פיין געדעקטן טיש, וווּ מען האָט דערלאַנגט טיי, אתרוגים-וואַ-רעניע און אייער-קיכלעך, האָט יונה זיך באַקענט מיט די ביידע שוועסטער. יונה האָט באַלד אויפגעכאַפּט די שטוינענדיקע ענלעכקייט צווישן ביידע שוועסטער. זעלדע איז געווען מער מוטערלעך, אָבער איטקע איז געווען איידל אין איר באַנעמען און באַוועגן זיך. די זומער־שפּרענקעלעך אויף די פּנימער פון ביידע שוועסטער האָבן דערמאָנט אין דעם דורכגעמאַכטן לעבן אויפן דאָרף. די „קלייען"-פּינטעלעך אויפן פּנים און הענט האָבן עפּעס ווי גע-מאָנט אַ דיסטאַנץ.

יונה באַרקאַן האָט זיך געפילט אומבאַקוועם אין דער געזעלשאַפט ווו ער האָט געדאַרפט שפּילן די ראָל פון אַ מין „יעקב אָבינו". דערפאַר האָט ער מיט דער זעלבער אויפמערקזאַמקייט זיך באַצויגן צו ביידע שוועסטער.

און ווען אויף צו מאָרגנס האָבן זיך אַראָפּגעיאַוועט אַ פּאָר שכנים צו ניאָמען אין שטוב און געוואָלט דערגיין יונהס באַשלוס נאָך דער טרעפונג, האָט ער זיי געפרווט אָפּפטרן מיט אַ קורצן אויספיר:

— ביידע געפעלן מיר, דערפאַר קען איך קיין איינע נישט אויס-קלייבן...

— דאָך, ר' יונה...

— טאַקע, דאָך!

— ווי לייגט זיך עס אויפן שכל? אויב ביידע געפעלן... וואַרפט מען גורל...

— טאַקע, וואַרפט מען...

יונה האָט אַ זייטיקן בליק געוואָרפן אויף ניאָמען, וואָס איז געזעסן ווי אַ נישט דאָיקער און געבלעטערט אַ צייטונג. ער האָט אַ וווּנד געטאָן זיין בליק צו די פאַרזאַמלטע, און ווי צו ווען מער באַנעמען וואָס עס קומט פאָר, האָט ער פאַררוקט די ברילן אויפן שטערן.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, גוטע מענטשן — האָט יונה באַרקאַן געצויגן די רייד, ווי אומיסטן אָפּצוציִען די ריכטיקע תשובה — וואָס „צו" איז איבעריק, אַז ס'איז צו גוט, גרענעצט עס זיך מיט שלעכטס... נעמט למשל, די צוויי פרויען, זאָלן לעבן, נישטאָ וואָס אויסצוזעצן. דאָך... ווען איך גיב אַ טראַכט פון דער אַנדערער זייט, איז עס נישט גאָר פשוט: פאַר וואָס זאָל איך דווקא נעמען די בתולה, וואָס איז געבליבן זיצן ביזן ווייסן צאָפּ? אויב אַנדערע האָבן נישט געפונען אין איר דאָס, וואָס ס'איז גוט פאַר אַ מאַן, טאָ פאַר וואָס זאָל איך עס דווקא געפינען? פון דער אַנדע־רער זייט, ווייסט איר דאָך — וואָס ס'איז גוט פאַר איינעם, איז אויך גוט פאַרן אַנדערן. זי האָט געהאַט אַ מאַן, קינדער און אַ הויז, ברוך־השם, געפירט... פון דער אַנדערער זייט... ווי וועל איך קענען זיצן אין הויז, וווינען אונטער איין דאַך מיטביידע שוועסטער, און איינע פון זיי וועט שטענדיק האָבן אַן אויג, און אפשר אַ האַרץ, אויף מיר. פון דער אַנדערער זייט... איר פאַרשטייט, אמת, אַ לייטישע שטוב מיט צוויי פרויען. ביידע האָבן זיכער געטראַכט: „אפשר צוליב מיר, און אפשר צוליב איר"... פון דער אַנדערער זייט... אויב עס וואָלט זיך גראָד איצט געפונען נאָך עמעצער, אַזאַ ווי איך, נו, אַ שותף צו דעם ענין... — און דערביי האָט ער ווידער אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אין דער זייט, וווּ ניאָמע איז געזעסן אַ ביסל איינ־געהויקערט, מיט די אויגן אין דער צייטונג.

אָבער ניאָמע האָט געהערט די רייד פונעם משולח און באַנומען זייער מיין. ער האָט אַ שאַר געטאָן די ברילן איבער דעם שטערן, אַ וויש געטאָן מיט דער האַרטער דלאָניע די אויגן, וואָס זענען פאַרמאַטערט געווען פון אָנשטרענגונג און זיי געלאָזט פאַלן מיט אַזאַ שאַרפקייט אויף זיין גאַסט, אַז יענער האָט דעם קוק נישט אויסגעהאַלטן. אין פאַרלעגנהייט האָט ער אַרויסגעצויגן די טאַבאַק־פּושקע און אָנגעהויבן צו פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס.

ניאָמע איז ראַפּטעם אויפגעשטאַנען, צונויפגעלייגט די צייטונג און אַריין אין דער זייטיקער ספּאַלניע. דאָרט האָט ער זיך לאַנג פאַרזאַמט. די שכנים זענען ביסלעכווייז זיך צעגאַנגען און יונה באַרקאַן האָט מעשה

היימישער זיך געגומען גרייטן אַ גלאָז טיי און דערביי האָט ער אונטער־געברומט חזנישע שטיקלעך.

*

דעם זעלבן טאָג איז רבקהלע אַריין צו איר שוועה, און דאָס האָט ניאָמען נישט געוווּנדערט. טראָץ דעם איבערוועדטלען זיך מיט איר, האָט ער זיך צו איר באַצויגן מיט רעספּעקט. פאַר אים איז שטענדיק געשטאַנען די געשטאַלט פון יענעם מיידל, וואָס האָט אין אַן אָוונט צוריק מיט צענדליקער יאָרן זיך צעבונטעוועט קעגן אַ גאַנצער עדה קאָלאָניסטן אין דער אָנוועזנהייט פון דעם פּאַרוואַלטער פון דער „גיזעלשאַפט". יענער אָוונט אין דער אָרעמער זאַמדיקער קאָלאָניע מאָנטיעל איז געווען אַ שייד־וועג אין לעבן פון דער מערהייט קאָלאָניסטן, וואָס זענען שפּעטער אַריבער אַהער אין נייעם געביט. יענעם אָוונט האָבן די יונגע, און צווישן זיי רבקה־לע, זיך צעבונטעוועט און געמאָלדן, אַז נאָך יאָרן פון אומזיסטעליידן האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין אַ קאָלעקטיווער גרופּע און וואַרטן אויף אַ צייכן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און אויפבויען דאָרט אַ קבוצה. האָט רבקהלע אַזוי געווירקט אויף שלומען, דעם דריטן פון ניאָמעס זין, אַז ער האָט זיך אין איר פאַרליבט און זיך אָנגעשלאָסן אין זייער גרופּע. ניאָמע ווייסט, אַז אין דער שנור האָבן געוועלטיקט אידעאַלן און אַ שטאַרקער ווילן זיי צו פאַרווירקלעכן. עס האָט זיך אָבער אַנדערש אויסגעלאָזן. די גרופּע איז זיך צעפאַלן, רבקהלע האָט אויסגעביטן שלומען אויף הערשלען, און יענער איז שפּעטער אַוועק קיין בירא־בידזשאַן. און זי, מיט איר נייעם דראַנג צו גיין אין שטאָט אַריין, האָט זיך פאַרנומען איבערצוהאַקן דעם המשך, וואָס די משפּחה האָט פאַרצויגן איבער די דאָזיקע פעלדער.

און דאָך, ניאָמע קען אויף איר נישט בלייבן ברוגז. אַ פּאָר מאָל האָט ער שוין געהאַט זיך דורכגעוועדטלט מיט איר, געפּרוּווט זי אָפּווענדן פון איר אויסגעוויילטן נייעם וועג, אָבער קיין דויערנדיקן פאַרדרוס האָט ער נישט געקענט אָנזאַמלען אין זיין האַרץ אויף דער קלייגער קלוגער שנור. זי איז שוין היינט אין די טיפע פערציקער, און דאָך טליעט נאָך אין אים דאָס געפיל, אַז זי איז די זעלבע רבקהלע פון עקשנותדיקע באַשלוסן.

היינט האָט זי אים געבראַכט די בשורה, אַז דוד איז שוין אַריינגע־טראָטן אין דער הכשרה־פאַרם פון דער חלוצישער באַוועגונג. ניאָמע האָט

זיך געוווּנדערט, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט די נייעס, ווי אויף אַ טאַץ. די לעצטע חדשים פּלעגט זי דאָך, כמעט ווי שעמעוודיק, פאַרהוילן פון אים יעדן בריוו פון דודן, ווי צו ווען באַהאַלטן איר דורכפאַל.

איצט האָט זי געבראַכט דעם בריוו און אים פאַרגעלייענט. ניאָמע האָט אויסגעהערט, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן אויפן ראַנד פונעם אָפענעם פענצטער.

ביי דער זייט, אויף אַ נידעריקער האַרטער באַנק, איז געזעסן יונה באַרקאַן און האָט זיך צוגעהערט, ווי רבקהלע לייענט מיט א טאָן פון איבערגעטריבענער וואַרעמקייט. ער האָט באַשייַנפּערלעך געזען, אַז דער בריוו הויבט אויף אַ שטורעם אין ניאָמען, געזען, ווי ער באַנעצט מיט דער בלייכער צונג די טרוקענע ליפּן. די אָנגעשפּיזטע אַראָפּגעלאָזענע ברעמען האָבן, ווי נאָכגעלאָזענע פליגל פון אַ באַזיגטן פויגל, צוגעדעקט די איינ־געפאַלענע אויגן־לעכער.

ווען רבקה האָט געענדיקט דאָס לייענען, האָט זי זיך צוגעזעצט אויף דער אַלטער סאָפקע. ניאָמע האָט פאַרשטאַנען, אַז נישט נאָר צוליבן איינ־האַלט פון בריוו אַליין איז זי געקומען. עפּעס אַ נייע בשורה טראָגט זי אין די צונויפגעלייגטע קאַרבן פון די פאַפּירענע בויגנס. ער האָט מורא געהאַט אויפצודעקן דעם מיין אירן, דאָך האָט ער נאָך אַ ווײַלע פון באַ־טראַכטן די שנור זיך אָפּגערופן:

— ווי קענסטו, שנור לעבן, מיט רויִקייט דאָס לייענען און נישט אויפציטערן? דאָס איז דאָך דער סוף — נישט בלויז דער סוף פון אונ־דזער זיין דאָ, נאָר אויך דיין סוף, רבקהלע. נישט דאָס האָסטו דאָך דער־וואַרט פון אים...

— ריכטיק — האָט זי ווי געוואַרט אויף זיין פאַרוואורף — אָבער אויך אין אָט דעם פאַל וועל איך גיין ווו ער, מיין זון, וועט גיין. איך וועל, נו... מיר וועלן נישט בלייבן עלנט און פאַרלאָזן אָן אונדזער בן־יחיד.

— צי קלערסטו טאַקע ערנסט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל? הונדער־טער טויזנטער וואַלגערן זיך אין די לאַגערן און די ענגלענדער פאַרשפּאַרן פאַר זיי דעם וועג, וועט איר איצט פאָרן אַהין?... האַ! איצט פאַרשטיי איך שוין... וואַרט, וואַרט, טאַכטערשי... איצט פאַרשטיי איך שוין, איך דערמאָן זיך, דאָס איז געווען אין יענעם אָוונט אין דער קאָלאָניע מאָנטיעל. מיר זענען געזעסן ביי דיין טאַטנס טיש צוזאַמען מיט דעם הער לעווענטאַל...

רבקהלע האָט פֿאַרלייגט די הענט אויף איר פּולער ברוסט און געקוקט מיט אירע ברוינע, עטוואָס אויסגעשטאַרצטע אויגן אויף איר שווער. זי האָט אים איצט געזען יינגער, עפּעס האָט פֿון אים אַ יאָג געטאָן אַ ווינטל, וואָס האָט אויף איר אַליין אויך אָנגעווייעט דעם אָטעם פֿון יוגנט־איבער־לעבונגען.

— יאָ, שווער, איר געדענקט און איר ווייסט, וואָס איך מיין. אויב אין יענע טעג איז מיר נישט געלונגען צו פֿאַרווירקלעכן מיינע חלומות, האָט דער גורל דערפֿירט, אַז איך זכות פֿון מיין זון, וועל איך, ווייניקסטנס אויף דער עלטער, געניסן פֿון אַזאַ לעבן...

— אַזוי פּשוט, און באַשלאָסן? — האָט ניאָמע דאָך נישט געגלויבט.

— אויב דוד וועט נישט ענדערן זיין באַשלוס. און איצט בעט איך טאַקע גאָט, אַז ער זאָל עס נישט ענדערן.

— און הערשל? צי ווייסט הערשל? צי מיינסטו אַז ער...

— צי ער וועט מסכים זיין? איך האָב נאָך מיט אים וועגן דעם נישט געשמועסט.

— און ווי מיינסטו?

— פֿאַר וואָס זאָל ער נישט מסכים זיין צו לעבן אין אַ קאָמונע? ער איז דאָך געווען אַ רעוואָלוציאָנער!

ניאָמען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער הערט אַרויס שפּאָט אין אירע רייד.

— הערשל איז קיין מאָל נישט געווען קיין קעגנער פֿון ארץ־ישראל — האָט ניאָמע געפֿונען פֿאַר נויטיק זיך איינצושטעלן — אָבער עס איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז ער זאָל איינגיין אויף דיינע פּלענער. איך קען זיך פּשוט נישט איינלעבן מיטן געדאַנק.

— דעם געדאַנק, שווער, קומט אָפּט אויס שלום צו מאַכן מיט דער ווירקלעכקייט...

מיט אַ מאָל האָט ניאָמע אויפגעציטערט. דער אָנגעשפּאַרטער עלנ־בויגן איז ווי ראַפּטעם אַרונטערגעפֿאַלן און דערביי איז דער רעכטער פֿוס עטוואָס אַראָפּגעזונקען ביים איינבויג פֿון די קני:ען. ער האָט אָבער זיך באַהערשט און מיט דער פֿרייער האַנט אָנגעטאַפּט דעם טיש מיט דער אָפּ־געריבענער צעראָטע, און ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ הילצערנער טאַ־בורעטקע. ער האָט אַ מינוט באַטראַכט דעם גאַסט פֿון דער שטאָט, ווי צו

װעלן אויספֿאָרשן, אויב די שעה איז אַ פּאַסיקע פֿאַר דעם מאָדנעם אינטימען שמועס.

— און איך? װי מײנסטו, רבקהלע?

נאָך אײדער ער האָט דערװאָרט אַ תשובה, האָט ער זיך פֿאַרטראַכט. ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַן ערשטן באַזוך אין דער קאָלאָניע פֿון די ליטװאַקעס. דעמאָלט װען ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און בײַם שװעל פֿון דעם שילכל פֿאַרלוירן דעם באַװוסטזײַן. אויפֿגעכאַפּט האָט ער זיך אין הויז פֿון זײַן װײַטן קרוב, װאָס מ׳האָט גערופֿן „דער פֿעטער״. דעמאָלט האָט אים דער אַלטער קעמפֿער קעגן דער „גזעלשאַפֿט״ דערצײלט װעגן זײַן רײַזע קײן ארץ־ישראל, זײַן אָנקומען צום יפֿוער ברעג, װוּ די טערקן האָבן אים נישט אַראָפּגעלאָזט. ער, דער פֿעטער האָט אַראָפּגעקוקט פֿון דער שיף, װי אַ מאָל משה רבינו פֿון הר נבו, און צום צוגעזאָגטן לאַנד נישט דערגרייכט.

— דער „פֿעטער״, דו געדענקסט אים, רבקהלע? ער איז געשטאָרבן אין מושב־זקנים.

זי האָט אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן און נישט פֿאַרשטאַנען.

— דער „פֿעטער״, װאָס איז פֿון אים געװאָרן? געשטאָרבן אין מושב־זקנים — האָט ניאָמע װידער אַ מאָל אָנגערופֿן דעם נאָמען, װאָס האָט שטענדיק אויף אים אָנגעװאָרפֿן אַן אימה. ער האָט זיך װי געװאָלט אײַנלעבן מיטן טערמין.

— װאָס רעדט איר, שװער — האָט זי כמעט זיך דערנענטערט צו ניאָמען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט — עס מוז נישט זײַן. איר קענט אויך אַװעק אויפֿן װעג, אויף װעלכן מיר װעלן גײן מיט דודן.

— נאָך נישט זיכער, מײַן טאָכטער, נאָך נישט זיכער...

צי האָט ניאָמע געמײנט, זײַן אָנטײל אין אָנגעצײכנטן נײַעם װעג, אָדער ער האָט געצװײפֿלט צי הערשל װעט אײַנגײן אויף אירע פּלענער?

דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט דער גאַסט פֿון שטאָט, און אויסנוצנדיק אַ פּויזע, האָט ער זיך אָפּגערופֿן:

— װאָס איז? און װאָס איז דער מושב־זקנים? אַ גאַנץ בכבודיקער פּלאַץ. גלײבט מיר, אַז נישט ערגער װי בײַ נישט אָנגעלײגטע קינדער. איך זאָג נישט... אָבער מען קען דאָרט אויסלעבן דאָס ביסל יאָרן... איך אַלײן,

ווי איר זעט מיך... איך קלער נישט אײן מאָל... איר ווייסט דאָך, קיין פּראָ־טעקציע אַהין דאַרף איך נישט...

ניאָמע איז שוין מער נישט, ווי ביז איצט, געוואָרן אויפגעטרייסלט פון דעם וואָרט־געשפּענסט „מושב־זקנים“. זיין גאַסט האָט זעלטן אָנגערופן די אַנשטאַלטן מיט די נעמען „מושב זקנים“ אָדער „בית־יתומים“, נאָר אין דער שפּאַנישער איבערזעצונג: „די היימען“. דאָס איז געווען מילדער, היימלעכער און לייכטער פאַר די, וואָס האָבן בויטיק געהאַט דעם אַנ־שטאַלט...

— טאַקע, פאַר וואָס נישט? מיט וואָס איז דער מושב־זקנים ערגער פון אַן איינזאַמער שטוב?

*

— דאָס איז נישט געווען קיין דורכווערטלען זיך, הערשל, איך האָב מיט איר דאָס מאָל גערעדט אין אַ געלאַסענעם טאָן, כמעט מיט אַ פולער איינשטימיקייט.

הערשל איז דאָך געווען געפּלעפט פון דער מאָדנער איבערקערעניש אין רבקהס פּלענער. ער האָט נישט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי רבקה האָט מיט אַזאַ לייכטקייט מוותר געווען און איינגעשטימט צו גיין אין די פּוס־טריט פון בן־יחיד. ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין צייט נאָכצוטראַכטן, אַז דאָ האָט מען אײַגנטלעך אים אַליין אַ ביסל געשטעלט אין שאָטן. מער פון אַלץ האָט ער נאָכגעטראַכט וועגן טאַטן.

— איך מיין, אַז רבקהלע האָט דאָ געהאַט אַ וויטן קוק, הערשל. אויב דוד האָט אויסגעקליבן דעם וועג, וואָס ער האָט אויסגעקליבן, קען יעדער אָפּלייגן נאָר פאַרשווערן אונדז די זאַך. עמעצער האָט געזאָגט: „בעסער דער שרעקלעכער סוף — איידער די שרעק אָן אַ סוף“ דער עיקר, אַז דער סוף וועט דאָך קומען...

— און דאָך, טאַטע, איך מיין, אַז דו קענסט נישט בלייבן ביי דער מחשבה, וואָס דו האָסט פריִער גערעדט וועגן איר.

— עס איז געווענדט אין דיין באַשלוס.

— וואָס הייסט?

— פשוט, הערשל, אויב דו וועסט גיין מיט רבקהלען, און דו באַ־דאַרפסט גיין, וועל איך אויסקלייבן דעם וועג פון דער לעצטער היים, פון מושב־זקנים.

הערשל האָט נישט געענטפערט. פון די בערג האָט זיך אַהערגעקאָלערט דאָס פאַרבענקטע מרוקען פון אַ בוהיי. די זון איז געשטאַנען אין מיטן הימל.

## זיבעצנטער קאַפּיטל

# ווי אויסגעמישטע קאָרטן

לאַנג איז הערשל אַרומגעגאַנגען ווי אַ נישטדאָיקער און האָט קיין ענדגילטיקן באַשלוס נישט אָנגענומען.

ער איז געפאָרן אין שטאָט אַריין שמועסן מיטן זון. יענער איז שוין כמעט אַ יאָר צייט נישט געווען אין קאָלאָניע. בלויז דורך די בריוו אַליין איז שווער געווען אויפצוכאַפּן אַלע פּעדעם פון דודס פּלענער.

אין אַ טאָג, נאָך אַ געלאַסענעם שמועס מיט רבקהן, האָט הערשל גע־נומען די באַן און פאַרפאָרן אין שטעטל, נישט ווייט פון דער הכשרה. ער האָט געדאַרפט, לויט זיין אויסרעכענונג, אויך באַזוכן די הויפּטשטאָט אויף אַ הונדערט קילאָמעטער ווייטער. אָבער ער האָט געוואַרט אויפן רעזולטאַט פון זיין שמועס מיטן זון, כדי צו באַשטימען די ווייטערדיקע שריט.

עס האָט געקאַפּעט אַ דריבנער רעגן. דער נישט־ברוקירטער וועג פון דער סטאַנציע ביז דער פאַרם איז געווען צעווייקט. פוןביידע זייטן וועג האָבן זיך געצויגן אַלייען צעוואַקסענעביימער. איצט האָבן זייערע צווייגן נאָכגעלאָזן אין שווערער נאַסקייט. טשאַטעס פייגל האָבן זיך געדרייט איבער די ביימער־שפּיצן, זיך אָנגעהאָנגען אויף די צווייגן און געשלונגען די אָנ־געלאָפענע טראָפּנס.

ער האָט נישט געלייגט קיין גרויס געוויכט אויף אָט דער טרעפונג. דער שווערפּונקט איז געווען דודס אויסגעהאַלטנקייט אין זיינע פּלענער. לויט ווי ער קען אים, איז דוד נישט פון די עקשנים, אָבער ווער ווייס, ווער עס שטייט הינטער זיין באַשלוס? געהערט האָט ער וועגן זיין פריינד־שאַפט מיט אַ מיידל פון אַ רייך הויז. ווי וועט זיך עס ענדיקן? וועגן דעם וועט ער זיכער זיך פונאַנדערקלייבן ביי זיין באַזוך. זיין אויג וועט אים נישט אָפּנאַרן.

כדי דורכצושלייכן זיך איבערן הויף פון דער פאַרם אויף דער סטעזש־קע צום גרויסן בלעכענעם בנין, וואָס איז זעט אויס געווען דער עסזאַל, האָט הערשל געדאַרפט אַ פּאָר מאָל זיך אָפּשטעלן און באַטראַכטן דעם אַרום. דאָס געניטע אויג פון אַ פּויער האָט אויסגעשיילט קופּעס לײדיקע זעק, וואָס האָבן געגעצט אין רעגן. לעדערנע פערד־אופּראַזשן זענען געווען אָנגעהויפט אין אַן אָפענעם פאַס און פון פייכטקייט אַרויסגעגעבן פריקרע ריחות. אין אַ ווינקל פון הויף האָט אַ גרויסער הונט מיט אַ קודלאַטן קאָפּ זיך צעלייגט ביים אַריינגאַנג פון זיין הילצערנער בודע און געגריזשעט הוילע ביינער. ביי אַ סטויג פון שוואַכן איבערגעפוילטן שטרוי האָט אַ ברוין פערד זיך צעהירזשעט אין אומרו און דער הונט האָט זיך ראַפּטעם אַ ריס געטאָן.

„אַפּגעלאָזן, זייער אַפּגעלאָזן" — האָט הערשל נאָכגעטראַכט. אין דעם מאָמענט, ווען זיין אויג האָט זיך איינגעשניטן אין אַ קופּע מיסט, פון וועלכער עס האָט געזעצט אַ פּאַרע, האָט זיך פון בלעכענעם באַראַק עמע־צער אַרויסגערוקט און אים אַנטקעגנגעגאַנגען.

מען האָט אים איינגעלאַדן אין גרויסן עסזאַל. די הילצערנע סטעליע איז געלעגן נאָענט איבערן קאָפּ און מיט אירע קרומע דרענגלעך דערמאָנט הערשלען די אַמאָליקע ערשטע ראַנטשאָ ביי זייער באַזעצן זיך אין מיטן פעלד. עס האָט אָבער געפעלט דאָ די טוכלע וואַרעמקייט און ענגשאַפט, וואָס האָט דאָרטן יאָרן־לאַנג געהערשט. דאָ איז געווען געראַם און די פּאָר טישלעך האָבן זיך ווי באַהאַלטן אין אַ ווינקל פון עסזאַל. אַ קליינע ביכער־שאַפע איז געשטאַנען אין אַן אַנדער ווינקל. עטלעכע בילדער פון ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער־פירער און אַ גרויסע מאַפּע, וווּ מיט רויטן טינט זענען געווען אָנגעצייכנט ישובים, האָבן פאַרנומען אַ טייל פון דער מזרח־וואַנט. ביי אַ טיש האָבן עטלעכע בחורים און איין מיידל געשפּילט אין דאָמינע.

— דוד איז איצט אין שטאָט — האָט ווער צוגעוואָרפן און נישט אי־בערגעריסן די שפּיל — ער וועט צוריקקומען אין אַ פּאָר שעה אַרום...
רות, גיי צו צום גאַסט, באַקען זיך מיט אים, דער פאָטער פון דודן.

דאָס מיידל האָט אים באַטראַכט מיט אירע גרויסע אויגן און הערשל האָט פאַרשטאַנען. זי האָט אים צוגעטראָגן איר קליין הענטל און געבעטן זיצן. דער שמועס האָט זיך געצויגן לאַנגזאַם און פויל ווי דאָס וועטער.

הערשל האָט די גאַנצע צייט באַטראַכט דעם אַרום, אויפגעכאַפּט שטיקלעך פּייזאַזשן, וואָס האָבן אַריינגעפּויזעט דורך די באַהויכטע נאַסע שויבן. ער האָט געוואָלט באַנעמען דעם סוד פון אויפקום פון אָט דעם לאַגער. עס איז קלאָר געווען, אַז דאָ לעבן אידעאַליסטן, וואָס באַשווערן מיט אַ כוונה זייער עקזיסטענץ אויף דער וועלט. עפּעס שוועבט דאָ אַ מין אַרטיפיציעלע אָפּגע־לאָזנקייט, וואָס איז זיכער אַ רעזולטאַט פון רעוואָלט קעגן אָנגענומענע געוווינהייטן, אַ מין מזלזל זיין אין דער ציוויליזאַציע.

פאַרנאַכטצו האָבן זיך אַ פּאָר יוגנטלעכע צוריקגעקערט פון פעלד, אויסגעמוטשעטע און פאַררויטלטע. מען האָט זיך דערפרייט צו זען אַ גאַסט, און ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז ער איז נישט פון שטאָט, איז געווען קענטיק זייער אַנטוישונג. אינערלעך האָבן זיי געגאַרט אַ גרוס פון דער וועלט, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן.

מען האָט געטרונקען קאַווע מיט מילך פון בלעכענע קענדלעך. הערשל האָט אין יעדער דערשיינונג דאָ געזען די בולטע נייגונג צו איבערגעטרי־בענער נאָכגעלאָזנקייט. דער צושטאַנד אין הויף, אינעם סמוטנעם טונקעלן עסזאַל און אינעם אויסערלעכן קליידן זיך פון די עלטערע יונגע־לייט — דאָס אַלץ האָט געשלאָסן דעם קרייז פון שטילן רעוואָלט קעגן סדר־העולם, וואָס שטראָמט ערגעץ נישט ווייט פון דאַנען. הערשל האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס באַדאַרף די אָפּגעלאָזנקייט פונעם יחיד זיין דער אויסדרוק פאַרן אינערלעכן רעוואָלט.

דורך דער גאַנצער צייט פון זיין שמועסן מיט די יוגנטלעכע, מערסטנ־טייל סטודענטן אין מיטן פון זייער אַקאַדעמישער לערע, האָט הערשל געפּרוּווט אין געדאַנק פאַרבינדן אין דער צוקונפט זיין עקזיסטענץ מיט אָט דער געזעלשאַפט. צי וועט עס אים, אָדער רבקהלען, געלינגען, זיך איינצו־לעבן אין דער נייער סביבה? וואָס וועט ער ביטראָגן צום געבוי פון זייער געמיינשאַפט? צי וועט ער עס טאָן, ווי אַ פרייער מענטש, באַלאָדן מיט זיינע אייגענע פעיִקייטן און לעבנס־באַגאַזש, אָדער ער וועט זיצן ביים ראַנד פון זייער לעבן אָן ביייצוטראָגן פון זיין אידעע און גייסט? עס צע־שיידט זיי נישט בלויז אַ צייט־אָפּשניט, נישט נאָר עלטער און יוגנט, נאָר אויך זייער צוגאַנג צו זאַכן, צום סדר־העולם, דער טעמפּעראַמענט.

אייגנטלעך, צי איז ער דען אַזוי פרעמד צום ענדציל פון זייער קאָמו־נע? אַ מאָל, אין קליינעם שטעטל, האָט מען דאָך דיסקוטירט וועגן רעוואָ־

לוציע און סאָציאַליזם. די קאָמונע איז דאָך געווען אין צענטער פון גע־ראַנגל אויף באחרית הימים.

דאָך האָט ער אין זיך געשמייכלט. דער פעניקס וועט דאָ אין זיין אַמאָליקער פּראַכט נישט אויפטויכן. דאָס איז בלויז אַ פּונק צו דערוואָרע־מען דעם בליק ביי דער חברה, וואָס זינגט איצט אירע נייע לידער.

און וואָס וואָלט געווען — ווען, נו... דאָס איז נישט מער ווי אַן איינ־פאַל אָן אַ ממשות... אָבער דאָך, עס פּאַסט זיך דאָך.

אָבער דער געדאַנק, וואָס האָט אים אויסגעזען אין אַנהייב ווילד, האָט אים אָנגעהויבן צו מאַטערן און געזוכט אַן אַנהאַלט.

אין צושטאַנד פון אייגענער אומזיכערקייט האָט ער גאָר זיך געזען ווי אַן אַנשפּאַר פאַר אַט דער חברה. זיי האָבן דאָך נישט קיין אַנונג וועגן ערד־אַרבעט און יעדער טראָט וועט זיי קאָסטן איבעריקע מי און געלט. צי וואָלט ער נישט געקענט זיי צו הילף קומען אַלס אינסטרוקטאָר?

אויף אַ יאָר וועט ער פאַרדינגען דאָס פעלד און פּרוּוון זיין כוח דאָ. פאַרדינגען? ווען? אפשר דעם מגושמדיקן פעטער, דעם זון פון אַלטן אַנציייניקן האָנס נאַגעל, וואָס באַגלייט זיי שוין, אינעם אָפּגעלייגטן פּונקט פון דער קאָלאָניע, זינט זייער קומען אַהער אויפן באָדן?

און דער טאַטע? דער טאַטע האָט דאָך שוין באַשטימט זיין וועג. ער וועט גיין אין מושב־זקנים. ניין, דער טאַטע זאָגט — „אין די היימען" — אַ סגולה, אַז דער גאַנג אַהין זאָל נישט פאַלן אַזוי ביטער. וואָס אמת, מען דערציילט, אַז דער אַנשטאַלט, וואָס גיט שוץ די אַלטע לייט און יתומים איז געוואָרן אַ מוסטער פון איבערגעגעבנקייט. זינט ער איז אַריבער אין די נייע ערטער, צווישן פּאַרקן און גרינסן, פילן זיך די זקנים, ווי ביי זיך אין דער היים. עמעצער האָט דאָס הויז באַצייכנט ווי אַ מוסד, וואָס פּלאַ־טערט „צווישן לעבן און טויט" — אַ רמז אויף די צוויי וועלטן, וואָס גע־פינען דאָרט אַ דאַך. די אַלטע־לייט וועט מען שוין פון דאָרט אַרויסטראָגן אויף זייער לעצטן וועג און די קליינע יתומים וועלן אין אַ געוויסן טאָג אַרויספליִען פון דאָרט ביים אָנהייבן זייער ניי לעבן.

אַ רגע האָט הערשל אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר וועט אויך דער טאַטע דאָ זיצן דערווייל אויף אַ פּרוּוו? ער האָט אָבער שנעל אָפּגעטריבן אַזאַ מעגלעכקייט. נישט דער טאַטע און נישט זיי דאָ וועלן דערויף איינשטימען.

צי איז ער בכלל אַזוי זיכער, אַז מען וועט אים, הערשלען, אויפנעמען אַלס אינסטרוקטאָר ?

דער אָוונט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבערן הויף. ביסלעכוויז האָט דער רעגן אויפגעהערט און איינצלנע שטערן האָבן דורכגעשיינט צווישן די אויפגעריסענע כמאַרעס. יעדער, וואָס איז אַריבער די שוועל פון עסזאַל האָט אַריינגעבראַכט די נאַסקייט פונעם דרויסן און שטיקער בלאָטע אויף די גומענע שטיוול. דער ריח פון פאַרשוויצטע לייבער האָט זיך אויסגעמישט מיטן גערוך פון געפּרעגלטע ציבעלעס אין דער זייטיקער קיך.

הערשל איז געוווינט געוועזן צו רעגנדיקע טעג אין דאָרף. דאָרט פלעגט ער אויסשפּרייטן טרוקענע זעק ביים אַריינגאַנג און אויף זיי האָט מען אַראָפּגעצויגן די שטיוול אָדער לייוונטענע אַלפּאַרגאַטן. ער האָט נישט געקענט באַנעמען פאַר וואָס מען מוז דווקא אַריינפירן דאָ די גאַנצע בלאָטע אין די צימערן בעת צענדליקער זעק וואַלגערן זיך אין דרויסן.

מען האָט געגעסן אַ גאָר באַשיידענעם נאַכטמאָל. רות האָט אינעם קיך־ווינקל צוגעפּרעגלט דיקע לעבער־ביפן, פון וועלכע עס האָט געטריפט דאָס שוואַרצע בלוט. די געקאָכטע מאַטע האָט מען סערווירט אין בלעכענע קענדלעך און מען האָט צוגעביסן מיט גאַליעטן. נאָך איידער מען האָט פאַרלאָזן דעם טיש האָט מען צוזאַמען געזונגען אַ פּאָר נייע חלוצישע לי־דער, וואָס דער שליח פון „ארץ" האָט שוין באַוויזן אויסצולערנען. מען האָט הערשלען דערציילט, אַז ער איז אַהערגעקומען אויף אַ פּאָר טעג און איצט זיצט ער אין דער שטאָט און גרייט צו אַ סעמינאַר פאַר דער אָרגאַ־ניזאַציע פון אַלע שכנישע לענדער.

צום סוף האָט מען פאַרגעלייענט דעם טאָג־אָרדענונג פאַר דער מאָרגנ־דיקער אַרבעט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בלויז אַ צענדליק יונגע־לייט און מיידלעך זענען פאַרבונדן מיט דער פאַרם. פון זיי אַרבעט איינער אין דער הויפּט־ביוראָ פאַרן קאָנטינענט און איינער איז געשיקט געוואָרן צו אָרגאַניזירן נייע „קנים"־אָפּטיילונגען פון דער באַוועגונג.

— דוד איז נאָך נישט געקומען — האָט הערשל זיך אָפּגערופן. עס איז קלאָר, אַז דער זון איז נאָך נישט געקומען. אָבער די פּאָר ווערטער האָט הערשל אַרויסגערעדט ספק פראַגע, ספק טענה : צי וועט ער בכלל קומען ?

די חברה איז געוועזן פאַרטאָן אין פאַרשידענע ענינים. טייל האָבן

געשפּילט שאַך און דאַמקע, איינער האָט איינגעשריבן אינעם העפט חש־בונות, רות האָט אין אַ זייטיקן ווינקל איינגעזייפּט אין אַ שיסל די קיך־האַנטעכער. מען האָט זיך איבערגעקוקט, ווי אָנצופרעגן אויפן ווונק, אויב מען מעג הערשלען אַריינגעמען אינעם קרייז פון סודות.

— דוד וועט אפשר היינט נישט צוריקקומען — האָט רות געגעבן דעם טאָן און דעצידירט — און אויב ער וועט יאָ קומען, וועט עס זיין זיכער נאָך האַלבער נאַכט, מיט דער לעצטער באַן. נישט איין מאָל האָט עס שוין געטראָפן.

און באַמערקנדיק, אַז הערשל איז דאָך געבליבן אַ ביסל אומזיכער און נישט רויִק, האָט זי אָפּגעווישט די הענט מיטן נאַסלעכן פאַרטעך און צוגייענדיק נענטער — פאַמיליאַר צו הערשלען, האָט זי צוגעגעבן:

— ער איז גערופן געוואָרן אויף אַ דרינגענדיקער באַגעגעניש אין שטאָט. דאָס איז פאַרבונדן מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די ענגלענדער, וואָס פאַרהאַלטן די אומלעגאַלע עולים...

זי האָט געמאַכט אַ פּויזע אין איר אַנטפּלעקונג. סיי ווי האָט די ידיעה הערשלען אַ טראַג געטאָן פון פּלאַץ. אַרום אים האָבן אויגן געפינקלט מיטן גלאַנץ פון קאָנספּיראַציע. רות האָט פון אים אַראָפּגעלייענט דעם בולטן צייכן פון פאַראינטערעסירונג. אין הערשלען האָט אויפגעטויכט דער יוגנט־קאָנספּיראַטאָר, און מאָדנע, צום ערשטן מאָל זינט ער האָט איבערגעריסן מיט דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט אין אַמאָליקן רוסלאַנד, האָט ער איצט געקענט צוריקבריינגען אין זיך דאָס גֿעפיל פאַר געהיימער אַקציע. ער האָט אַ סך געלייענט אין די צייטונגען וועגן די מעשים פון דער ענגלישער מאַכט קעגן די פּליטים פון נאַצישן גיהנום, אָבער ער האָט עס נישט פאַרבונדן מיט אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד פון דאַנען.

— דערציילט ווייטער — האָט ער זיך געווענדט צו רות.

— גאָרנישט, שוין לאַנג ווי מען האָט געקלערט, ווי אַזוי מען קען פון דאַנען עפּעס העלפן. אָבער דערווייל האָט מען נישט געפונען קיין אויסוועג. אָבער מיט אַ פאָר טעג צוריק — זאָל עס בלייבן צווישן אונדז, איר זענט דאָך, סעניאָר, דער פאָטער פון דודן — איז אַראָפּגעקומען אַ מאַן פון דאָרט. מען זאָגט, אַז אָפיציר פון דער „הגנה". זיין אמתן נאָמען ווייסט קיינער נישט, ער האָט עטלעכע נעמען...

— נו, דאָס איז נאַטירלעך — האָט הערשל איבערגעריסן — אין

מיינע צייטן, דאָרט אין צאַרישן רוסלאַנד, האָב איך געהאַט פינף נעמען.

— העלפן מוז מען. ווי קענען מיר דאָ זיצן אין אַ זייט? אין דער וועלט־מלחמה האָבן מיר זיך נישט באַטייליקט. פאַרקערט, אונדזערע עלטערן האָבן געשאַרט הויפנס געלט. איצט איז אויך אונדזער צייט געקומען, אָבער ווי מאַכט מען, אַז די שאָף זאָל זיין גאַנץ און דער וואָלף זאַט?

— וואָס הייסט?

— פשוט, דער שליח איז געקומען מיט דער אויפגאַבע, און אפשר טאַקע מיט אַ באַפעל, צו מאָבילוזירן יידישע יונגע־לייט און מיידלעך, זיי איבן מיליטעריש און אָפשיקן גרופנווייז קיין פּאַלעסטינע. מען זאָגט נישט בלויז צו הילף די שווימענדיקע פּליטים־שיפן, נאָר אויך צוצו־גרייטן צו דער מלחמה וואָס קען אויסברעכן מיט די אַראַבער. דער גע־היימער שליח האָט געהאַט די נאָענטסטע אַדרעסן — די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז דאָך טאַקע אַ ריכטיקער אַדרעס.

— זיכער — האָט הערשל אונטערגעהאַלטן — עס איז נאַטירלעך. זיי קומען די ערשטע אין באַטראַכט.

— אָבער דאָ איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת; דער פאַרבאַנד פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איז קעגן אַזאַ ספּאָנטאַנער מאָביליזאַציע. נעמען קודם כל די פירנדיקע שיכט און די וואָס געפינען זיך אויף הכ־שרה, באַדייט אַ צעמישונג אין אונדזערע רייען. מיר קענען נישט צע־וואַלגערן דעם דערציִונגס־בנין פון יאָרן.

— דו ביסט גערעכט — האָט הערשל פאַרטראַכט צוגעגעבן.

— אָבער דער שליח, ער טראַכט אַנדערש. ער קען אין דעם מאָמענט נישט נעמען אין אַכט די זאָרגן פון דער חלוצישער באַוועגונג. ער איז געקומען מאָביליזירן יונגע כוחות און ער דאַרף מצליח זיין.

— און דאָס באַהאַנדלט מען היינט אין אָונט? — האָט הערשל האַסטיק אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, היינט אין אָונט, דערפאַר איז מעגלעך...

— איך פאַרשטיי שוין — האָט הערשל איבערגעריסן — איך פאַרשטיי שוין אַלץ...

נאָך דעם האָט זיך איינגעשטעלט אַ לענגערע שטילקייט. נאָר דאָס בילן פונעם הונט אין דרויסן האָט צייטנווייז אַ הייב געטאָן הערשלען

פונעם פּלאַץ. ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט, וואָס דעם אָוונט גראָד האָט ער זיך אַרויסגעשטויסן פון זיין גלייכגעוויכט.

רות האָט זיך אָנגערופן:

— איר קענט גיין שלאָפן, סעניאָר ליפּמאַן, אויב דוד וועט קומען, וועל איך אים דערציילן וועגן אייך... איך וועל אייך אויפוועקן.

אירע רייד האָבן אים דערוואָרעמט. ביז איצט האָט הערשל געזען אין דעם ברונעטן און געקרויזטן מיידל מיט די עטוואָס בולטע אויגן, אַ דעמאָנישע געשטאַלט, וואָס עס איז איר געלונגען צו צעשטערן דעם סדר פון זייער לעבן. זי האָט דאָך אָנגערעגט זייער איינציקן זון צו רעוואָלטירן קעגן דער באַקוועמלעכקייט פון לעבן, קעגן די פּלענער פון דער מוטער. זי האָט דורך אַרויסגעריסן פון יעדן מעגלעכן צוריקקער צו דער קאָלאָניע. און דאָ האָט ער, ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט איר, אויפגעגעבן זיין ווילן צו דיסקוטירן און איבערצייגן. איר אויסער־לעכע שטייפקייט האָט געמאָנט דיסטאַנץ, אָבער אירע איידעלע מאַנירן, איינגעפּלאָנצטע אין איר קינדהייט, זענען געווען אין קעגנזאַץ צו איר אויסערלעכער אָנגעצויגנקייט. הערשל איז נאָכגעגאַנגען דעם יונגן מיידל, וואָס האָט געטראָגן אין דער אָפענער נאַכט אַן אָנגעצונדענעם פּאַנאַר. זיי האָבן דורכגעקרייצט דעם בלאָטיקן הויף. נאַסע צווייגן האָבן געווישט איבערן געזיכט און אָנגעווייעט אַ קילן ציטער אין די גלידער. רות האָט אים אויסגעבעטן אַ געלעגער אויף אַן אייזערן בעטל אין אַ קליינעם צימער, ווו דריי ווענט זענען געווען באַשלאָגן מיט פּאָליצעס, באַלאָדענע מיט קליידער און וועש. דאָס איז, זעט אויס, געווען דער קליידער־מאַגאַזין פון דער הכשרה. עס האָט דאָרט געשלאָגן מיטן גערוך פון קראָכמאַליעטן געוואַנט און שמעקנדיקן זייף.

ווען זי האָט אָוועקגעשטעלט די לאַמטערנע אויף אַ קליין טישל און געהאַלטן ביים געזעגענען זיך, האָט הערשל אָנגענומען איר האַנט און שטיל זי אַ פרעג געטאָן:

— צי מיינט איר... צי מיינסטו, רות, אַז עס איז לאָגיש צו שיקן פון דאַנען יונגע־לייט אויף אַ פרעמדן פראָנט, אָן אַ געהעריקער צוגרייטונג?

זי האָט נישט באַלד געענטפערט, איר האַנט פון זיינע נישט אַרויס־גענומען.

— דער פראָנט איז נישט קיין פרעמדער, סעניאָר, דער פראָנט איז

נישט קיין נייער. איך האָב געהערט, אַז אין אייער יוגנט האָט איר געפירט אַ מלחמה מיט די אומרעכטן קעגן אַ פּאָלק... דאָס איז אַ לאַנגער אַלטער פּראָצעס...

— אַ גוטע נאַכט — זי האָט אויפגעעפנט די טיר.

— אַ גוטע נאַכט, רות. אַ גוטע נאַכט — ער האָט דאָס אַפילו גע־וואָלט זאָגן אַ דריט מאָל, אָבער זי איז שוין איינגעשלונגען געוואָרן אין דער נאַכטיקער קילקייט.

*

די נאַכט איז הערשל געפאָרן און אויסגעשטיגן אויף די וויסטסטע סטאַנציעס. די באַן האָט געהאַלטן אין איין פייפן און אָנזאָגן זיין נאָענטן אָפּשטייג. אָבער פאַר דעם האָט ער געוואָלט צומאַכן די אויגן, כדי צו רוען. אין דער פינצטערניש פון די צוגעפּרעסטע אויגן האָט ער זיך גע־טראָגן איבער ווילד־איינזאַמע פעלדער, וואָס זייער פאַרלאָזטקייט האָט אין אים אויפגעוועקט רחמנות־געפילן ביז צו טרערן. ערגעץ ווו האָט געפינקלט אַן איינציקע לאַמטערנע. מאָדנע, דאָס פלעמל פון דער לאַמ־טערנע איז נישט פאַרשוווּנדן פון זיין דמיון אַפילו, ווען ער האָט געפּרוווט טראַכטן וועגן דער היים, וועגן דער וואַרעמער קיך, ווו עס זידט דער טשייניק און וועגן רבקהלען, וואָס נורעט זיך אַליין אין גרויסן בעט און אָטעמט אין וויכן קישן. הערשל האָט געטראַכט וועגן אַ כאַטע אין מיטן פון דער וויסטע, ווו עס פינקלט אַ שוואַך ליכט, וועגן אַ סטאַדע קי, וואָס לאַגערט ביים ברעג פון אַ וועלדל און — ער וועט זיך אַהין קיין מאָל נישט דערשלאָגן. עמעצער וואַרט אויף אים, קלאַפּט אין דער טיר און רופט אים צו דער שיף, וואָס אַנקערט אינעם לויפנדיקן קאַנאַל אין מיטן דער הכשרה־פאַרם. אַ בענקעניש האָט אים אָנגענומען צו זען די ווייט־פאַרוואָרפענע כאַטע פון עפּעס אַ גאַוטש, וואָס די ווינטן האָבן אָפּגעפליקט אירע ליימענע ווענטלעך, ווי די פעדערן פון אַן אַלטער הון. אָבער ער וויסט, אַז דאָרט וועט ער שוין נישט אָנשלאָגן. דאָס פלעמל דערווייטערט זיך יעדעס מאָל, ווען ער איז שוין גאָר נאָענט פון דאָרט.

די נאַכט איז ער געפאָרן אין די קאָרדאָווער בערג, כדי זיך צו געזע־געגען מיט מאירן. מאיר איז קראַנק אויף די לונגען און ער טאָר די געגנט נישט פאַרלאָזן. אין אַ קליין שטעטל ביי די בערג האָט ער זיך

איינגעאָרדנט אַ קליינע מעבל־קראָם און די גאַנצע משפּחה זיינע איז אַריבער אַהין.

די משפּחה! די צוויי עלטערע זין זענען אַ לענגערע צייט געווען אין אַ לערן־אַנשטאַלט פאַר טויבשטומע און נאָך דעם אַרויס פאַרדינען זייער ברויט אין גאַס. בעת אַ באַזוך אין דער הויפּטשטאָט האָט הערשל געטראָפן איינעם פון זיי זיצן אין ראָג פון אַ גרויסן קאַפעהויז, אויף אַ נידעריקן בענקעלע פוצן די שיך ביי די קליענטן. טראָץ דעם, וואָס ער האָט הערשלען זעלטן ווען געזען, איז אָבער דער חוש צו דערקענען מענטשן געווען ביי אים שטאַרק אַנטוויקלט. ער האָט אים דערקענט פון דער ווייטנס און מיט באַנומענע קולות און האַנט־סימנים אים דערמאָנט זיין משפּחה־אָנגעהעריקייט. הערשל איז דעמאָלט געריערט געווען ביז טרערן.

איצט פאָרט ער צו זיין ברודער זיך מיט אים געזעגענען. יענער איז מאָדנע פוללייביק און זיינע באַקן זענען עטוואָס רויטלעך, אַ ביסעלע אָנגעבלאָזן. אָבער הערשל קען זיך צו זיין ברודער מאיר נישט דערנענ־טערן. צווישן זיי שטייט די שטומע רייזל. די האָר צעשויבערט, דער אַלבאַסטער־פּנים פריש ווי אין יענע יונגע יאָרן אין דער קאָלאָניע פון די ליטוואַקעס, ווען זי האָט געגעבן צו זייגן דאָס קינד פון דער פולער ווייסער ברוסט. איצט שטייט זי פאַר זיינע אויגן, פאַרשטעלט הינטער זיך דעם ברודער זיינעם, די הענט פאַרהויבן ווי אין תּפילה צום הימל און ווען זי באַוועגט מיט די אָרעמס ווי אין לייכטן טאַנץ, פאַלט אַראָפּ דער בלויער סאַראַפאַן פון אירע אַקסלען און דער אויבערשטער טייל פון איר גוף גיט אַ גלאַנץ מיט זיין ווייסקייט. הערשל לאָזט אַרויס אַ לייכטן קרעכץ און ווישט אָפּ דעם שווייס. מאַכט צו די אויגן און וויל זיך איינפּלעכטן אינעם איבערגעריסענעם פאַרכאַפּנדיקן בילד.

דעם ברודער שלום האָט ער געזוכט אין די ווייטע וועלדער ביים טייך אמור אין בירא־בידזשאַן און אים נישט געפונען. געוואָלט האָט ער מיטנעמען אַהין אויך רבקהלען, זאָל זי אים העלפן אויפזוכן דעם ברודער, וואָס האָט אַ מאָל געשפּילט מיט איר די ערשטע ליבע און אַן אַנטוישטער אַוועק העלפן בויען די אויטאָנאָמישע יידישע רעפּובליק. יאָרן לאַנג האָבן די ברידער צווישן זיך נישט גערעדט און שלום האָט זיך מיט אים פאַרן אָפּפאָרן אַפילו נישט געזעגנט. הערשל וועט אים אָבער מיט דער

זעלבער מטבע נישט אָפּצאָלן, ער וועט אים אויפזוכן, ער וועט זיך מיט אים געזעגענען און זיך איבערבעטן, אויך רבקהלע וועט אים איבערבעטן...

אָבער פאַר וואָס האָט ער נישט מיטגענומען שלומס אַדרעס? וואַרט, צי געדענקט ער נישט אויסנווייניק? שוין מער ווי זעקס יאָר, ווי ער האָט נישט געשריבן, אפשר איז ער שוין נישט דאָרט? אַ מלחמה איז דאָך פאַרביי מיט אַלע גרויליקע שרעקן...

מירעלען, די וואָס איז אַנטלאָפן מיטן שכנישן שגץ, דעם זון פון אַלטן גאַוטש, האָט ער דווקא מיט אַזאַ לייכטקייט געפונען אין דער פאָרט־שטאָט פון ווייטן דרום. צווישן שטיין־געפלאַסטערטע געסלעך, וואָס פירן צום שמוציקן פּאָרט איז ער געגאַנגען און ער האָט אַפילו נישט געפרעגט איר אַדרעס ביי די דורכגייער. ער האָט זי געהערט רופן זיין נאָמען און געפילט די הענט אירע אַרום זיין האַלדז. טרערן האָבן אים באַוואַשן און זי האָט מער נישט גערעדט, נישט געפרעגט אויף קיינעם, נאָר גע־קוקט מיט נאַס־פאַרגלייזטע אויגן גליך דעם ברודער אין פּנים אַריין. ער האָט געזען, ווי זי עלטערט זיך, און גרוילעכע פאַסן שניידן דורך איר בלאַנדן קאָפּ. מיט אַ מאָל האָט ער זי האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן צווישן זיינע פעסטע אָרעמס און געלאָפן מיט איר איבער די גאַסן. דורכגייער האָבן דערזען, ווי ער טראָגט זי אויף זיינע פּלייצעס, האָט מען אים געוואָלט דעריאָגן. אויבן אָן דערזעט ער טיטאָן, מירעלעס מאַן, וואָס פאַרנעמט זיך צו וואַרפן די „לאַסאָ" און אים פאַנגען. אָבער די „לאַסאָ" איז געבליבן פאַרגליווערט אין דער לופט. מירעלע שעפּטשעט אים אין אויער: „נעם מיך צו רוזשקעלען, גיכער, הערשל, צו רוזשקעלען, ער שלאָגט מיך, טיטאָ". אָבער צו רוזשקעלען קען ער איר דאָך נישט נעמען איצט. די באַן גייט דאָך אָפּ מאָרגן פון דער פאַרם אין דער הויפּטשטאָט. מאָרגן וועט ער זי באַזוכן, רוזשקעלען...

— טאַטע, טאַטע — ער עפנט אויף די אויגן און אַ לייכטער קילער בליאַסק האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. דוד איז געשטאַנען לעבן אים מיט אַ בייכיקער טעקע אין איין האַנט און מיטן קליינעם ליכט אין דער צווייטער. רות זילבער איז געשטאַנען ביי דער עטוואָס אָפענער טיר און אינעם קנויל פון שאָטנס און ליכטשפּיל האָט הערשל געזען איר שמייכל, דער זעלבער שמייכל, וואָס האָט אים פאַרן שלאָף אַזוי איינגע־נומען.

— צוגעזאָגט און מקיים געווען — האָט זי זיך אָפּגערופן — דוד איז ערשט געקומען און איך האָב אים גלייך אַהערגעפירט. ער וועט דאָ מיט איך שלאָפן די נאַכט. ער וועט נאָר עפּעס איבערכאַפּן... שוין צוויי אַזייגער פאַר טאָג.

פּאָטער און זון האָבן נאָך דעם לאַנג געשמועסט. די פינצטערניש פונעם צימער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צווישןביידע בעטלעך, האָט געהאָלפן שאַפן מער אָפנהאַרציקייט. דאָס שעפּטשען אויף נידעריקע טענער, ווען מען מוז נישט אַריינבליקן אין די אויגן אָדער אויפכאַפּן אַ פּנים־גרימאַסע, האָט געעפנט דעם וועג פאַר אַ גרענעצלאָזן שטראָם פון ווערטער.

פאַרטאָגצו, ווען דער שלאָף האָט שוין גובר געווען די אויגן, האָט הערשל נאָך באַוויזן אַ פרעג צו טאָן דעם זון, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין נאָך ווייט פון שלאָף:

— פון דעסטוועגן, דוד, דו הערסטו? מיר איז שווער אויפצונעמען די זאַך...

— וואָס, טאַטע, וואָס איז שווער? — דודס קול איז געווען אַ ביסל הייזעריקלעך.

— ווי זאָל איך דיר געבן צו פאַרשטיין — אָט, נעם אַזאַ מין ביי־שפּיל: דו שטייסט אין מיטן פעלד, אַרום דיר — הונדערטער העקטאַר, בערג־טאָלן, וואָס דאָס אויג קען נישט פאַרנעמען. ווי אַזוי קען מען פאַרבייטן אַזאַ פאַרנעם מיט אַ קליינעם שמאָלן פּאַס?

דוד האָט נישט באַלד געענטפערט. ער האָט געוואָלט באַנעמען דעם מיין פון פאָטערס משל און געפונען אַ נמשל אויף דעם זעלבן שטח.

— קען זיין, טאַטע, אַז דו ביסט גערעכט לויט דעם אָנגענומענעם באַגריף. אָבער ווען מיר וועלן אַרויס פון דער רוטינע איז אפשר דיין אָפּשאַצונג אַ טעות. ווען אַ מענטש איז פאַרשיכורט פון אַ ברייטן אָפענעם זאַנגען־פעלד, וואָס פאַרבלענדט זיינע אויגן, פאַרלירט דאָס קליינע שטיקעלע באָדן, אויף וועלכן די פיס שטייען, דעם ריכטיקן ווערט... מיר האָבן געמאַכט, בעסער געזאָגט, איר האָט געמאַכט אַנשטאָט ערד־אַרבעט — פאַבריקן פון ווייץ און גערשטן. די קו איז מער נישטאָ לעבן דער שטוב צו מעלקן איר און צו פילן איר לעבעדיקע עקזיסטענץ. זי גייט אַרום אין פעלד און אַ געווויסן טאָג פאַרקויפט מען זי גלייך פון דאָרט. מאָרגן

הענגט זי אויפֿן האַקן אין יאַטקע. צי פֿילן די קאָלאָניסטן דעם בונד מיטן באָדן? די וואַרעמקייט פֿון איר אײַנגעווייד און די קילקייט פֿון איר קאָרע?

הערשל האָט נאָך עפּעס געוואָלט פֿרעגן, געוואָלט וויסן ווען ער טראַכט אָפּצופֿאָרן און צי אויך רות זילבער וועט מיטפֿאָרן. ער האָט אָבער זיך אָפּגעהאַלטן צו דערוועקן אַ נייעם שמועס. ס׳איז שוין געווען נאָענט צו טאָג.

*

הערשל איז געפֿאָרן מיט דער פֿרימאָרגן־באַן אין דער הויפּטשטאָט און דורך דער פֿאַרהויכטער אומקלאָרער שויב געזען דורכשוועבן די שײַן־באַוואַקסענע פֿעלדער און די שטעטלעך, וואָס זייער אײַנטאָניקער געבוי האָט געלאַנגוויילט דאָס אויג. דאָס איז נישט געווען דער ווילדער פֿלײַען פֿון זײַן פּאַמפּאַ־געגנט, ווו יעדעס בערגל און יעדער קרומער וועג האָט זײַן אויסטערלישן חן און אונטער יעדן קוסט איז פֿאַראַן דער אָטעם פֿון האַרטער אײַנזאַמקייט.

אין אָנבליק פֿון די באַגרינטע פֿעלדער און סעדער האָט הערשל געפּרוּווט זיך צוריקקערן צום באַדייט פֿון זײַן נאַכטיקן חלום: דאָס צאַנ־קענדיקע פֿלעמל פֿון אַ לאַמטערנע, וואָס רײַסט זיך דורך דעם פֿענצטערל פֿון אַן אײַנזאַמער כאַטע. איצט האָט ער געקענט פּותר זײַן דעם חלום — דאָס איז דאָך דער דראַנג זײַנער צו בלײַבן צוגעשמידט צום באָדן.

ער האָט געפֿילט דעם פּחד פֿאַר דער נאָענטער אויסגעוואָרצלטקייט. פֿאַר דאָס נייע, דאָס נישט באַוווּסטע.

איצט פֿאָרט ער ווידער מיט דער באַן. ער ווייסט נישט גענוי, וואָס ער וועט דאָרט אין שטאָט הײַנט אויפֿטאָן, ווו וועט ער זיך ווענדן און וואָס אײַגנטלעך ער דאַרף דערלידיקן. סטאַנציע נאָך סטאַנציע און דער הייזעריק־שנײַדנדיקער פֿײַף פֿון לאָקאָמאָטיוו, אַ מין אומרויִקער פּאַרזאַג, אַז דער וועג איז נאָך לאַנג, לאַנג...

אין וואַגאָן איז געווען וואַרעם און אָנגערויכערט. דער קעלנער האָט זיך דורכגעשלייכט און געבראַכט קאַווע מיט פֿרישע בולקעס. דער אַראָ־מאַט פֿון שאַרפֿער קאַווע און די פֿוכיקייט פֿון די ווייסע זעמל האָבן צע־שלאָגן דעם אָנגעוויטעטן אומעט. ער האָט זיך דערמאָנט: כדאי צו פֿאַר־צייכענען אינעם נאָטיץ־ביכל דעם מאַרשרוט זײַנעם אין שטאָט. ער וועט דאָך נאָר אַ פּאָר טעג פֿאַרווײַלן.

דאָס נאָטיץ־ביכל האָט אים איצט אויסגעזען אויסטערליש — ווי אַ ראָמאַן־ביכל, וואָס איז פאַרקנייטשט און אָן טאָוועלעך. דאָס איז דאָך געווען דאָס שמאָלע העפטל, דאָס באַרג־ביכעלע, ווו דער קלייטניק אין שטעטל האָט פאַרצייכנט די שפּייז־פּראָדוקטן אין די ערשטע יאָרן פון זייער באַזעצן זיך. דאָס יאָר — 1917, דער חודש — דער אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ערגעץ אויף אַ בלעטל דאַרף נאָך זיין עפּעס אַ פאַרצייכענונג, וואָס ער האָט געמאַכט אין יענער שטורמישער צייט. די איבעריקע ליידיקע בלעטלעך האָט ער אויסגעפּילט מיט אַדרעסן. פון וועמען? אָט, ליפּאָווין, דער אַמאָליקער דאָרפס־שרייבער. וואָס פאַרא בשורה וועט ער אים ברענגען? ווי האָט יענער אים אַ מאָל געזאָגט: וועסט קיין מאָל נישט דערכאַפּן דעם מאָמענט, ווען אַ שוואַרצע האָר ווערט גרוי, פּונקט ווי דו וועסט קיין מאָל נישט דערזען ווי די פלאַנץ גיט אַרויס אַ ניי בלעטל אָדער וואַקסט אַ מילימעטער... ער וועט אָבער זיך נישט אָפּזאָגן פון אַ באַזוך ביי רייכלען, ביי דער אַמאָליקער שכנה אין דער קאָלאָניע, וואָס האָט אים אַזוי וואַרעם אויפגענומען אין איר צימער אויף דער זומפּן־גאַס. צי וווינט זי נאָך דאָרט? איר מאַן האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, כדי צו דערשלאָגן זיך צו עפּעס. זיכער האָבן זיי שוין געקויפט אַ דירה, מעגלעך אַ פאַבריק. די מלחמה האָט זיי צוגעשפּילט.

רוזשקעלען וועט ער אומבאַדינגט באַזוכן. די יינגסטע שוועסטער און איר מאַן זיגלער. זיי האָבן נישט קיין קינדער. אָבער ביי זיי אין שטוב ווערט דאָך אָנגעהאַלטן די אידיליע פון אמתער משפחה־וואַרעמקייט. דאָס איז צו פאַרדאַנקען נחום זיגלער, דעם שול־טוער און אינטעליגענט. רוזשקעלע שפּילט נאָך, ווען עס איז, טעאַטער. אָבער וואָס מער דער יידישער טעאַטער־רעפּערטואַר איז געפאַלן, אַלץ מער האָט זי זיך דער־ווייטערט פון שפּילן. זי רעדט מיט ביטערניש וועגן אַלטע אַקטיאָרן, וואָס גייען אום איבער די קראָמען און פאַרקויפן בילעטן אויף אַן אונטערנע־מונג, וואָס זאָל זיי געבן אַ פּאָר פּעזעס אויף ברויט. צו דעם וויל זי נישט צוקומען. נאָר אויף אַ סעודה, אַ באַנקעט אָדער אַ ליטעראַרישן צוזאַמענ־קום טרעט זי אַ מאָל אַרויס.

אויך ביי אַבעלען וועט ער אָפּשטאָטן אַ וויזיט. זיין שוואָגער האָט דאָך אַ היפּשן חלק אין דער איבערקערעניש אין דער משפחה. ביי אים אין הויז איז דאָך דוד איינגעשטאַנען און פאַרכאַפּט געוואָרן מיטן נייעם

שטראָם. רינאַ, אַבעלעס טאָכטער, גרייט זיך אויך אין קומענדיקן יאָר אָנשליסן אין דער הכשרה, און — ווער וויס ? אפשר וועט זי אויך מיט־מאַכן דעם וועג, וואָס דוד האָט זיך פאָרגענומען ?

אויף אַ סטאַנציע נאָענט פון דער הויפּטשטאָט איז אַרויף אַ צייטונגס־פאַרקויפער. איילנדיק האָט ער דערציילט די נייעס־קעפּלעך, וואָס שרייען פון די צייטונגען. צווישן אויפרופן וועגן פערד־געלויף, פוטבאָל־שפּיל און לאַנד־פּאָליטיק האָט ער אויך דערמאָנט די שיף „עקזאָדוס״, באַלאָדן מיט „כודיאָס״, וואָס די ענגלענדער האָבן פאַרטריבן פון די פּאַלעסטינער ברעגן צוריק קיין אייראָפּע. הערשל האָט מיט ציטערנדיקע פינגער אויפגעזוכט די פּאָר מטבעות אין קעשענע און אַ כאַפּ געטאָן די צייטונג — געטאָן עס מיט אומגעדולד ווי עמעצער אַ נאָענטער וואָלט געווען פאַרבונדן מיט די נייעסן. ווי לאַנג נאָך — און זיין איינציקער זון וועט אויסטראָגן אויף זיינע אַקסלען אַ טייל פון יענעם געראַנגל ?

פאַר וואָס האָט ער דווקא אויסגעקליבן אויף זיין ערשטן באַזוך זיין אַמאָליקער שכנה, רייכל ? דער ברוין־געפאַרבטער אויטאָבוס האָט אים אויפגענומען אויף דער רוישנדיקער באַן־סטאַנציע און אים אָפּגעלאָזן אַ פּאָר טריט פון איר וווינונג.

זיין פאַרגעפּיל האָט אים נישט אָפּגענאַרט. אויף דעם פּלאַץ איז שוין נישט געשטאַנען דאָס אַלט־אָפּגעקראָכענע הויז מיטן לאַנגן הויף און די טונקעלע צימערלעך, פון וועלכע עס האָבן זיך געטראָגן קולות אויף יידיש און צעבראָכענעם שפּאַניש, און ריחות פון קרויט און פלייש־בראָטן. איצט איז געשטאַנען פאַר אים דער פראָנט פון אַ פינף־שטאָקיקער געביידע מיט ברייטע און אָפענע באַלקאָנען צו דער גאַס. אַ שטילקייט איז געווען אויסגעגאָסן איבערן בנין און ווען נישט ווען האָט זיך געהערט דער אָפּקלאַנג פון אַ לייכטן שמועס אָדער דאָס וויינען פון אַ קליין קינד. אַלץ האָט אויסגעזען אָפּגעגרענעצט, איינגעשלאָסן אין די פּריוואַטע ציכטיקע דירות.

דער הויזהיטער האָט אים באַלד מדריך געווען זיין וועג. אויפן ער־שטן שטאָק, אין דער וווינונג צו דער גאַס, דאָרט וווינט די סעניאָראַ ראָקעל. יאָ, זיי זענען די בעל־הבתים פונעם הויז, פון ווען אָן ? וואָרט — צוויי יאָר אומגעפער.

רייכל האָט אים אויפגענומען מיט אַ פריידיקן אויסגעשריי, וואָס

איז אייגן דעם דאָרפּישן אופן פון רעדן. זי האָט זיך מיט אים צעקושט און הערשל האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן ביים באַריר מיט דער וואַרעמ־קייט פון איר געזיכט און הויך־פאַרקעמטן קאָפּ האָר. זי האָט אויסגעזען פּוללייביק, אָבער גענוג עלעגאַנט.

— קאַפע אָדער מאַטע? — האָט זי אים געפרעגט.

— אַלץ איינס, ווי דו ווילסט — האָט ער געזאָגט.

— אויב אַזוי איז מאַטע, מאַטע מיט מילך — זי האָט געוווסט, אַז דאָרפס־מענטשן, דער עיקר אין די יידישע קאָלאָניעס, האָבן גערן געהאַט די מאַטע מיט מילך אַנשטאָט וואַסער.

ווען זי האָט זיך אַריינגעשטעלט אין דער ווייס־געפּוצטער קיך, האָט ער באַטראַכט דעם רייך־אויסגעשטאַטן עסזאַל, וואָס איז אויך געווען אַן אויפנעם־זאַל פאַר געסט: העל־געפּאַרבטע מעבל־שטיקער מיט באַ־גילדטע קאַנטן און ווייך־געדעקטע סאָפעס, אויפן מאַרמאָר־דעק פונעם קאָמאָד — אַ גרויס בילד: רייכל, איר מאַן און צוויי קינדער. „אַן אָפּגע־קראָכענער לעכער־שלייפער" — האָט הערשל אין זיך געחוזקט. איר מאַן איז געווען פאַרעלטערט, מיט אַ פולן פליך און אויסגעשטעלטע אויגן — אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, מיט אַ סך געלט.

זיי האָבן געטרונקען און צוגעביסן. הערשל האָט, ווי אַ פרעמדער, באַטראַכט דעם אַרום, און דאָס האָט איר, זעט אויס, געשטערט. זי האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער קאָלאָניע, נאָכ־געפרעגט אויף די עלטערע לייט, ווער עס איז נאָך פאַרבליבן. הערשל האָט אויסגעמיטן צו דערציילן וועגן זיך און וועגן דער פאַמיליע.

מיט אַ מאָל איז זי אויפגעשטאַנען און געזאָגט: „וואַרט נאָר אַ ווײַלע". זי איז צוגעגאַנגען צו אַ ביכער־שראַנק, געזוכט איילנדיק צווישן צייטונגען און זשורנאַלן און דערביי אונטערגעברומט: „דאָ האָב איך עס געזען, ערשט נעכטן געזען" און באַלד האָט זי אים צוגעטראָגן אַ קליינעם זשורנאַל מיט גרויסע אותיות „פעלד־רוף".

— ווי דו זעסט, הערשל, זיצן מיר דאָ נישט מיט לײדיקע הענט — האָט זי געבלעטערט פאַר אים די צייטונג און מיט דער פרייער האַנט זיך אָנגעשפאַרט אין אים — מיר האָבן נישט פאַרגעסן, וואָס מיר זענען געווען. שווער צו פאַרגעסן, הערשל...

— צו וועמען איז דער „רוף" געווענדט, אויב מען קען וויסן? — עס האָט זיך געפילט אַ טאָן פון חוזק אין זיינע רייד.

— קודם כל, צו אונדז אַליין. נאָך לאַנגע יאָרן זיצן אין שטאָט, פילן מיר דאָך נישט קיין גלייכגילטיקייט צום גורל פון דער קאָלאָניע. דו זעסט דאָך, נאַ לייען, דאָס איז אַ שריפט, אַרויסגעגעבן פון שטאָטישן אַגראַר־צענטער.

— פון שטאָטישן אַגראַר־צענטער? מיט וואָס עסט מען דאָס? וויפל העקטאַר באַדן באַאַרבעט איר און וויפל קי מעלקט איר?

— לאַך נישט, הערשל, עס קען זיך, אַז דער אינהאַלט פון אָט דער צייטונג פאַסט זיך נישט מיטן לוקסוס פון אונדזערע היימען. אָבער מיר האָבן די קאָלאָניע פאָרט נישט פאַרגעסן און מיר ברענגען אַרויס אויפן פּאַפּיר אונדזער בענקשאַפט און אונדזער זאָרג פאַרן גורל פון דער קאָ־לאָניע, איז דאָס טריף?

— טריף? זיכער נישט, אָבער מיט וואָס זענט איר אַן „אַגראַר־צענטער אין שטאָט"?

— צו אונדזער באַדויערן פאַרגרעסערט זיך די „קאָלאָניע" פון געוועזענע אין שטאָט. נישט אַלע זענען צופרידן מיט דער נייער לאַגע, נישט אַלע האָבן זיך איינגעאָרדנט. נישט אַלע פאַסן זיך צו געזעלשאַפטלעך. דו ווייסט דאָך, דער קאָלאָניע־מענטש איז אַ שווערער פּאַסאַזשיר און עס דויערט יאָרן ביז ער געפינט זיין ריכטיקן פּלאַץ. דערווייל טוליעט מען זיך איינער צום צווייטן, מען העלפט זיך אַרויס, מען טרעפט זיך און מען פירט צוזאַמען אַ טעטיקייט.

— צום ביישפּיל? — האָט הערשל נישט נאָכגעלאָזן.

— אָט, מען זאַמלט זכרונות און מען פּלאַנט אַרויסצוגעבן אַ בוך וועגן אונדזער קאָלאָניע. עס איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ צענטער פון געוועזענע קאָלאָניסטישע זין.

— אַ מין לאַנדסלייט־פאַראיין...

— רוף עס אַזוי. מען אָרדנט איין באַלן און פּיקניקן. מען טראַכט אַפילו וועגן אַ פּלאַן צו שאַפן אַ גרויסן פילם וועגן דער קאָלאָניע.

— אָבער צו וואָס דער נאָמען „אַגראַר־צענטער"?

— צווישן אונדז זענען פאַראַן עטלעכע, וואָס האָבן בדעה ווען עס איז זיך צוריקקערן אין „קאַמפּ". לאַך נישט, עס זענען דאָ עטלעכע. צוליב

זיי האָבן מיר אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל. מיר האָפן, אַז ער וועט דערגיין צו אַנדערע און עס וועט מיט דער צייט אויסוואַקסן אַ באַוועגונג. ווער עס וועט קויפן באָדן, ווער עס וועט זיך איינשאַפן אַ „קינטע" (קליינע פאַרם) לעבן דער שטאָט. דער עיקר — זיך האַלטן צוזאַמען.

און נאָך אַ ווײַלע האָט זי צוגעגעבן:

— אַ גוטער געדאַנק! ביי דער געלעגנהייט, וואָס דו ביסט אַהער־געקומען, וועל איך זיך שטעלן טעלעפאָניש אין פאַרבינדונג מיט דער אַקטיווער גרופּע און זיי איינלאַדן אויף היינט אין אָוונט צו אונדז. דו וועסט אָפּגעבן אַ גרוס פון פעלד און מיר וועלן שמועסן וועגן אונדזערע פּלענער. וואַרט, איך וועל אויך אָנקלינגען צו אַבעלען, צו דייך שוועס־טער. האָסט זי נאָך נישט געזען? וועסט איר דאָ טרעפן. אויך דעם שריי־בער ליפּאָווין וועל איך איינלאַדן. קענסט אים נישט? ער האָט אויף זיך גענומען צו זיין דער רעדאַקטאָר פונעם זכרונות־בוך...

הערשל האָט געפילט אַ מין איבל אין גאַנצן קערפּער און אַ מידקייט, ווי פון אַ לעבער־אַטאַקע. אַ לייכטער שוויס האָט אַ שפּאַר געטאָן אויפן רוקן. אַרויסקריגן זיך פון דאַנען, און וואָס שנעלער!...

— איך מוז גיין — האָט ער זיך אויפגעשטעלט — איך ווייס נישט, צי איך וועל קענען קומען אַהער אין אָוונט. איך פאָר איצט אויסער דער שטאָט, צו די „היימען". צום „מושב־זקנים".

— מושב־זקנים, צו וואָס? האָסטו דאָרט עמעצן, אַ באַקאַנטן?

— דערווייל נאָך נישט, רייכל, אָבער אין גיכן יאָ, דער טאַטע...

זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט און געקוקט אויף אים מיט שטוינונג.

— סאַראַ מאָדנע צעמישטע וועלט — האָט זי געשעפּטשעט.

— אַ מאָדנע צעמישטע וועלט. איר זיצט דאָ אין שטאָט און כאַפּט זיך אָן אין אילוזיעס וועגן אומקערן זיך אין פעלד אַריין. נאַרישקייטן! דאָס ווילט איר באַרויִקן אייער געוויסן. און מיין טאַטע, דער ריטער פון די „זיבן פיילן", גייט אין מושב־זקנים...

ער האָט אַ טראָט געטאָן צו דער טיר, זיך צוריקגעקערט און איר גע־געבן די האַנט צום געזעגענען זיך. מער האָט ער נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. נישט וועגן זיך וועט ער דערציילן, נישט וועגן רבקהן און וועגן דודן. אפשר ווייסט זי שוין, ווי עס האַלט מיט אים, און אויב נישט, צו וואָס עפענען איצט דאָס האַרץ פאַר איר?

זי האָט אָנגענומען זיינע בײדע הענט און אירע אויגן האָבן ווייך געשמייכלט. דאָס איז געווען אַ שטומע טרייסט אין זיין פאַרווירונג. עס האָט אים געצויגן איר פריש פּנים און דער שמעקנדיקער קוביליק האָר, וואָס איז געווען פאַרנומען ווי אַ טורעמל, באַזעצט מיט פינקלדיקע שפּיל־קעס. ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך און זי לאַנג געקושט. דאָס איז געווען אַ מין דראַנג זיך אַרויסצוקריגן פון זיין איינזאַמקייט אין דער סביבה פון העלן לוקסוס. די פרעמדקייט האָט אים געריגט צו אַ נקמה־געפיל, נישט קעגן רייכלען, וואָס איז אַליין ווי אַ פרעמד געוויקס אין אָט דער סביבה — דאָס איז געווען אַ שטילע נקמה קעגן עמעצן אַנדערש, קעגן דער, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן אים אַרויסגעפירט פון זיין אויסגע־וואַרעמטער נאָרע.

ער האָט צוגעפּרעסט די אויגן, נישט צו זען דאָס משפחה־בילד אויפן קאַמאָד. אָבער ווען ער האָט זיך איינגעהילט אין פינצטערניש, האָט ער פון דער ווייטנס דערזען דאָס קליינע פלעמל, וואָס האָט צו אים גע־ווונקען...

רייכל האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר. ער האָט געזען ווי אויף אירע לאַנגע וויִעס איבער די גרויסע אויגן הענגען צוויי טרערן־טראָפּנס און זיי פאַלן נישט אַראָפּ, זיי הענגען ווי דורך אַ ווונדער...

אַכצנטער קאַפּיטל

# צווישן צוויי טויערן

דער רעגן האָט פון צייט צו צייט זיך אַ לאָז געטאָן איבער די פעלדער. ער האָט זיך פאַרמאָסטן מיטן ווינט, וואָס האָט אויסגענוצט די פויזעס און צוגעטריקנט די קאָרע פון דער ערד, אָפּגעשאַרט בלייענע כמאַרעס און אויפגעדעקט פאַסן לויטערן הימל.

הערשל האָט זיך היינט פאַרנומען דורכצופירן אַ פּריוויליקע שליחות. קיינער האָט אים נישט געבעטן און קיינער האָט אים נישט געשיקט — ער האָט עס געטאָן פאַר זיך אַליין.

ער איז געפאָרן מיט דער אורבאַנישער באַן אין אַ נאָענטן שטעטל. אין די פּאָר טעג פון זיין אַרומדרייען זיך אין שטאָט, נישט האָבנדיק פאַר זיך דעם קלאָרן אויסקוק וועגן פריַער און שפּעטער, האָט ער מקיים געווען די מצווה פון אָפּשטאָטן פאַמיליע־וויזיטן.

ביים אויסשטייגן אויף דער פּראָווינציעלער סטאַנציע האָט דער רעגן אויפגעהערט און הערשל איז די עטלעכע הונדערט מעטער איבער־געלאָפן אין איילעניש.

דער אָפּגעוואַשענער שמאָלער זייטיקער שאָסיי האָט אים געפירט צום מושב־זקנים. ביז איצט איז אים קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו באַזוכן דעם אַנשטאַלט. געקענט האָט ער אים פון די באַזוכן פונעם רייזנדן אינקאַסענט. פון אים האָט מען געהערט, אַז מען האָט דעם אַנשטאַלט איבערגעפירט פון שטאָטישן האַרמידער צו אַ שטיל אָרט, צווישן גערט־נער און וועלדלעך. יעדעס מאָל, פאַרן אַרויספאָרן פונעם רייזנדן שליח איבער דער פּראָווינץ איינצוזאַמלען די יערלעכע אָפּצאָלונגען, פלעגט די פאַרוואַלטונג אָפּדרוקן אין די טעגלעכע צייטונגען ווענדונגען, אַז מען זאָל נישט פאַרגעסן די „הייליקע פליכט צום זקן און צום יתום״.

וואָס האָט אים געפּירט אַהער? פאַר וואָס האָט ער דווקא געוואָלט פאַרענדיקן זיין איצטיקן באַזוך אין שטאָט מיט אַ בליק אויף דער סטאַנציע, ווו דער טאַטע נעמט זיך פאַר צו פאַרענדיקן זיינע טעג נאָכן עקשנותדיקן קלאַמערן זיך אין דער ערד? הערשל איז איצט געשטאַנען ביים גרויסן אָפענעם טויער צום פּאַרק. דער פּאַרק איז געווען דורכגעשניטן מיט ברוינע שטעגעלעך און באַזעצט מיט אויסגעוואַשענע ביימער. דער ערשטער בליק אויף דער גרינקייט האָבן אים געבראַכט צו אַ מאָדנער אַנטוישונג. ער האָט זיך געוואָלט פאָרשטעלן דעם אַנשטאַלט אַזוי, אַז ער זאָל אין אים אויפוועקן רחמנות־געפילן פאַרן גורל פונעם פאָטער. ער האָט אפשר דערוואַרט צו זען פאַר זיך אַלטע הייזער, צעלעכערטע ווענט, מיסט־קופּעס אין די הויפן — אַלץ כדי צו באַשווערן זיין האַרץ און אים אָנרעגן נישט צו דערלאָזן, אַז דער טאַטע זאָל דורכפירן זיין באַשלוס, און איצט האָט ער דערזען רחבותדיקע פּאַרקן און רויטלעכע דעכער צווישן די ביימער־שפּיצן.

שטייענדיק ביים אָפענעם טויער האָט ער אין אַ מאָמענט אַ טראַכט געטאָן, אַז דער אויסערלעכער אויסזען איז געווען צו שאַפן זיך אַ באַגריף וועגן דעם אַנשטאַלט. ער קען דאָך דעם טאַטן, און ער ווייס, אַז טראָץ זיינע איבער אַכציק יאָר, וועט ער נאָך איינבייגן דעם רוקן און מיט דער סאַפּקע אָדער גראַבליע ווידער זיך באַהעפטן מיט דער ערד.

הערשל האָט פאַר זיך אַ פּאָר מאָל איבערגעחזרט די ווערטער, וואָס ער האָט געדאַרפט אַרויסברענגען ביים פאָרשטעלן זיך אין ביוראָ, אַז די שפּראַך זיינע זאָל נישט אויסזען פרעמד־פּראָווינציאָנעל און נישט דערוועקן קיין ביטול־באַציִונג.

דער פאַרוואַלטער האָט אים אויפגענומען מיט אויפריכטיקער פריינדלעכקייט. ווען ער האָט דערהערט דעם נאָמען פונעם גאַסט און די קאָלאָניע פון וואַנען ער קומט, איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין שרייבטיש און אַנטקעגנגעטראָגן הערשלען אַ זאַפטיק־ליטווישן שלום־עליכם. ער האָט אים מגלה געווען, אַז ער ווייס וועגן וועמען און וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. דער נאָמען פון ניאָמע ליפמאַן איז פאַרשריבן אין אַ ספּעציעלער רובריק פון די מיטהעלפער און דערצו נאָך איז ער אַליין, דער פאַרוואַלטער — סאַראַ מאָדנער צופאַל — פון אַ קליין דערפל נישט ווייט פון מיכאַלאָווקע. צי געדענקט ער, סעניאָר, דעם טראַקט, וואָס האָט גע־

פירט צו דער קרייזשטאָט? ער אַליין איז יונגערהייט פון דאָרט אַוועק, אָבער געדענקען געדענקט זיך יעדע נאַרישקייט פון די קינדער־יאָרן... וואָס טרינקט דער הער, קאַפּע?

דער פּאַרוואַלטער האָט אָפּגעשטעלט זיין אַרבעט, געגעבן אַ פּאָר אָנווייזונגען דער בלאָנדער מיידל מיטן פאַרשפּיצטן נעזל און בלויע אויגן. זי האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן מיט דער מאַשין, נישט צו שטערן דעם שמועס צווישן די מענער. ער האָט איינגעלאַדן הערשלען אין אַ זייטיקן קאַבינעט. טרינקענדיק די שוואַרצע קאַווע, האָט ער זיך אָפּגערופן צו הערשלען:

— איר וועט זען, סעניאָר, איר וועט זיך איבערצייגן, אַז אויך דאָ קען דער מענטש זיך פילן נוצלעך און גאַנץ מיט זיך אַליין. דער פאַקט, וואָס יעדער איינער קומט אַהער שוין אַ באַלאַדענער מיט אַ היפּשן באַ־גאַזש פון אַנטוישונגען, העלפט מיט דאָס איינבירגערן זיך אין דער מלוכה פון שאָטנס. איך וואָלט אַפילו געזאָגט, אַז דאָס איז אַ גן־עדן אָן דער סכנה אַרויסגעטריבן צו ווערן פון אים. אַלע האָבן דאָך שוין פאַר־זוכט די ביטערע פרוכט פון עץ־הדעת...

די שמייכלדיקע אויגן פונעם פאַרוואַלטער האָבן געקוואַלט מיט לעַ־בנס־חכמה. זיי האָבן דאָך געזען פאַר זיך אַ לעבעדיקע גאַלעריע זקנים, וואָס יעדער פאַר זיך איז אַ בוך, אַן אָפן בוך אָדער אַ פאַרשלאָסן בוך, אָבער די פאַרגעלטע בלעטער זענען פול מיט חכמה.

— וועלכער טיפּ זקן איז דאָ דער אָפּטסטער? איך מיין לויט געזעל־שאַפטלעכן שטאַנד. איר פאַרשטייט מיך?

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי! באַלד וועלן מיר אַרויס און מאַכן אַ שפּאַציר צווישן די קאָרידאָרן און צימערן. אַ שאָד וואָס דאָס וועטער דערלויבט זיי נישט צו „כאַפּן" ביים וואַרעמען זיך אויף דער זון; דאָרט בינדט זיך אויף די צונג. אָבער סיי ווי רעדן זיי אַליין, זיי רעדן זיך אַראָפּ פונעם האַרצן.

— יאָ, וועגן אייער פראַגע — פון אַלע שטאַנדן און קלאַסן. פריי־וויליק אַראָפּגעקומענע, ווי אין אַ נייער שטענדיקער דירה, און אויך אַזעלכע, וואָס זענען כמעט מיט גוואַלד אַהער געבראַכט געוואָרן. אויך פון „אייערע", פון די קאָלאָניעס, איז פאַראַן אַ היפּשער פּראָצענט. איר וועט זיי דאָ טרעפן כמעט אין אַלע זאַלן און צימערן.

— האָ, האָ! — האָט הערשל מיט געמאַכטער פאַרוווּנדערונג אויס־גערופן.

— עס איז פאַראַן אַ טיפּ, וואָס קען זיך נישט שענקען זיין זיצן דאָ, פונקט ווי מען וואָלט „דאָרט", אויף דער פריי, ביי אים צוגערויבט דעם פאַרמעגן און אים נאָך דערצו פאַרשעמט פאַר לייטן. דאָס זענען פּשוטע לייט פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָבן זייער לעבן דאָ, אין נייעם לאַנד, אַוועק־געגעבן אויף פּרנסה און דער העכסטער ציל ביי זיי איז געווען די קינדער זאָלן לערנען און זיך דערשלאָגן צו אַ דיפּלאָם. די קינדער האָבן דורך דער פּראָפעסיע, אַ דאָקטער אָדער אַדוואָקאַט, זיך איינגעשאַפּט אַ פּאָ־זיציע און קאָקעטירן צו דער פרעמדער גויִישער געזעלשאַפט. ניי מעבל, נייע פּירונגען. די שפּראַך — שפּאַניש. ווי קען מען האַלטן דעם צוריק־געשטאַנענעם טאַטן אָדער דער מאַמען אין אַזאַ געהויבענער געזעלשאַפט? און אָפט זענען דאָך די שנור אָדער דער איידעם גויִים. וואָס בלייבט צו טאָן? מען צאָלט איין אין די „היימען" מיט דער ברייטער האַנט און מען „פאַרזאָרגט" די אַלטע לייט ביז הונדערט און צוואַנציק. וואָס אָן אמת, עס פעלט זיי גאָרנישט. אָבער זיי טראָגן זיך אַרום מיטן געפיל, אַז זיי זענען איבעריק. דאָס לאָזט זיך שטאַרק פילן אין זייערע באַציִונגען מיטן אַרום.

„און מיין טאַטע, צו וועלכן שטאַנד געהער ער"?

— עס זענען אָבער פאַראַן אַזעלכע אַלטע־לייט, און צווישן זיי פאַר־פעלקער, וואָס נעמען אויף די נייע לאַגע זייערע מיט רויִקייט, ווי אַ נאַ־טירלעכן שטאַפּל אינעם לעבן. עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס ברענגען אַריין אַ געזונטן הומאָר אין דער נייער סביבה. דער פאַקט, וואָס זיי האָבן דעם וועג אַליין אויסגעקליבן און אַפילו פאַרויס באַצאָלט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר...

„אָט דאָס איז דער וועג פון מיין טאַטן, אָבער אָן הומאָר, פאַרשטייט זיך".

הערשל האָט געוווּסט, אַז וואָס מען וועט אים דאָ נישט פאַרשטעלן און ווייזן, וועט ער עס באַלד פאַרבינדן אין געדאַנק מיטן טאַטנס זיין אין אָט דעם אַנשטאַלט. טייל מאָל האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער דרייט זיך אַרום אין אַ סביבה, וואָס איז ממש אויסגעווײלט פאַרן טאַטן

ווי זיין נייע היים. איז דאָס געווען אַ מין איבערבעטן זיך מיט דער נייער לאַגע ?

שוין אין ערשטן אַפּרוזאַל האָט הערשל איינגעזאַפּט דעם אָטעם פון אָפּגעלעבטקייט. אַנצייניקע ווייבער האָבן געהאַלטן שטריק־נאָדלען אין די פּאַרמעט־געדונצלטע הענט און אַרונטערגעלאָזן זייטיק דעם קאָפּ, ווי אין אַ זיסן דרימל, וואָס האָט זיי באַזיגט אין דער אַנגעוואָרעמטער לופט. אַ נידעריקער באַברילטער זקן איז געזעסן פּאַרזונקען אין ווייכן פּאָטעל, געפירט מיט אַ געלן פינגער איבער די שורות פון אַ בוך און געלייענט אויפן קול. דאָס איז אָבער געווען אַ פּאַרלייענען פאַר זיך, אַן דעם מינד־סטן אָפּרוף פון זיינע אַרומיקע מיטמענטשן. ווען הערשל איז פּאַרביי מיטן פּאַרוואַלטער און אויפן קול באַגריסט די זקנים, האָט אַן אַלטיטשקע, אַן איינגעוויקלטע אין אַ טונקעלער קעסטלדיקער פּאַטשיילע, זיך אַ הייב געטאָן פון פּלאַץ און אַרויסגעפּרעפּלט מיט אַ ליטווישן אַקצענט :

— זשעט נאָר, זשעט. שאַראַ יונגער מענץ. מישטאָמע געקומען דעם טאַטן אין טפּישע אַריינטשימבלען... קליין איז זשיי די וועלט... אוי, אַ וועלט !

די אַלטיטשקע האָט אים דערמאָנט די באַביצקע אין דער קאָלאָניע פון די „ליטוואַקעס" די ניינציק־יעריקע רעזשניצקע, אַ ליכטיקן גן־עדן איר. זי פלעג זיצן אין יענע גוטע יאָרן ביים טיר פון ליימענעם שטיבל און נישט לאָזן דורכגייך קיינעם אָן צו פּאַרטשעפּען : „אַ חתינקע אין שטעטל, האַ, האָסט זיך איינגעהאַנדלט, אַ, מינקעלע, שמערעלע ! וואָס, ביסט נישט שמערעלע ? אָבער האָפּקען אויף דער חתינקע וועסטו דאָך !" דער ברוינהויטיקער מענדל, דעם טאַטנס קרוב מיט די ברענענדיקע אויגן, איז דאָך תמיד געווען איר „קאַוואַליר" אויף אויסצוטאַנצן דעם פלינקן „קאַזאַטשאָק". ווי ענלעך איז אָט די אַלטינקע צו יענער באַ־ביצקע וואָס פלעגט מעסטן מיט אירע אַלטע אויגן יעדן דורכגייער אויף די בלאָטיקע שטעגלעך פון דער קאָלאָניע !

הערשל האָט צוגעוואָרפן דער אַלטער אַנגרייפערין אַ וואַרעמען שמייכל און געפרעגט „פון וואַנען, באַביצקע ?". זי האָט קענטיק נישט געריכט זיך אויף אַזאַ וואַרעמקייט און אָנגעהויבן פּרעפּלען מיט דער צונג. דער פּאַרטנער אירער ביי דער זייט, וואָס האָט כמעט זיך אַרונטערגערוקט אונטער דער צעשפּרייטער צייטונג, האָט אַרויסגעהויבן זיין בליק און

דערביי צוגעהאַלטן מיטן ווייזפינגער אויף דער שורה, ווו ער האָט גע־האַלטן אין לייענען. אַזוי ווי ער איז שוין במילא געשטערט געוואָרן, האָט ער די ברילן מיט די דינע ניקעלנע ראַמען אַראָפּגעצויגן נידעריקער אויפן שפּיץ נאָז:

— זי איז... מיר בײדע קומען פון דער קאָלאָניע מ. איר האָט גע־הערט וועגן איר?

הערשל האָט געהערט וועגן דער קאָלאָניע. זי איז געווען כמעט פון די ערשטע.

— נישט נאָר דאָס. זיך נאָר אַ ווילע, בחורל — האָט ער פאַמיליאַר אים צוגערופן — נישט נאָר זכות ראשונים אַליין. מיר האָבן זיך קונה שם געווען מיט דעם, וואָס די גאָוטשאָס פון דער סביבה האָבן פאַר אונדז געציטערט. דער נאָמען אַליין פון דער קאָלאָניע האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ שרעק. מיר האָבן געוווסט זיי צו רייבן אַ מאָרדע. איר גלייבט נישט? נו, טאָקע אין אַנדערע קאָלאָניעס האָט מען דאָך געשניטן און געשענדעט, און די פּאָליציי האָט שטענדיק פאַרשפּעטיקט. ביי אונדז איז דאָס נישט געווען נייטיק... פאַר איין אויג — אַ גאַנצן פּונדיק!

— מייך נישט, בחורל, אַז נאָר די גויִים אַליין האָבן פאַר אונדז גע־ציטערט. אויך די יידישע קאָלאָניעס אַרום האָבן געוווסט, אַז מיט מ. איז נישט כדאַי אָנצוהייבן. צי האָסטו אַ סיגאַרעטל? רויכערסט נישט? ס׳מוז דיר זיין סקוצנע, ניין? — דער פאַרוואַלטער האָט צוגעטראָגן דעם אַלטן אַ ציגאַרעט און געוואָלט אים אָנצינדן.

— טע, טע! — האָט דער אַלטער געסמאָטשקעט מיט די אָנצייניקע יאַסלעס — נישט נייטיק, סעניאָר, פייער קען איך אַליין אָנרייבן. איז וועגן וואָס האָבן מיר געשמועסט...

— לאָזש אָפּ מיט דעם רעכילעש, דוד, — האָט די אַלטע אַ פּאַכע גע־טאָן מיט דער האַנט, ווי אים איינצוהאַלטן פון אויפבינדן די צונג.

— וואָס הייסט רכילות? דעם אמת! אַ, וואָס? יאָ, ביסט פאַרהייראַט? און קינדער, פאַראַן? טאַ, וואָזשע לאָזטו זיך דוצן? אַ נכפּה אויף מיינע צעלאָזענע ליפּן, ווי צוויי „פּאַטרעס״ (ווילדע פערד)... צי האָט איר אַ מאָל געזען אַ קאָלאָניע אויף אייער לעבן? האַ? מען לעבט אַ לעבן אין שטאָט און אַפילו אויף ציקאָוועס פאָרט מען נישט אַרויס זען אַ יידישן דאָרף.

— ר׳ דוד, דער יונגער־מאַן איז אַליין פון די קאָלאָניעס, פון „די זיבן פּיילן״ — האָט דער פּאַרוואַלטער געשמייכלט.

— אָוואָ! אַ נאַש־בראַט — איז דער אַלטער אַריין אין התפּעלות — אויב אַזוי, וועט איר דאָך פאַרשטיין כפליים מיינע רייד... נו, איז ווו האָבן מיר געהאַלטן? מאַכט זיך, אַז די שכנישע קאָלאָניע, וואָס האָט געהאַט אַן אויג אויף אונדז און געזוכט אַראָפּצורייסן אונדזער כבוד, האָט זיך פאַרגלוסט אַראָפּברענגען אַ שוחט, וואָס זאָל נאָר זיי באַדינען, און נישט אַלע נאָענטע גרופּעס, ווי עס האָט זיך פריִער געפירט. וואָס, מיינט איר, האָבן מיר געטאָן? מיר האָבן דעם „העכט״ אַליין, דעם שוחט, פאַר־כאַפּט נאָך אין וועג, אים אַריינגעזעצט אויף עטלעכע וואָכן אין אַ צימער ביי אונדז אין קאָלאָניע — און שניד, מאָטיע! שנייד, גערגעלעך, שנייד! ס׳האָט געהאָלפן ברודערל, און נאָך ווי! ער האָט זיך „מאַנסירט״, ווי אַ ווילד פערדל...

— און נישט נאָר דאָס אַליין. ביי אונדז אין קאָלאָניע איז נישט געווען קיין גויִישער טשינאָווניק. די לערער — אַלע יידישע. די פּאָסט — אין יידישע הענט. אַפילו דער פּאָליציי־קאָמיסאַרל אין שטעטל איז געווען אַ ייד. נו, פאַרשטייט זיך, אַז ווי עס פירט זיך דער סדר־עולם, מען האָט זיך אָפּגעטראָגן אויף יענער וועלט, און כדי צו פאַרריכטן דעם היזק, האָבן אַנדערע אָפּגעאַרבעט... וואָס מיינט איר האָבן מיר געטאָן? מיר האָבן געפירט אַ בוך אין קאָלאָניע, איינגעשריבן די ערשט־געבוירענע און די, וואָס זענען אַוועק פון גאָטס וועלטל. געפירט האָבן מיר די בוכ־האַלטעריע אויף יידיש. טאַקע אויף פּראָסט עברי־טייטש. די העכערע נאַטשאַלניקעס האָבן עס אָנגענומען פאַר גוט געלט און זיך גערעכנט מיט דעם פאַרשריבענעם.

— נו, וועט איר דאָך פרעגן: אויב עס איז געווען אַזוי גוט, טאָ פאַר וואָס איז טאַקע אַזוי ביטער? נו, עס איז נישט געווען אַזוי גוט דעמאָלט און עס איז נישט אַזוי שלעכט איצט... וואָס פעלט אונדז דען? זאָגט איר אַליין, סעניאָר כערענטע (פאַרוואַלטער).

זיי האָבן זיך צעזעגנט מיטן ציכטיק־אָפּגעהיטן פאַרפאַלק, זי האָט ווייטער געשטריקט דעם גרוי־וואָלענעם זאָק און ער האָט מיטן טרוקענעם ווייזפינגער ווידער אַ מאָל געזוכט צווישן די שוואַרצע שורות פון די וועלט־נייעס.

הערשל און דער פאַרוואַלטער זענען איצט גענאַנגען איבער די פאַר־שידענע אָפּטיילונגען פון גרויסן אַנשטאַלט, ווו הונדערטער זקנים האָבן געוואַרט אויף די קומענדיקע שעהען און נישט געציילט מער די פאַר־גאַנגענע יאָרן. דאָס איז געווען אַ שפּאַציר איבער די לאַבירינטן, ווו אַלץ שטראָמט לאַנגזאַם לויט דער באַוועגונגס־פעיִקייט פון די העלדן.

הערשל האָט געזען אַזעלכע אַזילירטע, וואָס האָבן נאָך געהאַט די זעלישע און פיזישע מעגלעכקייט צו „פאַרטשעפּען" אַ פּאָר שעה אין טאָג ביי אַרבעטן, וואָס האָבן זיי געגעבן אויסדויער און אינהאַלט. אַפילו אַמביציעס האָבן ביי געוויסע פון זיי נאָך געשפּראָצט. ווייטער האָט דער שטעג געפירט צו אַ מער נידעריקן שטאַפּל, ווו קילע שאָטנס האָבן זיך גע־צייכנט אויף די ווענט, ווו יעדער שריט פון די אַלטע לייט איז אָנגעלענט אויפן חסד פון אַנדערע, פון יינגערע וואָס באַקומען געצאָלט פאַר דעם. דאָס זענען געווען בינטלעך צוזאַמענגעלייגטע ביינער, איינגעוויקלטע אין פאַרמעט־הויט. יעדער זונשטראַל, וואָס האָט אַריינגעדרונגען פון נאָסן דרויסן, איז געווען אַ גילדערנע מתנה פון יענער זייט, ווו מ'האָט עפּעס איבערגעלאָזן, פאַרלוירן אין וועג אין אייביקן גאַנג.

— דאָ זענען מיר אָנגעקומען כמעט אויפן שוועל פון דער לעצטער סטאַנציע — האָט דער גוטמוטיקער פאַרוואַלטער זיך אָפּגערופן, ווען זיי האָבן דורכגעקריצט אַ שמאָלן קאָרידאָר און אַריין אין אַ ריי צימער־לעך, פון וועלכע עס האָט געשלאָגן אַ וואַרעמקייט פון מעכאַנישער היי־צונג און אַ גערוך פון קערפּערס, צוגעשמידטע צום שטענדיקן געלע־גער — פון אָט דער סטאַנציע גייט מען שוין נישט אַרויס, פון דאַנען טראָגט מען דעם מענטש אַוועק אין זייַן לעצטן וועג... זיי ווייסן עס. די לייט, זיי האָבן דאָך בדרך־כלל דורכגעמאַכט, דאָ אויפן פּלאַץ, דעם דורכ־גאַנג פון טויער צו טויער...

הערשל האָט באַטראַכט די פּאָר צימערן, ווו די אַלטע לייט זענען געלעגן כמעט אומבאַוועגלעך. פאַר זיי האָט שוין דאָס וועטער נישט גע־האַט קיין באַדייטונג און אויך די צייט איז נישט געווען געפּענטעט צו פליכטן און עמאָציעס.

ווי נעמען אויף דער זקן און די זקנה זייער דורכשפּאַנען דעם שטח צווישן טויער און טויער? אין דער דרויסנדיקער וועלט איז נישט פאַראַן קיין קלאָר אָנגעצייכנטע גרענעץ צווישן אָפּגעלעבטע תקופות. דערפאַר

פילט מען נישט די לאַסט פון איבערגאַנג. מען פילט עס לויט די קאָנ־פליקטן מיט זיך, מיט דער משפחה און מיט דער געזעלשאַפט. דאָ, לויט זיין אָנשפּאַר, ווערט דער מענטש געטראָגן פון שטח צו שטח, פון טויער צו טויער — סעלעקציאָנירט און אויסגעלייגט אויפן באַשטימטן פּלאַץ, ביז דער שטח ענדיקט זיך אונטער די פיס, און דאָס לעצטע טויער עפנט זיך.

אַ שמאָל וועגל האָט זיך געפונען לעבן אָט דעם פּאַוויליאָן און אַ קליין נאָדל־וועלדל. פון דאָרט האָבן געדעמפּטע קולות פון קינדער און האַמערקלעפּ זיך געטראָגן אינעם נאָסן חלל און צעשלאָגן די שטילקייט פון דער זייט פּאַרק. דאָס איז געווען די אָפּטיילונג פון די יתומים.

פאַר וואָס האָט מען געדאַרפט אַריינגעמען אונטער איין דאַך אַזעלכע צוויי קאָנטראַסטן: זיך אויסלעשנדיקע לעבנס און קינדער? צי איז דאָס געווען אַ מין סימבאָל פאַרן מענטשלעכן לעבן, וואָס באַנייט זיך ווי די תקופות פון יאָר? אָט, איין רייף לאָזט זיך נאָך און אַ צווייטע כאַפּט זיך אַרויף און די פּאָס איז שטענדיק גאַנץ. הערשל האָט געוואָלט פרעגן וועגן דעם זיין באַגלייטער. אָבער אין דעם מאָמענט איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט און באַטראַכט די צוויי לייט אויפן שמאָלן טראָטואַר. אַ לייכט רעגנדל האָט נאָך געטריפט פון די שטיקער כמאַרעס און די ערד האָט אַרויסגעגעבן אַ דינע פּאַרע, וואָס די נאָר וואָס אַנטלאָפענע זון האָט אויסגעזויגן.

דער אַלטער מאַן איז געווען אָנגעטאָן אין אַ צעראַטע־אָנצוג, כדי זיך צו באַשיצן פון דער נעץ און ער האָט אויסגעזען ווי אַן אָנגעדראָלע־נער גולם פון דער בינע אַראָפּ. די לאַנג־פאַרדרייטע וואָנצעס, ווי ווייסע שטיקער דראָט, האָבן געפינקלט מיט רעגנטראָפּנס, וואָס זענען געהאָנגען עקשנותדיק און נישט אַראָפּגעפאַלן. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קליין קיישעלע, און דער צווייטער — אַ שטעקן מיט אַ טשוואָק ביים עק. ער איז אומגעגאַנגען ביי די וועגעלעך און מיטן טשוואָק, ווי אַ גע־ניטער פישער איינגעשטאָכן אין די זיך וואַלגערנדיקע פּאַפּירן צווישן די בלומען און קוסטן און דערנאָך זיי אַראָפּגעדריקט מיט די ציטערנ־דיקע קאַלטע פינגער אין געפלאָכטענעם קיישל אַראָפּ. ער האָט זיי באַגריסט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ און דערביי אַרויסגעברומט אַ שפּרוך, וועלכן ער האָט, זעט אויס, שטענדיק גרייט געהאַט אויף דער צונג.

— חזירים! חזירים, נישט קיין מענטשן... יעדן טאָג די זעלבע מעשה... פוי!

און באַלד זיך דערנענטערט צו הערשלען, אים באַטראַכט אַ מינוט און געפרעגט:

— אַ ציגאַרעט האָט איר, יונגער־מאַן? מעג זיין אַ שוואַרצער. איך בין נישט קיין פיינשמעקער. אין קאַמפּ פלעג איך פשוט פאַרדרייען שוואַרצן טאַבאַק מיט פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, און טאָמער האָט אויסגעפעלט — אויך מיט צייטונגס־פּאַפּיר... וואָס, איר רויכערט נישט? אַ שאָד... אַ ציגאַרעט פאַרטרייבט די איינזאַמקייט.

דער פּאַרוואַלטער האָט שמייכלנדיק אַרויסגעצויגן דאָס פּעקל ציגאַרעטן און אים צוגעטיילט. נאָך דעם האָט ער אים ווי געוואָרנט:

— נישט אין רעגן, ר׳ זאַנוול, נישט אין רעגן... היט אָפּ אייערע אַלטע טעג...

דער מאַן האָט אַ שמייכל געטאָן און די צעראַטענע קליידער האָבן זיך ווי אָנגעבלאָזן. ער האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע. אַ טראָפּן איז אַראָפּגעפאַלן אויפן פייער.

— איר זענט גערעכט, סעניאָר, דער רעגן וועט צעווייקן דאָס ציגאַרעטל. אַ שאָד, ער איז דאָך פון בלאָנדן טאַבאַק... קומט אַהער, אין גאַראַזש, דאָרטן וועלן מיר איבערוואַרטן.

— איך דאַרף היינט צוגרייטן אַ היפּש שנעפּסל, סעניאָר — האָט ער זיך געווענדט צום פּאַרוואַלטער און אַרויסגעקוקט צום שיטערן רעגנדל — היינט אין אָוונט האָבן מיר אַ יאָרצייט, און נאָך וואָס פאַראַ! איר געדענקט אים דאָך, דעם „רעוואָלוציאָנער״, דעם אָ, וואָס מען האָט גערופן „דער פעטער״. דער וואָס האָט שטענדיק געבורעט... הערשל האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן אָבער נישט אויסגעגעבן זיך.

— אויך אַ געוועזענער קאָלאָניסט? — האָט ער זיין אויפרעגונג פאַרביטן מיט נייגעריקייט.

— נאָך וואָס פאַראַ! דאָס איז אָבער געווען אַ בונטאָווטשיק פון דער מאַמעס בויך אַרויס. עקשנותדיק איז ער געווען, נישט איינצובייגן. אין דער ערשטער קריג האָט ער זיך געוואָלט אַריינשמוגלען קיין פּאַלעסטינע אונטער דעם טערקס נאָז. איז אים נישט געגאַנגען און מען האָט אים

אַרויסגעשיקט. געזאָגט האָט ער שטענדיק, דער אַלטער — „שולדיק איז די מוטער שרה, זאָל זי האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, צו וואָס האָט זי געדאַרפט איינרייסן מיט הגרן? זי האָט דאָך געדאַרפט וויסן, אַז פון דער גויע און איר תבשיט וועלן מיר האָבן צו זינגען און צו זאָגן. נו, זעט איר דאָך — אַפילו איצט שטייט ישמעאל און לאָזט נישט"... שפּעטער, ווען מען האָט אים דערציילט, אַז דער טערק איז אָפּגעטראָטן און דאָס הייליקע לאַנד איז אין די הענט פון די ענגלענדער און אַז אַ יידישער קאָמיסאַר איז דאָרט כמעט ווי אַ גובערנאַטאָר, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט: לאָזט מען אים מיטנעמען זיינע קי און פערד און די מאַשינען, וואָס געהערן צו אים, וועט ער אַרויף אויף אַ שיף און זאָגן אַ גוט יאָר דער „מומען". דאָס איז אָבער געוועזן אַן אויסרייד. ער האָט פּאַרענדיקט דאָ און טאַקע היינט אין אָוונט וועלן מיר אים דערמאָנען מיט אַן אמתן זעקס און ביינ־ציקער. אַזוי שאַרף ווי ער איז אַליין געווען...

זאַלבעדריט זענען זיי געזעסן אויף דער פייכטער באַנק אין גאַראַזש און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. אַ האַסטיקער רעגן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און געקלאַפּט אין בלעכענעם דאַך. עס האָט זיך געפילט אַ גערוך פון גומי און לייכטן ציגאַרעטן־רויך. אויף די פייכטע קליידער האָבן נאָכגעלאָזן אַ משונהדיקן ריח פון שוויס און נאַסן וואָל־געוואַנט.

— און אַז מען שמועסט שוין וועגן פערד און קי, איז דערמאָנט מען זיך... ווי זאָגט דאָרט שלום-עליכם, אַ נאַרישקייט געדענקט זיך... ווען איך האָב געדאַרפט אָפּציִען פון דאָרט, פון דער קאָלאָניע, (פאַר וואָס? נו אויך א שאלה, אייער טאַטע וועט בלייבן דאָרט?) האָט זיך אַראָפּגעיאָוועט דער זעלבער גוי, ביי וועמען איך האָב די פערד געקויפט און געבעטן זיי צוריקקויפן. ווער האָט אים דערציילט, ווען, וואָס? ער האָט, זעט אויס, אָנגעשמעקט, אַ כיטרער קריאַל. געהאַט האָט ער אַ פּאָרם פון ראַסאָווע פערד. מיט יאָרן צוריק בין איך מיט מיין זון געפאָרן איינהאַנדלען אַ פּאָר צענדליק פערד. די ערשטע, וואָס דער „מעסטראַטער" (אַדמיניסטראַטאָר) האָט געגעבן, זענען שוין געווען הויט און ביינער.

דער פאַרוואַלטער האָט אַ זייטיקן קוק געטאָן אויפן האַנטזייגער.

— איר איילט זיך? אויב אַזוי וועט עס זיין אַ צווייט מאָל...

— עס מאַכט נישט, ר' זאַנוול. דאָס איז נישט קיין פאַרלוירענע צייט. פון אייך קען מען שטענדיק עפּעס לערנען. דערציילט, דערציילט...

— זאָגט מיר נאָר, סעניאָר, זענט איר אַ מאָל געווען אין אַ קאָלאָ־ניע, כ׳מיין אויף אַ באַזוך?

דער פאַרוואַלטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז קיין מאָל נישט געווען.

— אָט אַן אומגליק — האָט זיך דער אַלטער אָנגעצונדן און די צעראַטעװעטע קליידער האָבן געריסט צוזאַמען מיט זיין כעס — אָט דאָ שטעקט דאָס אומגליק. זייט מיר מוחל, וואָס איך בין אַרויס פון דער „מעלגע״*. ווי לעבט מען דאָס אַזוי פיל יאָרן און מען זעט נישט, וואָס עס טוט זיך ביי אַנדערע יידן? דאָ שטעקט דאָס אומגליק, סעניאָר. דאָרט זענען מיר געזעסן אַליין, אַליין מיט אונדזערע פערד... די פערד זענען אַנטרונען און מיר זענען געבליבן מיטן בייטשל. אוי, אוי, טאַטע זיסער... מיינע פערד...

דער אַלטער האָט זיך צעווײנט. די טרערן זענען געגאַנגען איבער זיינע געקאַרבטע באַקן, זיך פאַרטשעפּעט אין די גרוי־אויסגעשפּראָצטע שטעכיקע האָר אויף זיין פּנים, ווי וואַסער־שטראָמען אין אַ רעגן שטויסן זיך אָן אין די קוסטעס אין פעלד. די טרערן זענען נאָך דעם אַריינגעפאַלאַסן איבער די בלויע ליפּן גלייך אינעם אָפענעם מויל.

— מיינע פערד, מיינע אָרעמע פערד! ווען איך בין געפאָרן זיי איינהאַנדלען ביים קרומען בענאַווידעס (אַ „פּאַטראָ״ האָט אים יונגערהייט אַראָפּגעשליידערט פון רוקן און אים צעבראָכן אַ קנאָכן), האָב איך מיט־גענומען מיין קליינעם זון. דאָס איז געווען נאָכן גרויסן „טעמפּאָראַל״** טויזנטער „שטיקלעך״ זענען געלעגן אויסגעלייגט אין מיטן פעלד, אין וואַסער און אין קעלט.

בענאַווידעס האָט אַראָפּגעבראַכט גרויסע סטאַדעס ווילדע פערד פון די צפון־וועלדער. ער האָט געדונגען „טראָפּעראָס״ די ווילדע פערד איינ־צומאַנסירן. מען האָט דערציילט, אַז כאָטש ער איז געווען אַ כיטרער יונג, דער בענאַווידעס, האָט ער דאָך קיין מאָל נישט אָפּגענאַרט. נישט אָפּגע־נאַרט וואָס שייך די פערד, אָבער וואָס שייך דער סעודה. או, איר מוזט עס הערן... האָט איר צייט, סעניאָרעס?

---

* מעלגע: פּאָס ערד, ווו דער אַקער גייט.

** „טעמפּאָראַל״: רעגן פון עטלעכע טעג אָן אויפהער.

— דערציילט, דערציילט — האָט אים דער פּאַרוואַלטער צוגעטראָגן נאָך אַ ציגאַרעט.

— יאָ, אַ דאַנק... בעת מיר האָבן זיך אַרומגעשלייכט איבער די „פּאַטעראַס" * און „קאַראַלן" ** און אויסגעקליבן די יונגע לאַשיקעס לויט זייַן, דעם גויס, רעקאָמענדאַציעס, האָט ער דערווייל באַפוילן צו־גרייטן אַ פעטן מיטאָג. אַזוי פירט זיך ביי זיי. מען גייט נישט אַרויס פון זיי הונגעריק און טרוקן... דאָס מאָל דווקא נישט קיין „אַסאַדאָ", נאָר אַ מין געקעכטס, אַ סאָרט זשאַרקאַיע מיט רייז. וואָס זאָל איך אייך ברייען? דער ריח פון גרויסן טאָפּ האָט געצויגן און גענאָגט אונטערן לעפּעלע. נאָך היינט פיל איך דעם טעם פון אָנגעריישטן פליש און צוגע־זשאַרעטן רייז. די ווייכע ביינדלעך האָבן געטרעשטשעט אונטער די ציין. ציין האָב איך נאָך געהאַט דעמאָלט. אויף כשרות האָבן מיר דעמאָלט נישט מקפּיד געווען. מען האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעטאָן פון אַלע מנהגים. מען איז געוואָרן פרייער. אויסער דעם — ווען דו ביסט אַ גאַסט ביי זיי, טאָר מען זיך נישט אָפּזאָגן פון כיבוד.

בקיצור, דאָס עסן איז געווען טעם גן־עדן. וואָס האָבן מיר געגעסן? דאָס האָב איך נישט געוואָגט צו פרעגן און עס איז אויך נישט אָנגענומען. לויט דער ווייכקייט פון די ביינער האָט עס אויסגעזען ווי אינדיק און אפשר אַ האָז. אָבער עס איז געווען צו דערליידן... מען האָט צוגעטרונקען ווייַן און ביים סוף ווען ער האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ הייסער ביטע־רער מאַטע, האָט דער קריאָל, אַ ביסל גוטמוטיק צוליבן פולן בויך און אַ ביסל בגילופין, אונדז פייערלעך דערקלערט:

— ווי האָט דאָס עסן געשמעקט? זייט וויסן, מיינע ליבע געסט, אין אייער כבוד וועגן האָב איך געשאָכטן די בעסטע קאַץ אין דער סביבה... ממש פוטער, ניין?

וואָס זאָל איך זאָגן? עס האָט מיך אַ טראָג געטאָן פון אָרט, ווי די נעגל פון דער קאַץ וואָלטן מיר אַ קראַץ געטאָן אין מאָגן. איך בין אַרויסגעלאָפן

---

* פּאַטעראַס" : אָפּגעצוימטע פּאַשע־פעלדער.

** „קאַראַלן" : צוימען איינצוזאַמלען קי אָדער פערד.

אין דרויסן, און נאָך מיר מיין קליינער זון, און מיר האָבן דאָרט אויסגע־בראָכן ביזן לעצטן ברעקל. כמעט די גרינע גאַל אויסגעשפּיגן...

דער גוי איז געשטאַנען פון דער ווייטנס מיט זיינע פּעאָנעס און גע־לאַכט. אפשר האָט ער נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון אַזאַ איבל־אָנפאַל און אפשר האָט עס אים פאַרוויילט. דעמאָלט האָב איך באַנומען דעם ריכטיקן פּירוש וואָס די היזיקע גיבן דעם שפּריכוועָרטל „גאָטאָ פאָר ליעברע״ ד. ה. „אָ קאָץ אַנשטאָט אַ האָז״. ווער ווייס? עס קען זיין, אַז דער יצר אָפּצונאַרן האָט אים געקיצלט די גאַנצע צייט, דווקא ביים פאַרקויפן מיר די פערד. אָבער אַזוי ווי דאָ האָט ער געמוזט זיין אָרנטלעך, האָט ער געפונען אַן אַנ־דער וועג, אַ מער פאַרוויילנדיקן, זיך אָפּצורעכענען מיטן „רוסא״. איך מיין אָבער, אַז ביי זיי איז טאַקע אָנגענומען דאָס קאָצנפלייש, ווי אַן איידעלער ביסן. אָט נעמט, נאָפּרימער, ווען זיי קאַסטרירן די אָגערס אָדער די ביק־לעך, צי איז דען ביי זיי פאַראַן אַ מער טייערער ביסן ווי די אויסגעשניטענע ביצים?

אַ שאָד, מיין פריינד, וואָס איר קענט נישט זיין היינט אין אָוונט ביים יאָרצייט. דאָס איז געווען אַן אמתער קאָזאַק אין אַ ידישער פעל, דער „פּע־טער״... און אפשר דאָך? איר האָט עמעצן דאָ, אין אַנשטאַלט?

— איך? — האָט הערשל אַ ביסל אויפגעטשוכעט זיך אַ הייב געטאָן — דערווייל נאָך נישט... — ער האָט זיך צעזעגנט אין איילעניש מיטן פאַר־וואַלטער און מיטן ייד אין דעם נאַסן צעראַטע־אָנצוג און זיך געלאָזט אַרויס־גיין פון פאַרק.

— נישט דאָרט, סעניאָר, נישט דאָרט איז דער אַרויסגאַנג פאַר אייך — האָט אים דער ייד צוגעוואָרפן — דאָרט פירט מען אַרויס, פון דעם טויער, די וואָס קענען שוין אַליין נישט גיין. פאַרנעמט זיך רעכטס... דאָרט איז דער ריכטיקער אַרויסגאַנג פאַר אייך, סעניאָר...

נייןצנטער קאַפּיטל

# די זון איז פֿאַרגאַנגען אין דרום

דער ווינט האָט לאַנגזאַם נאָכגעלאָזן און עס האָבן אַראָפּגעגנידערט די ברוינע שטויב־וואָלקנס. די הייזער און געשעפֿטן פֿון שטעטל זענען באַדעקט געוואָרן מיט אַ דינער שיכט פֿון פֿאָרעך און אָנגעוויי֯עט דעם באַקאַנטן ריח פֿונעם פּאַמפּאַ־ווינט. די נאָזלעכער זענען שוין געווינט געווען צו אָט דעם גערוך, אָבער דאָס האָט נישט אויסגעמיטן דאָס דענערווירנדיקע קיצלען און ניסן.

מיטן אויפֿשיינען פֿון דער רויטער זון האָבן די שטעטלדיקע מוניצי־פּאַל־אַרבעטער אָנגעהויבן באַשפּריצן די גאַסן, אַז דער שטויב זאָל אײַנגע־דריקט ווערן אין נישט־ברוקירטן באָדן. אַ טאַנקוואָגן, געשפּאַנט אין פֿיר פֿערד, האָט זיך געשלייכט איבער די גאַסן און דינע וואַסער־שטראָמען האָבן צוגעגלעט דעם שטויב. אַ ריח פֿון פֿייכטער ערד האָט אָנגעווייעט אין די נאָזלעכער.

די זון איז נאָך ווייט געווען פֿון פֿאַרגייען, אָבער זי איז אַרויס פֿון די אויסגערונענע שטויב־וואָלקנס כּמעט אָן שטראַלן. אַ רויטע האָט זי איצט געוואַנדערט איבערן הימל.

דאָס שטעטל איז געלעגן, ווי אַ קרומער פֿלעק, צווישן גרין־פּאַרזייטע פֿעלדער. פֿון די הייף און גאַסן־ראָגן האָט מען געזען אין דער ווייטנס די ברייטע פֿעלדער, וואָס ציִען זיך פֿון דאַנען ביז די בלויִעלעכע בערגלעך.

טאָג־איין, טאָג־אויס זענען די אויגן פֿון די באַיאָרטע קאָלאָניסטן גע־ווענדט אויף די ווייטע בערגלעך. אין צווישן ליגן די פֿעלדער פֿון דער קאָלאָניע „די זיבן פֿיילן״, פֿעלדער, וואָס געהערן נאָך צו עטלעכע פֿון זיי און פֿעלדער, וואָס זענען אַריבער אין אַנדערע הענט, יידישע און נישט־יידישע.

איצט זענען אָפּגעווישט געוואָרן די גרענעצן צווישן די דאָרפסלייט און שטעטלדיקע איינוווינער. אַן אויסמיש איז פאָרגעקומען צווישן די בײדע.

אַ מאָל איז עס אַנדערש געווען. אַ קילקייט האָט געבלאָזן אין די באַציִונגען צווישן ביידע שיכטן. אָפט איז עס דערגאַנגען ביז ביטול און אָפּענער שנאה. די שטעטלדיקע האָבן זיך באַצויגן צו די ערדאַרבעטער מיט נישט פאַרהוילטער גרינגשעצונג און די קאָלאָניסטן צו יענע — מיט חשד און קנאה.

געווען צייטן ווען דער ייִנגערער טייל פון שטעטל האָט זיך געפּרוווט דערנענטערן צו דער קאָלאָניע. דאָרט האָט זיך געפירט אַ שטאַרקע קולטור־אַרבעט: טעאַטער־גרופּן, באַלן, קעסטל־אָוונטן. יעדער גאַסט פון דער שטאָט און פון אויסלאַנד האָט געמוזט קומען אין דער קאָלאָניע, ווו די אויערן און די הערצער זענען געווען אָפן פאַר אַ יידיש וואָרט. אויך די פּאָליטישע גרופּעס האָבן זיך שאַרפער געטיילט אין דער קאָלאָניע. אָבער דערנאָך איז געקומען די ירידה און דאָס ביסל קולטור־טעטיקייט האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין שטעטל.

איצט זיצן שוין דאָרט אין שטעטל די מערסטע פון זיי. ווער עס האָלט נאָך די נחלה און פאָרט אַהין איין מאָל אין טאָג אָדער אַ פּאָר מאָל אין וואָך אויף דער סולקי אָדער מיטן שוואַרץ־לאַקירטן אויטאָ, און ווער עס האָט זיך אין גאַנצן צעזעגנט, פאַרקויפט דאָס פעלד אַ שכן אָדער אַ גוי, זיך איינגעהאַנדלט אַ חרובדיקע דירה מיט אַ סך צימערלעך און לעבט פון דירה־געלט. וואָס ער מאָנט איין ביי די אָרעמע שכנים.

די וואָס האַלטן זיך נאָך ביי די ראַנדן פון קאָלאָניע — זיי לעבן נישט מער מיטן געפיל פון אייגענער צוגעבונדנקייט צו דער ערד. אַ גויִשע משפּחה היט אָפּ דאָס פעלד, באַאַרבעט די טויזנטער העקטאַר ווייץ אָדער גערשטן, האַלט אַן אויג אויף די גרויסע סטאַדעס פי, וואָס ווערן געפירט אין די זונטיק־פעריען צו פאַרקויפן.

ווו נישט ווו האָט נאָך אַן עקשנותדיקע משפּחה נישט פאַרלאָזן דאָס פעלד. די אַ שיטערע משפּחות דערמאָנען מיט בענקשאַפט פאַרגאַנגענע טעג. הנאה צו האָבן פון אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג פון אַ יידישן יום־טוב, דאַרפן זיי פאָרן לאַנגע קילאָמעטערס אין שטעטל אַריין.

אַלץ האָט זיך איינגעזאַמלט אין שטעטל. אַהין האָט מען אַרויסגעפירט די ספר־תורהס פון קאָלאָניע־שילכל, אַהין האָט מען אַריבערגעטראָגן די

ביבליאָטעק־ביכער, און די פּאָר קינדער, וואָס לעבן נאָך אין דער קאָלאָניע, פאַרן לערנען יידיש אין שטעטל. אָבער נישט אַלע זענען גרייט צו אַזאַ מי און קרבן. שטעטלדיקע סוחרים האָבן זיך אַ נייג געטאָן צום פעלד און די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געוואָלט אין גאַנצן זיך פריי מאַכן פונעם באָדן, האָבן זיי פאַרקויפט זייער ערד און צענדליקער שטעטלדיקע זענען געוואָרן גרויסע ערד־אייגנטימער. מען האָט געדונגען גויִישע פּעאָנעס צו באַאַרבעטן די טויזנטער העקטאַר, אָדער זיך איינגעשאַפט ריזיקע סטאַדעס פון קי.

אַזוי זענען פאַרשווונדן די אַמאָליקע גרענעצן. יידן האָבן געלעבט פון דער פרוכט פון דער ערד, יידן פון שטעטל און יידן וואָס האָבן אַ מאָל געלעבט אויפן באָדן. אָבער איצט איז דער ריח און די וואַרעמקייט פון דער ערד זיי פרעמד. געבליבן איז נאָר דער שטילער בליק, וואָס רייסט זיך דורך די שטעטלדיקע געסלעך אַרויס צום אומענדלעכן האָריזאָנט.

דאָס שטעטל האָט אָפּגעאָטעמט נאָכן אָפּשפּריצן דעם שטויב פון די וועגן. אויסגעלייטערט די לופט, האָט מען אויפגעהערט צו באַקלאָגן זיך און צו רייבן די אויגן פון עסנדיקן שטויב.

ביים פּראָנט פון קאָאָפּעראַטיוו האָבן זיך געזאַמלט גרופּקעס אַלטע און מיטליאָריקע לייט, אַ געמישטער עולם פון אַמאָליקע קאָלאָניסטן און שטעטלדיקע, וואָס רייבן זיך אַרום געדונגענע אָדער געקויפטע פעלדער. אַ מאָל, מיט יאָרן צוריק, זענען דאָ געשטאַנען צוגעבונדענע פערד, געשפּאַנטע אין וועגעלעך און סולקיס. אַרום זיי האָט עס געררויעט מיט קאָלאָניסטן, וואָס פלעגן אין די מאָנטיקס און דאָנערשטיקס זיך צוזאַמענקלייבן אויף עטלעכע שעה, איינגעקויפט, זיך דורכגעשמועסט און פאַרנאַכט־צו געלאָזט זיך אַהיים דורך די שטויביקע וועגן. איצט שטייט ערגעץ ווו אַ געשפּאַנטע סולקי ביי דער זייט פון אַ פאַרשטויבטן פאָרד. דער שמועס איז אָבער לעבעדיק ווי אַ מאָל.

— געהערט, יידן? מען זאָגט, אַז היינט האָט זיך אַהערגעיאָוועט אַ גאַסט...

— עפּעס יאָ געהערט... ווער קען דאָס זיין?

— אַ פרוי. אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן. מען זאָגט, אַז פון אונדזערע מקומות...

— טאָ ווער קען דאָס זיין? — האָבן אַלטע לייט מיט חידוש געשאָקלט די גרויע קעפּ.

— אַ פּרוי? וואָס האָט דאָ צו טאָן אַ פּרוי אַליין דאָ ביי אונדז?

— יאָ, זאָגט מיר, זייט מוחל... ווו איז זי איצט, די פּרוי?

אין טיר פון קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך באַוויזן אַן אָנגעשטעלטער, גלאַט פאַרקעמט און מיט אַ קאָלירטן בליישטיפט הינטערן אויער. ער האָט לייכט אַ שאַר געטאָן די קוטשמע בלאָנדע האָר און זיך צוגעהערט צום שמועס פון די יידן אין רעדל. עטלעכע זענען געזעסן אָנגעלענט אויף סענקעוואַטע שטעקנס און צוגעלייגט די דלאָניע צום אויער, ווי מורא האָבנדיק צו פאַר־לירן אַ וואָרט פונעם שמועס.

— די פּרוי, סעניאָרעס, איז געקומען אַהער פון אַ ווייטן דרום־פּאָרט. זי איז דאָ געווען אין דער פרי און גֿעשמועסט מיטן „כערענטע" (פּאַרוואַל־טער) פון קאָאָפּעראַטיוו. אין דרויסן האָט אויף איר געוואַרט אַ מאַן, אַ טיפּ פון אַ ריכטיקן גאַוטש, אָבער, זעט אויס, שוין אַ שטאָטישער, — דער אָנגעשטעלטער האָט זיין אינפאָרמאַציע דורכזיפּט שנעל, ווי דער שטייגער פון אַ יונגן, וואָס דערציילט פאַר אַלטע־לייט.

— און ווו איז זי איצט, די פּרוי? — האָט ווער געפרעגט — און ווער איז זי?

דער יונגער אָנגעשטעלטער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי עמעצער וואָס קלייבט זיך אויסצוזאָגן אַ סוד:

— גֿעהערט האָב איך... זי איז צו פוס אַוועק איבער די וועגן... נאָך איידער דער שטויב האָט זיך איינגעשטילט. זי איז אַוועק אַהין, צו „די זיבן פיילן"...

— טאַקע? ווער קען דאָס זיין? אפשר האָסטו גֿעהערט, בחורל?

— געהערט, געהערט... מען זאָגט, אַז דאָס איז פון ניאָמע ליפּמאַן ע"ה... די אָ, די, וואָס איז אַ מאָל אַוועק מיט אַ גוי... אַזוי האָט מען דערציילט...

— ריכטיק, ריכטיק — האָבן די אַלטע לייט צוגעשאָקלט מיט די גרויע קעפּ.

— אויף קבר־אָבות אַראָפּגעקומען — האָט ווער צוגעוואָרפן.

די אַלטע־לייט האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— זיך געהאַלטן מיטן שייגעץ ביז אַהער... אָוואַ! זיך געעלטערט מיטן גוי...

די אַלטע־לייט האָבן איבערגעהאַקט דעם שמועס און געווענדט זייערע בליקן צום אויסגאַנג פון דער גאַס, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין דער

ברייטקייט פון די פעלדער. דורך אָט דער גאַס האָט מיט אַ פּאָר שעה צוריק אַרויסגעשפּאַנט די טאָכטער פון ר׳ ניאָמע ליפּמאַן, דער „אַדעלאַנטאַדאָ“ פון דער קאָלאָניע. זי איז אַרויס צו פוס אויפן ברייטן שליאַך, דורך גרינע פעלדער, צו זען פון דער נאָענט דאָס פאַרלאָזענע פעלד פון איר פאַרשטאָרבענעם פאָטער.

מירעלע איז שוין זיכער אַ מיטליאָריקע פרוי, אָבער אין זכרון פון די אַלטע איז זי שטענדיק געבליבן דאָס בלאָנדע מיידל מיטן ווייץ־קאָלירן צעפּל איבערן שמאָלן נאַקן.

אין די אַלטע מוחות האָבן זיך געראַנצלט אָפּגעריסענע שטיקער זכרונות. די פאַרשטעלונג־קראַפט האָט אַרויסגעבראַכט טרייסלדיקע מטושטשדיקע בילדער. אָבער פון אַלע האָט זיך אַרויסגעשיילט דאָס בילד פון מירעלע איבער די שטויביקע וועגן, אַ שפּאַנענדיקע צווישן די שאָטנס פון עבר.

*

נאָכן אויסוועפּן זיך פון שטויב האָט אַ העלע נאָכגעלאָזנקייט זיך צעלייגט איבער די פעלדער. דאָס געפּיפּ פון די נאָכמיטאָג־ווינטן האָט זיך איינגעשטילט און איבערגעלאָזן אין רוים אַ לייכטן אומעט.

אין ווייטן האָבן האָריזאָנט האָבן שטיקער וואָלקנס, ווי שטייפע נעגל, געשליפן אויף די בערגלעך בלוילעכע צונגען. ביימער־פלעקן האָבן אָנגעוווּנקען וועגן דער עקזיסטענץ פון צעשפּרייטע ישובים, אָדער דעם זכר פון אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַ מאָל געטוליעט צווישן די גראָדליניקע וועגן און צעקאָרבטע לאָנקעס. איבער אַלעמען האָט זיך ווי שטענדיק, ווי אַ הונדערט־יאָריקער מאָנומענט פון כוח און אויסדויער, געטורעמט דער רויטלעכער דאַך פון דער עסטאַנסיע פון דאָן אורעליאָ. דער דאַך האָט שוין אָנגעוווירן זיין אַמאָליקע שאַרפע רויטלעכקייט און האָט זיך באַדעקט מיטן שימל פון די לאַנגע ווינטער־הדשים. אין דער מוטנער לאַגונאַ זענען אָנגעלאָפן די שטראָמיקע רעגן־וואַסערן.

צוויי געשטאַלטן זענען אויסגעשטיגן פון אַ פאַרשטויבטן אויטאָ. דער שאָפער איז געבליבן אינעווייניק און פאַררויכערט אַ ציגאַרעט.

צוויי געשטאַלטן, אַ מאַן און אַ פרוי זענען אַ שטיקל וועג געגאַנגען

צוזאַמען. זיי האָבן געשפּאַנט איבער אַ פּאַרזייטן אויסגעגליטן ווייץ־פעלד. דינע נאָדל־שפּראָצונגען האָבן צוגעדעקט די גרויע ערד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו שיילן מיטן אויסטריקענען זיך פון דער אייבערשטער שיכט. די ווייכע שפּראָצן האָבן געלעכצט נאָך נייעם רעגן.

זיי זענען געגאַנגען עטלעכע הונדערט מעטער ביים ראַנד פון פעלד און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. אין אָנהייב האָט דער מאַן, אַ ברייט־פּלייציקער און טונקל־הויטיקער, צוגעהאַלטן די האַנט פון דער פרוי. אָבער מיטן דערנענטערן זיך צו אַ פּונקט, ווו עס האָבן זיך געקרייצט עטלעכע סטעזשקעס, האָט די פרוי אַרויסגעצויגן איר האַנט און האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט מער פלינקקייט פאָרויס. זי האָט אַ מינוט זיך אָפּגעשטעלט, און זעענדיק, אַז דער מאַן איז געבליבן הינטערשטעליק, האָט זי צו אים אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט און זיך דערווייטערט, געגאַנגען פאָרויס.

ווען דער מאַן האָט זיך פאַרנומען אויף אַ זייטיקער סטעזשקע און אָנגעהויבן צו שפּאַנען מיט פאַרשנעלערטע טריט, האָט זיך מירעלע ווידער אָפּגעשטעלט. געזען איר מאַן דערווייטערן זיך, האָט זי כמעט אויטאָמאַטיש זיך צוריקגעקערט צום פּלאַץ, ווו די וועגן האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט. דער פּלאַץ האָט אין איר אויפגעוועקט אַ כוואַליע פון לאַנג פאַרשוווּנדענע בילדער און זכרונות. ווען איז דאָס געווען? דאָ, ביים קרייצוועג, האָט זי דעמאָלט, אין קילן האַרבסט־פרימאָרגן, געטראָפן זיך מיט איר דעמאָלט־דיקן געליבטן טיטאָ, דעם זון פון אַלטן פּאַטריאַרכאַלן גאַוטש. פון דאַנען האָבן זיי בײדע זיך אָפּגעריסן פון זייערע היימען, און צוזאַמען זיך אַוועק־געלאָזט בויען זייער לעבן אין ווייטן דרום־פּאַרט פון דער רעפּובליק.

דעמאָלט איז די קאָלאָניע געגאַנגען אויף רעדלעך און אין שטוב האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ טריבע כמורנעקייט, אָבער טיטאָ האָט געהאַלטן די גיי־טאַרע צווישן זיינע פינגער און מיט זיינע דיקע ליפּן האָט ער אויסגעזונגען זיינע „פּאַזשאַדאַס״.* די גראַמען זענען געפלויגן אויף די לייכטע מעלאָ־דיעס. שרייבן האָט ער נישט געקענט, און אויך נישט לייענען. דער פאָטער האָט זיך קעגנגעשטעלט, אַז די קינדער זאָלן זיך בילדן און זיך אָנשטעקן מיט דעם בייז.

זי האָט אים געלערנט דעם שפּאַנישן אלף־בית. נאָך יעדער לעקציע

* אימפּראָוויזירטע לידער.

פלעגט ער זיך זעצן אויפֿן שוועל, אַראָפּדריקן די שוואַרצע קוטשמע אין דער גיטאַרע ווי צו פֿאַרטיפֿן זיך אין אַ שווערער לעבנס־פֿראַגע און אויס־זינגען פֿאַר איר זײַנע לידער. אָפֿט פֿלעגט ער לאַכן מיט זײַנע פֿולע ליפּן און ווײַזן די עטוואָס פֿאַרגעלטע ציין: „דו מירעלע, דו גרינגאַ, לערנסט דעם זון פֿון דער פּאַמפּאַ די שפּאַנישע שפּראַך"...

איצט האָט זיך עס געענדערט. וואָס אַן אמת, איז ער געבליבן אַ פֿאַרט־אַרבעטער, אָבער געמאַכט האָט ער אַ שטיקל פֿאָרשריט אין זײַן בילדונג. ער לייענט פּליסיק, ער שרײַבט אַליין לידער און פֿאַרפֿאַסט די קאָמפּאָזי־ציעס. ער טרעט אָפֿט אַרויס מיט זײַנע אימפּראָוויזאַציעס אין גרויסע קאַפֿע־הײַזער אָדער קלובן. פּיעסטאָס ווערן באַשײַנט מיט זײַן גיטאַרע־שפּיל און סובטעלע מעלאָדיעס.

טיטאָ שפּאַנט איצט אין דער ריכטונג פֿון קליינעם בערגל, ווו אַ גרופּקע קוסטעס האַלטן אין זייערע צווײַגן עפּעס, וואָס איז טײַער פֿאַר די קומענדיקע דורות. דאָרט רוען אין זייער אייביקן שלאָף זײַנע עלטערן: די יונג־פֿאַרשטאָרבענע מוטער, די ווײַסהויטיקע פּרוי, וואָס איז אַוועק מיט איר פּרימיטיוון אויסדערווילטן אין דער איינזאַמער ראַנטשאָ אין פֿעלד. לעבן איר האָט זיך אײַנגעגנורעט, מיט יאָרן שפּעטער, דער נאָבעלער גאַוטש פֿון דער סביבה, דער לעצטער פֿון דער קאַסטראָ־משפּחה, וואָס האָט אָפּגע־היט די טראַדיציע פֿון זײַן שטאַט — צו לעבן אין פֿרײַען פֿעלד און פֿאַשען די פּי און פֿערד, ווי אין יענע אַלטע צײַטן נאָכן אָפּציִען פֿון די אינדיאַנער קעמפֿער אין דער געגנט.

אַ רגע נאָר האָט מירעלע אים פֿאַרלאָרן פֿון אויג. טיטאָ האָט אַראָפּ־געניִדערט אין אַ שמאָלן טאָל און ווידער זיך באַוויזן אויף אַ שטעגל בײַ אַ דראָטענעם צוים. איצט איז ער פֿאַרבײַ דעם גרויסן „אָמבו"־בוים, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ מאָנומענט, וואָס לאָזט זיך נישט צעשטערן פֿון דער צײַט און פֿון וועטער־ענדערונגען. אונטער זײַנע גרויסע צווײַגן, אין שאָטן פֿון זײַן צעשפּרייטקייט, איז עטלעכע דורות געשטאַנען די קליינע כאַטע פֿון דער קאַסטראָ־דינאַסטיע. דאָס איז געווען ווי אַן אָנרויז־סטאַנציע אין וועג, ווו דורכגייער און אורחים פֿלעגן באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ און אַ הייסע מאַטע צו דערקוויקן דעם פֿאַרמאַטערטן גוף. שפּעטער איז געקומען אַ פֿרעמדער שטראָם, וואָס האָט זיך מער נישט גערעכנט מיט אַלטע געוווינ־הייטן און האָט אָפּגעווישט דעם גלאַנץ פֿון דער אַלטער טראַדיציע. נאָר

דער „אַמבו" האָט זיך נישט געלאָזן מיטרייסן. זיינע וואָרצלען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער טיפעניש פון דער מאַמע־ערד, געלאָזן די שטורעמס זיך איבערקוילערן אויף זיין ריזן־קאָפּ און געבליבן שטיין ווי אַן עדות פאַר אַלע צייטן. טיטאַ איז שוין פאַרביי דעם בוים, און איצט קלעטערט ער צום קליינעם בערגל, וווּ די גרופּקע דערנער־קוסטעס מיניעט זיך ווי אַ ווייכער פלעק אין דער גרויער סביבה.

איצט האָט מירעלע אויפגעבונדן איר בליק, געפילט זיך פרייער צו גיין און צו באַטראַכטן די סביבה. דער טראָט איז געווען ווי אַ גיין נאָך אַ לוויה, אָבער איר בליק איז געווען פול מיט יוגנטלעכער פרישקייט, צע־עפנט, ווי איינצוזאַפּן אויף לאַנגע יאָרן די פּייזאַזשן וואָס האָבן געלעבט אין איר בלוט:

אָפּגעריסענע פלעקן פון עוקאַליפּטוס־ און טאַמאַריסקן־ביימער האָבן געוויזן אויף צעוואָרפענע ישובים. זי האָט נאָך געדענקט יעדן פלעק און װער דאָרט איז געזעסן. ווער ווייס, וואָס עס באַהאַלט זיך אונטער דעם גע־דיכטן צודעק פוןביימער־געפלעכט? אפשר נאָך אַן עקשנותדיקער יידישער קאָלאָניסט, וואָס קלאַמערט זיך מיט די נעגל אינעם באָדן? אפשר אַן איינ־געוואָלגערטע חורבה? די דיסטאַנץ איז גנעדיק און לאָזט פלאַץ פאַר אילוזיעס. מיט אַ פּאָר מינוט צוריק, פאַרן אויסשטייגן ביים קרייצוועג, האָט זי איבער־געלעבט מאָמענטן פון צער און בושה. זיי זענען פאַרביי דעם צענטער פון דער קאָלאָניע. אַ מאָל איז דאָרט געווען דער זאַמלפּלאַץ פאַר אַלע וויכטיקע אונטערנעמונגען. ביידע שולעס, דער שיל־בנין, דער זאַל פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען, די „קרעמעריע".* דער ענגענדיקער גלאָק פון דער שפּאַ־נישער שולע האָט עדות געזאָגט, אַז נאָך איצט זענען פאַראַן סימנים פון לעבן. איצט איז אָנהייב האַרבסט און די וואַקאַציעס ציִען זיך נאָך, אָבער דורכן פענצטער האָט מען געקענט זען די שולע־בענק, וואָס וואַרטן אויף די קינדער, וואָס וועלן אָנפליִען און איינגעמען די ליידיקע בענק. דער עטוואָס אָפּגעלייגטער בנין פון דער קעז־פאַבריק האָט אַרויסגעגעבן אַ דינעם רויך פון שוואַרצן קוימען. עס האָבן זיך געפילט ריחות פון זויערער מילך און פון חזירים־שטאַלן, וואָס האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון דאָרט. דער צו־גאַנג צום שילכל און דער יידישער שולע איז געווען פאַרדעקט מיט דער־

* קעז־ און סמעטענע־פאַבריק.

נער, און די סטעזשקע — אָפּגעווישט פון מענטשלעכן אויג. דער פּגר פון אַ האַלב־צעגעסענעם פערד האָט פאַרסמט די לופט. מירעלע האָט אַפילו נישט געקענט אויסשטייגן פון אויטאָ אַ קוק צו טאָן אינעם זאַל, ווו איר שוועסטער רוזשקעלע פלעג שפּילן טעאַטער און איר שוואָגער נחום זיג־לער דער דעמאָלטדיקער לערער פלעג רעזשיסירן די פּיעסן.

זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך ביים דראָטענעם צוים און אומזיכער באַ־טראַכט דעם אַרום. די שטעגלעך צווישן די פעלדער האָבן זיך געענדערט און צעמישט איר פריִערדיקע פאָרשטעלונג. דער, וואָס האָט אָפּגעקויפט דאָס פעלד, האָט, זעט אויס, צעוואַלגערט די אַלטע פאַרצוימונגען און פאַר־אַקערט די אויסגעטראָטענע שטעגלעך. נייע זענען אויסגעטראָטן געוואָרן און זיי פירן צו אַנדערע צילן. שטיבער פון נאָענטע זענען פאַרשוווּנדן און געבליבן זענען בלויז גרופּקעס ביימער. צי איז אַזאַ גרופּקע אויך דער זכר פון טאַטנס הויף? עטלעכע הונדערט מעטער ווייטער האָט זיך געדרייט אַ וואַסערמיל און הינט האָבן געבילט אויף אַ סטאַדע קי, וואָס קערט זיך אום פון פעלד. ווער האָט דאָרט געוווינט? דאָס אַנשטרענגען דעם זכרון האָט איר נישט געהאָלפן. זי האָט גוט געקענט אַלע שכנים זייערע, און דאָך האָט זי איצט נישט געוווּסט ווי אַזוי זיך פונאַנדערקלייבן און אויסצוטיילן דעם פּלאַץ פון זייער אַמאָליקער היים. די פעלדער אַרום זענען אויפגעאַקערט און גרינע באַדלען זענען אויפגעגאַנגען אין סימעטרישע רייען, געביטן זייער גרין מיטן מאַרשרוט פון דער זון. די זון איז איצט געווען אַליין אין פעלד, אַ רויטלעכע, און כמעט איינגעהאַלטן איר גאַנג ווי נאָכצופּאָלגן דער מיטליאַריקער פּרוי, וואָס בלאָנדזשעט אויף אָפענע פעלדער.

מירעלע האָט פּלוצלינג אַ ציטער געטאָן. אויף צוויי צוזאַמענגעדריקטע שטעכיקע קוסטעס, וואָס האָבן געבליט מיט אַ געלבלעך־האַריקן אויסשיט, איז געשטאַנען אַ ראַבע סאָווע און זיך שרעקלעך צעשריגן ווי אויסצוזאָגן דאָס אָנקומען פון אַ פרעמדן וואַנדערער. די אויגן פון דער סאָווע זענען געווען אויפגעריסן טראָץ דעם, וואָס זיי זענען נישט אין טאָגליכט. די סאָווע איז געשטאַנען אויפן שפּיץ פון אַ צווייג און געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע ריכטונגען. בעת דער גוף איז געשטאַנען מאַסיוו. פון אַלע פייגל אין דער סביבה איז די סאָווע געווען די וויניק באַליבטע צווישן די איינוווינער און איר שטענדיק רייסן זיך מיט באַנומענע קולות אין דער נאַכט אַריין האָט צוגענומען די רו פון די דאָרפסלייט.

אָבער נישט דער נאַכטפֿויגל האָט דערשיטערט די פֿאַרווירטע פֿרוי, נישט איר ווילדער אויסגעשריי און נישט איר בליק פֿון אומצוטרוי. דער פֿויגל איז געשטאַנען אויף די קוסטעס, וואָס האָבן איר דערמאָנט די אַמאָ־ליקע ליבע־טעג מיט טיטאָן. נאָך דעם ווי די עלטערן אירע האָבן זיך דערוווּסט וועגן אירע באַציִונגען מיטן שייגעץ, האָט זיין פֿוס מער נישט גע־טראָט באַטרעטן זייער שוועל. אין די פֿאַרנאַכטן פֿלעגט טיטאָ קומען פֿאַר־באַהאַלטן זיך אונטער אָט די זעלבע קוסטעס און דערוואַרטן איר קומען.

פֿון דאַנעט האָט מען געקענט זען אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אין הויף און אַליין נישט ווערן געזען. דאָ פֿלעגן זיי לאַנגע שעהען פֿאַרברענגען אין שטילקייט.

איצט האָט מירעלע כמעט מיט פֿרייד זיך אַ טראָג געטאָן אין דער ריכטונג פֿון די צוויי איינגעפֿלאָכטענע קוסטעס. זי איז געווען אַזוי זיכער אין איר אויסוואַל, אַז ביים גרייכן די שטעכיקע צווייגן האָט זי זיך אַרונ־טערגעלאָזן און מיט דער אינטויִציע פֿון אַ חיה גענומען גראַבלען און אָפּשאַרן אַ דיקע שיכט ערד, וואָס איז באַדעקט געוואָרן מיט אַן אויסמיש פֿון פֿוילע בלעטער. כאָטש זי האָט געזוכט עפּעס אויפֿצודעקן, האָט דער גערוך פֿון שאַרפֿן פֿרוכטבאַרן באָדן איר פֿאַרהאַקט דעם אָטעם. צענדליקער יאָרן, ווי איר נאָז האָט נישט אויפֿגענומען אַזאַ כוואַליע פֿון דאַרפֿישע ריחות. זי איז געווען פֿאַרשיכורט פֿון אַראָמאַט און פֿון דער זון, וואָס איז פֿלוצלינג אויסגעוואַקסן צווישן די דערנער און געוואַרעמט איר געזיכט. איר אומעט האָט זיך איבערגעקאָכט אין אַ נישט־פֿאַרשטענדלעכער פֿרייד.

אירע פֿינגער האָבן אויסגעגראָבן אַ פֿלאַכן שטיין, אויף וועלכן זיי פֿלעגן זיצן אין די אָוונטן מיט צוזאַמענגעפֿלאָכטענע הענט און געקוקט אין די טיפֿענישן פֿון אויסגעשטערנטן הימל. דאָרט זענען זיי ווייט געווען פֿון דער רכילות פֿון מענטשנס מיילער, פֿון דעם שטילן צאַרן פֿון מירעלעס עלטערן.

דעם שטיין האָבן זיי צוגעדעקט מיט אַ דינעם שיכט באָדן אין יענעם לעצטן אָוונט, ביים געזעגענען זיך פֿונעם בערגל און פֿון די שטעכיקע קוסטעס. צו מאָרגנס האָבן זיי צוזאַמען פֿאַרלאָזט די קאָלאָניע. מירעלע איז פֿאַר טאָג אַרויס פֿון שטוב, און טיטאָ האָט איבערגעלאָזן די ראַנטשאָ פֿון דעם שטאָלצן גאַוטש.

איצט איז מירעלע געזעסן אויפן שטיין און געקענט מיט מער לייכט־קייט באַשטימען דעם פּלאַץ, ווו עס איז געשטאַנען דער הויף מיט דער באַ־לעבאַטישקייט. פון אַלץ איז נאָר געבליבן אַ גרופּקע עוקאַליפּטוס־ און טאַמאַריסקן־ביימער. אָבער מירעלע האָט אויסגעפילט מיט איר בליק אַלע בלויזן צווישן די ביימער. איצט איז זי געווען ווי אַ מייסטער, וואָס שטעלט צונויף אויפן לייוונט דעם בונד פון קאָלירן און פון באַוועגונג. אַלץ האָט זי אויפגעבויט אין איר פאַרשטעלונג: די שטוב, וואָס איז געווען און איז שוין נישטאָ. דעם ברונעם און דעם הענגענדיקן עמער, די אַרומיקע פולע קאַריטעס וואַסער, וואָס גיסן זיך איבער, די קורניקעס, די אָנגעשטעלטע מאַשינעס. און וואָס עס פאַרשיכורט איר האַרץ מער פון אַלץ, איז דער דינער רויך, וואָס קרייזלט זיך פון שוואַרצן קוימען. אַ סימן, אַז היינט איז דאָנערשטיק, און די מאַמע הייצט דעם אויוון אויסצובאַקן דאָס ברויט און בלעכן קיכלעך אויף אַ פולער וואָך. זי קען שווערן, אַז די לופט איז איצט פול מיטן גערוך פון אויסגעברענטן קיזיק און דער פלאַם וואַרעמט איר פּנים...

זי ווייסט, אַז די אַלטע ליימענע פּליטקע איז שוין לאַנג צעוואַלגערט און מען האָט אַריינגעפירט אין שטוב די אייזערנע „עקאָנאָמישע קיך”, וואָס מען הייצט אין מיט האָלץ־קלעצלעך. ווו זענען אָבער אַהינגעקומען די ווענט פון דער ברייטער קיך? דער דינער ביינערדיקער קערפּער פון דער מאַמען וויגט זיך, ווי געשאָקלט פון נאָכמיטאָג־ווינט. אָדער אפשר לייענט זי די אַמעריקאַנער ראָמאַנען־זשורנאַלן? צו דין זעט אויס דער סילועט פון דער מאַמען. פאַר וואָס זיצט זי אַליין? פאַר וואָס האָט מען דער מאַמען איבערגעלאָזן אַליין? פאַר וואָס האָט מען צוגענומען דעם דאַך פון איבערן קאָפּ און זי זיצט אַליין, אויסגעשטעלט צו די ווינטן און צו דער פינצטער־ניש, וואָס וועט זיך באַלד אָנרוקן אין פעלד?

איצט ווייסט זי שוין פאַר וואָס די מאַמע איז אַליין. דער טאַטע איז געשטאָרבן ווייט פון דאַנען, אין מושב־זקנים. די ברידער און שוועסטער זענען ווייט פון דאַנען, יעדער אין אַן אַנדער טייל פון דער וועלט: הערשל אין ישראל, שלום אין בירא־בידזשאַן, רוזשקעלע אין דער גרויסער שטאָט און מאיר אין די קאָרדאָווער בערג. נאָר דער מאַמען האָט מען איבערגעלאָזן אַליין. דערפאַר זיצט זי ביים פייער און וואַרעמט זיך אין איר עלנטקייט. באַלד וועט זיך אָנרוקן די נאַכט און קיינער וועט קיינעם נישט זען מער, און

זי, מירעלע, וועט זיך אומקערן אין ווייטן דרום־פּאָרט. דער מאַמען וועט זי נישט זען.

מירעלע האָט זיך אָנגעבויגן, שנעל־שנעל געדראַפּעט מיט אירע קאַל־טע פינגער אין דער פּוכקער ערד און צוגעשאָטן דעם שטיין. נאָך דעם האָט זי דערפילט אַ דערלייכטערונג נישט בלויז אין די גלידער, נאָר אויך אַרום איר האַלדז. זי האָט האַסטיק אַ טאַפּ געטאָן מיט דער האַנט און דאָס האַרץ האָט זיך איר כמעט ווי אָפּגעשטעלט.

עס האָט איר געפעלט דאָס גאָלדענע קייטעלע מיטן גרויסן מגן־דוד, וואָס האָט כמעט צוגעדעקט איר ברוסט. דאָס קייטל מיטן ידישן סימבאָל האָט איר געשאָנקען איר גוייִשער מאַן, טיטאָ. ער האָט עס איר געבראַכט אַ מתנה פון אַ רייזע, וואָס ער האָט אַ מאָל געמאַכט אין דער הויפּטשטאָט, וווּ ער האָט געזוכגען אויף אַ רעגיאָנאַלן פעסטיוואַל. ער האָט דעמאָלט שפּאַ־צירט אין ידישע פערטל און אין אַ שויפענצטער געזען דעם גרויסן גאָל־דענעם מגן־דוד. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ טייערער ידישער סימבאָל. זי האָט די מתנה גענומען פון זיינע הענט מיט טרערן אין די אויגן, טרערן פון דאַנקבאַרקייט און דערשיטערונג.

איצט האָט זי די מתנה פאַרלוירן. איר בליק האָט זיך איינגעשניטן אין די שטעכיקע צווייגן און אין דער צעראָיעטער ערד. די פינגער האָבן ציטערדיק געגראַבלט און דער בליק האָט זיך געשניטן ווי אַ שאַרפע שווערד. די אָפּגעשוואַכטע זון־שטראַלן האָבן באַגילדט דעם באָדן און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אַלץ איז איצט צעגאָסן געוואָרן פון איר גאָלדע־נער מתנה — די ערד און די דערנער־צווייגן, די אַרויסגעשטאַרצטע ווייצן־שפּראָצונגען און דער בלוילעכער האָריזאָנט — אַלץ רינט און פליסט פון צעגליטן גאָלד, וואָס איז נישט מער ווי דער לעצטער אָנדענק פון איר ידיש בלוט.

— מאַמע, מאַמע!" — זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פונעם אָרט און גע־נומען לויפן אין דער ריכטונג פון דיביימער. „מאַמע!", האָט דער עכאָ איר אָפּגעענטפערט ווי אַ באַוויז, אַז דאָס געשריי איז ערגעץ אָנגעקומען. זי האָט זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט און שווער געאָטעמט. נאָך דעם האָט זי מיט מער אימפּעט זיך אַ לאָז געטאָן צווישן די ביימער. אַ לייכט ווינטל האָט אָנגעווייעט, און צו אירע אויערן האָבן זיך דערטראָגן מאָדנע שוואַכע קולות, ווי פון וואָרקנדיקע טויבן, וואָס שפּילן זיך אויף די שפּיצן פון די ביימער.

„מאַמע!״, האָט זי איצט שטיל געשעפּטשעט. אירע אויגן האָבן געקוקט אין אַלע זייטן, ווי צו זוכן דעם זכר פון דער זעונג, וואָס איז לעבעדיק געשטאַנען פאַר אירע אויגן ווען זי איז געזעסן אויפן בערגל.

צווישן דיביימער איז געלעגן אַ בינטל צונויפגעדריקטע אייזנס. דאָס איז געווען זייער אַמאָליקע אײַזערנע קיך, וואָס איז דאָ פאַרבליבן און איז, זעט אויס, יעדעס יאָר געשליידערט געוואָרן דורכן אַקראַייזן פון אָרט צו אָרט. זי איז איצט געווען ענלעך צו אַ סקעלעט פון אַ בהמה, וואָס פעלד־חיות שלעפּן אָן אויפהער. בלויז די פיס זענען געווען גאַנץ, און דאָס טירל אָפן, ווי אויפצוכאַפּן די שטיקלעך האָלץ. מירעלע איז צוגעפאַלן צום אַלטן הפּך, געגלעט דאָס קאַלטע פאַרזשאַווערטע אייזן און צוגעלייגט די פינגער צום איוועלע, ווי צו ווערן זיך אַנוואַרעמען.

הונדערטער פייגל האָבן געצוויטשערט צווישן די ביימער. דאָס פאַרנאַכטיקע ווינטל האָט זיך געשטאַרקט און אַרייַנגעבלאָזן אַ הייזעריקן ניגון צווישן די אייזן־רעשטן. מירעלען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס סיקעט דער טשייניק אין דער גרויסער קיך. באַלד וועט די משפּחה זיך אויסזעצן אַרום טיש און די הייסע מאַטע וועט אומגיין פון מויל צו מויל...

דער אָוונט האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון די פעלדער, ווי אַ כמאַרע, און זיך דערנענטערט. די זון האָט מיט אַ מאָל זיך אַראָפּגעלאָזן צווישן די בלוילעכע בערגלעך און פאַרשוווּנדן. ווען מירעלע האָט זיך געלאָזן אין דער ריכטונג וווּ טיטאָ איז אַוועק, האָט זיך איר געדוכט, אַז די זון איז נישט פאַרגאַנגען היינט ווי אַלע מאָל — עמעצער האָט זי אַ שטויס געטאָן, און זי איז פאַרגאַנגען אין דרום־זייט.

# אינהאַלט


| | | זייט |
| --- | --- | --- |
| אַריינפיר פון פראָפ. אַריה טאַרטאַקאָווער | | 5 |
| ערשטער קאַפּיטל : | אַ בלאַט אין פרעמדן גאָרטן | 11 |
| צווייטער קאַפּיטל : | ביי אונדז איז אָרעם, אָבער וואַרעם | 20 |
| דריטער קאַפּיטל : | די שוואַלב מיטן צילינדער | 35 |
| פערטער קאַפּיטל : | דורך אַ שפּאַרונע אין דרויסן | 48 |
| פינפטער קאַפּיטל : | אין הויף פון דער זומפּן־גאַס | 66 |
| זעקסטער קאַפּיטל : | פאַמיליע מאַרטשעווסקי | 95 |
| זיבעטער קאַפּיטל : | די געדאַנקען־וועלט פון אַבעלע אַקערמאַן | 116 |
| אַכטער קאַפּיטל : | די ערד איז נאָכגעביק | 139 |
| ניינטער קאַפּיטל : | דאָס שטעטל וואַקסט — אויף וועמענס חשבון ? | 157 |
| צענטער קאַפּיטל : | דריי איבער איינעם | 164 |
| עלפטער קאַפּיטל : | אויף נייע וועגן | 176 |
| צוועלפטער קאַפּיטל : | די נשמה פון אַ ניגון | 192 |
| דרייצנטער קאַפּיטל : | דער צוזאַמענשטויס | 202 |
| פערצנטער קאַפּיטל : | איבערברוך | 210 |
| פופצנטער קאַפּיטל : | צוריק אין אייגענער שאָלעכץ | 219 |
| זעכצנטער קאַפּיטל : | אויף נידעריקע טענער | 227 |
| זיבעצנטער קאַפּיטל : | ווי אויסגעמישטע קאָרטן | 241 |
| אַכצנטער קאַפּיטל : | צווישן צוויי טויערן | 260 |
| ניינצנטער קאַפּיטל : | די זון איז פאַרגאַנגען אין דרום | 274 |